ברוך שפּינאָזע

דער וועג צו אַ פולער און צופרידענער לעבן

# די עטיק

איבערגעזעצט פון לאַטייניש
און צונויפגעשטעלט מיט אַן
אַרײַנפיר פון שמואל ווינער

פאַרלאַג
י.ל. פּרץ
ישראל

1963

# BARUCH SPINOZA

The road to a fuller and a more contented life

# THE ETHICS

Translated into Yiddish from the Latin

And arranged with an introduction

By SAMUEL WIENER

I. L. Peretz Publishing House
Tel-Aviv, 31 Allenby St., Israel

*

ברוך שפינאָזע / די עטיק

פאַרלאַג י. ל. פרץ
תל־אביב, רחוב אלנבי 31



נדפס בישראל, 1963
Printed in Israel 1963

דפוס „ארזי" בע"מ, ת"א, רח' אילת השחר 4, טל. 34294

צו

מיין פרוי חנה,

טאָכטער רוטע און זון מילטאָן

To

My Wife Anna,

Daughter Ruth and Son Milton

„מ׳האָט מיט רעכט באַוואונדערט די חריפות מיט וועלכער שפּינאָזע פירט אַרויס די גרונט־אידעיען פון זיין סיסטעם, און פאַרבינדט זיי ביז די מינדסטע דעטאַלן מיט געאָמעטרישער פעסטקייט.״ — **משה מענדעלסאָן.**

„נישטאָ קיין אַנדער פילאָזאָפיע, ווי די פילאָזאָפיע פון שפּינאָזען. ווען נאָר איך וויל מיך דערנענטערן צו עמעצן, ווייס איך נישט פון קיין אַנדערן.״ — **גאָטהאָלד אפרים לעסינג.**

„אַ מוח וואָס האָט אַזוי אַנטשידן געווירקט אויף מיר, און וועלכער האָט דערצו נאָך געהאַט אַזאַ גרויסע ווירקונג אויף מיין גאַנצן אַרט דענקען — איז געווען שפּינאָזע.״ — **יאָהאַן וואָלפגאַנג געטהע.**

„ביים לייענען שפּינאָזען ווערן מיר אַדורכגענומען מיט אַזאַ געפיל, ווי ביים אַנבליק פון דער גרויסער נאַטור אין איר העכסט באַלעבטער רואיקייט. מיר זעען פאַר זיך אַ וואַלד פון צום הימל־גרייכנדיקע געדאַנקען, וואָס די סאַמע העכסטע בליענדיקע צווייגן זיינע וויגן זיך אַזוי ווי כוואַליעס אויפן ים, בעת די אומבאַוועגלעך פעסטע שטאַמען זייערע זענען איינגע־וואָרצלט אין דער אייביקער ערד. ...פון שפּינאָזעס ווערק ווייעט די לופט פון דער צוקונפט.״ — **היינריך היינע.**

„שפּינאָזע איז דער צענטראַלער פּונקט פון דער מאָדערנער פילאָ־זאָפיע — אַנטוועדער שפּינאָזיזם אָדער קיין פילאָזאָפיע.״ — **געאָרג ווילהעלם העגעל.**

„מיט דרייסטן פלי האָט ער געשוועבט צו די העכסטע שניי־באַדעקטע באַרג־שפּיצן, נישט וואַרפנדיק קיין בליק אויף דער רייכער אויסשטעלונג פון לעבן וואָס בליט ביי דער זייט פונעם באַרג. אויף אָט דער הייך, וואו יעדנס ברוסט, אַחוץ זיינע, לעכצט נאָך אָטעם, לעבט ער, גלעפינט ער פאַרגעניגן, געדייעט ער, ווי געוויינלעכע מענטשן טוען עס אין מילדן און מעסיקן קלימאַט. וואָס פאַר אים איז פונדאַמענטאַל, איז די אייזיקע לופט, שאַרף און קרעפטיק און דורכדרינגענדיק.״ — **זשאָזעף ערנעסט רענאַן.**

שפינאָזע איז איינער פון די גרעסטע העלדן פון דער מענטשהייט. ער האָט אָוועקגענומען ביי די מענטשן די נאַריש־פוסטע מורא פאַרן טויט און די אומזיסטיקע האָפענונג צו ווערן אומשטערבלעך, געבנדיק זיי דאָס געפיל, און דערוועקנדיק זיי, אַז זיי זענען אייביק." — **אַנאַטאָל פראַנס.**

„שפינאָזע! אַ וואָרעמקייט צעגיסט זיך איבערן קערפּער, אַזוי אָפּט ווי מ׳דערמאָנט זיך וועגן אים און מ׳פאַרטיפט זיך אין אים. ווער ס׳האָט אים אין דער יוגנט געליינט, דער האָט זיין גייסט געטובלט אין אַ ברענענדיקן, לייטערנדיקן פייער. שפינאָזע איז דער הייליקער פונעם דענקען ווי שעלי פון דער פּאָעזיע." — **געאָרג בראַנדעס.**

„שפינאָזע איז איינער פון יענע גרויסע מענטשן, וואָס זייער אימ־פּאַזאַנטקייט וואַקסט באַשיינפּערלעך מיטן לויף פון יאָרן. ווי אַ באַרג וואָס איז ביים אָנהייב פאַרשטעלט דורך די בערגלעך ביי זיין צופוסנס, שטייגט ער אַלץ העכער און העכער ביים צוריקטרעטן פון אים." — **דזשאָרדזש סאַנטאַיאַנאַ.**

„די אַלע פאַרשידענע געדאַנקען־שטרעמונגען האָבן אין שפינאָזען נישט אַרויסגעבראַכט קיין עקלעקטישן געמיש... נאָר זיי זענען אַלע צונויפגעשמאָלצן געוואָרן אין איין איינציקער איינהייטלעכער געדאַנקען־מאַסע, פון וועלכער שפינאָזע האָט ווי פון איין גאָס אַרויסגעבראַכט זיין וואונדערשיינעם פּאַנטעאיסטישן וועלט־בילד." — **ד״ר חיים זשיטלאָווסקי.**

„שפינאָזע האָט נישט גלאַט אַזוי געשליפן גלעזער — ער האָט געשליפן ברילן פאַר אַ נייעם וועלט־באַנעם." — **שלמה מיכאָעלס.**

„וואָס שפינאָזע האָט געטון איז געווען זיין אויסרוף צו יעדער עפּאָכע: נוצט אייער אינטעלעקט, דעם פאַרשטאַנד, שאַרפט אים, געטרויט אים, לערנט זיך ווי אַזוי אים צו נוצן, און לאָזט זיך פירן נאָר דורך אים אַליין בלויז. ער איז דער דיקטאַטאָר וואָס וועט פירן די וועלט פאָראויס; ער איז דער שאַפנדיקער פּראָצעס, וואָס מיט דער הילף זיינער וועט איר זיך קאָנען אַנטקעגנשטעלן דעם כאַאָס וואָס שטייט אין וועג די כוחות פון אויפקלערונג, פון אַ צופרידענעם געמיט און פון אייער אויספורעמען זיך." — **אַרנאָלד צווייג.**

# שפּינאָזיזם פאַר היינטיקער צייט

## אַריינפיר

.1

יענע יידן וואָס פילן זיך פאַרבונדן מיט די גרויסע גייסטער וואָס מיר האָבן פון זיך אַרויסגעגעבן, קאָנען באמת שטאָלץ זיין מיט דער אומ־אויפהערלעכער און כסדרדיקער פאַרמערונג פון שפּינאָזע־שטודיעס אומע־טום ביי אַלע קולטור־פעלקער. דורות זענען געווען באַצויבערט, אַמאָל אויך געפּלעפּט איבערן פענאָמען פון דעם דאָזיקן איינזאַמען, הגם שוין גאָר נישט איזאָלירטן דענקער.

היינט איז אַלגעמיין אָנגענומען, אַז שפּינאָזע איז איינער פון די געציילטע צווישן דער וועלטס גרויסע פילאָזאָפן, כאָטש אין פאַרגלייך מיט די אַנדערע איז די גייסטיקע ירושה זיינע, וואָס איז נאָך אים געבליבן, נישט קיין גרויסע. ער האָט אין משך פון זיין קורץ לעבן געשאַפן לערך ווינציק און דערצו נאָך אין אַ סטיל וואָס איז שטאַרק צונויפגעפּרעסט און קאָמפּאַקט.

ווען ברוך שפּינאָזע האָט זיך גענומען אָפּקערן פון די גלויבונגען פון זיינע פרומע אָבות, די מאַראַנען, גלויבונגען וועגן וועלכע ער האָט שוין לאַנג געהאַט ספקות, איז ער געווען נאָך גאַנץ יונג. די יידישע קהילה אין אַמסטערדאַם ווענדט דעמאָלט אָן קעגן 24 יעריקן ברוך ד׳עספּינאָזאַ די האַרבסטע שטראָף פאַר אַ ייד אין יענער צייט — דעם חרם. האָט ער נאָך גוט אָפּגעשניטן. ס׳איז זיין גליק געווען וואָס ער איז געווען אַ ייד. דזשאָר־דאַנאָ ברונאָ, אַ געוועזענער דאָמיניקאַנער מאָנאַך, שפּינאָזעס אַ פאַרגייער

אין פילאָזאָפיע, איז פאַר זיינע פרייע געדאַנקען, דורך דער אינקוויזיציע פאַרברענט געוואָרן אויפן שייטערהויפן אין רוים, אין יאָר 1600.

דער יונגער ברוך שפּינאָזע טרעפט זיך דעמאָלט מיט דר. וואַן דען ענדען, דעם גרינדער און אָנפירער פון אַ שולע פאַר דער אויפגעקלערטער יוגנט אין אַמסטערדאַם. דער דאָזיקער קאָסמאָפּאָליטישער גייסט, אַ געוועזענער יעזואיט וואָס איז געוואָרן אַן עפּיקורעער, איז געווען אַ העכסט טאַלענטירטע פּערזענלעכקייט. אין אָט דער שולע ווערט שפּינאָזע אַ לערער פון העברעאיש.

צו פילאָזאָפיע האָט ער זיך צוגעכאַפּט גאַנץ יונג נאָך. ער האָט זיך גרינטלעך באַקענט מיט די ווערק פון די מיטלאַלטערלעכע יידישע פילאָזאָפן־ראַציאָנאַליסטן און קריטישע דענקער ווי אברהם אבן עזרא, דער רמב״ם, רלב״ג, חסדאי קרשקש (קרעסקאַס), און אַנד. דאָ ביי וואַן דען ענדען אין שולע שטודירט ער פליסיק די גריכיש־רוימישע פילאָזאָפיע און פאַרטיפט זיך אויך אין די נייע אידעיען פון דזשאָרדאַנאָ ברונאָ, פראַנסיס בעיקאָן און דעקאַרט. זיין אויסבילדונג אונטער די דאָזיקע איינפלוסן נעמט אָן אַ וועלטלעכן, ראַציאָנעלן און אַנטי־מיסטישן כאַראַקטער. ס׳לייגט זיך דעריבער אויפן שכל, אַז אָן אָט די נייע אידעיען וועלכע זענען געוואָרן דער סטימול פאַר זייַן דענקען, וואָלט שפּינאָזע מסתמא זיין אייגענעם פילאָזאָפישן סיסטעם קוים געקאָנט אַרויסברענגען.

ווען דער 28 יעריקער שפּינאָזע ווערט געצוואונגען דורך דער מאַכט צו פאַרלאָזן זיין היים־שטאָט אַמסטערדאַם, באַזעצט ער זיך אינעם שטעטל ריינסבורג, לעבן דער אַלטער האָלענדישער אוניווערזיטעט־שטאָט ליידען. ריינסבורג איז דעמאָלט געווען דער צענטער פון די האָלענדישע פריי־גייסטער, די עטיש־קריסטלעכע סעקטע „קאָלעגיאַנטן״. עטלעכע יאָר פאַרנעמט ער זיך דאָרטן מיט לערנען און שרייבן. דאָרטן פירט ער אויך דעבאַטן מיט די קאָלעגיאַנטן און מיט סטודענטן פונעם אוניווערזיטעט אין ליידען.

אין 1663 ציט ער זיך צוריק צו אָפּגעזונדערטקייט, און באַזעצט זיך אין שטעטל וואָרבורג, נאָענט צו האַאַג. דאָרטן, אין דער שטילקייט פון זיין אָפּזונדערונג, נעמט ער זיך פאָרמולירן דעם סיסטעם פון זיין הויפּט־פילאָזאָפיש־ווערק, די עטיק. אין 1670 ציט ער זיך איבער אין דער נאָענטער

גרויסער שטאָט האַאַג. אין אָט דער צייט פאַרעפנטלעכט ער זיין טעאָלאָגיש־פּאָליטישער טראַקטאַט. איז נישט נאָר ווערט אויף דעם ווערק נישט אָנגע־געבן שפינאָזעס נאָמען, נאָר אַפילו דער נאָמען פונעם דרוקער און אַרויס־געבער און די שטאָט וואו דאָס בוך איז געדרוקט געוואָרן זענען געווען פיקטיווע, אויסגעטראַכטע. ס׳נעמט נישט לאַנג און מ׳דערוויסט זיך ווער ס׳איז דער מחבר פון דעם בוך און אַ מבול פון מסירות און העצעס, שאַרפע קריטיקן נעמען זיך שיטן אויף אים.

אין האַאַג פאַרענדיקט ער די לעצטע זיבן יאָר פון זיין קורץ לעבן. געשטאָרבן איז שפינאָזע פון טובערקולאָז, מאָנטיק, פעברואר 22, 1677, אינעם יונגן עלטער פון קוים 44 יאָר. (געבוירן געוואָרן איז ברוך שפינאָזע אין אַמסטערדאַם, נאָוועמבער 24, 1632).

ווען שפינאָזע האָט געהאַלטן שמאָל, דאָס לעבן זיינס נעמט זיך לעשן, ברעכט אויס די באַלעבאָסטע זיינע, אַ פרומע קריסטין, אין אַ שטאַרק געוויין, פון איר האַלדז רייסט זיך אַרויס: אָראַ פּראָ נאָביס, סאַנקטע ספּינאָזאַ — „זיי פאַר אונדז אַ גוטער בעטער, הייליקער שפינאָזע״.

לוקאַס, שפינאָזעס ערשטער ביאָגראַף, וועלכער האָט אים גוט גע־קענט, זאָגט אין זיין ביאָגראַפיע:

„ס׳איז פאַר שפינאָזען נישט קיין קליין גליק געווען, דורכן טויט זיך צו ראַטעווען פונעם שטורעם, וואָס די שונאים זיינע האָבן זיך געגרייט אויפצוהייבן אַקעגן אים. זיי האָבן געמאַכט דאָס פאָלק אים צו האַסן, ווייל ער האָט אָנגעוויזן אויף די מיטלען ווי אַזוי צו אונטערשיידן אמתע פרומ־קייט פון היפּאָקריטסטווע, און ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון אַבערגלויבן. מ׳דאַרף דעריבער באמת לויבן אונדזער פילאָזאָף, נישט נאָר צוליב זיין באַרימט ווערן ביים לעבן, נאָר אויך צוליב די אומשטענדן פון זיין טויט. ער איז אים געגאַנגען אַנטקעגן מיט מוטיקע אויגן. ווי ער וואָלט געווען צופרידן זיך מקריב צו זיין פאַר זיינע שונאים, אַז ס׳זאָל זייער נאָמען נישט פאַראומרייניקט ווערן דורכן אומברענגען אים״.

קאָן מען דערפון גרינג איינזען, אַז בלויז דער פריער טויט זיינער האָט אים געראַטעוועט פון אַ טראַגישן סוף.

דורות האָבן אָריינגעלייגט אין זייערע שפינאָזיסטישע טעאָריעס פּערזענלעכע גלויבונגען ווי נישט־גלויבונגען. וואָס מ'האָט אַלץ נישט גע־מאַכט פון אים! מ'האָט אים געמאַכט פאַר אַ גאָט־זוכער און אַן אַטעאיסט, אַ מיסטיקער און אַ פאַרדאַרבער פון רעליגיעס, אָדער גאָר פאַר אַ גרינדער פון אַ נייעם גייסטיק־העכערן גלויבן. דער דאָזיקער געראַנגל פון מיינונגען הערט נאָך עד־היום נישט אויף.

שפּינאָזען האָט מען שוין מער נישט געקאָנט איינשטילן, ווי דאָס איז געווען ביי זיין לעבן, ווען ער איז פאַרדאַמט געוואָרן נישט נאָר דורך די רעליגיעזע אויטאָריטעטן, נאָר אויך דורך די פון רעליגיע־אויסגעטונענע הערשער אין האָלאַנד — ווי אויך אַנדערשוואו — ווי אַן אַטעאיסט, ווי דער אַרכי־הערעטיקער, און איז נאָך זיין טויט, אין משך פון אַ גאַנצן יאָר־הונדערט, טראַקטירט געוואָרן ווי אַ „טויטער הונט", ווי ס'האָט מיט וויטיק זיך אויסגעדריקט לעסינג.

צו פאַרשטיין אַ פילאָזאָפיע טאָר מען נישט אויסלאָזן פון אויג דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישן און קולטורעלן כאַראַקטער ווי אויך אינטעלעקטועלן הינטערגרונט פון דער עפּאָכע אין וועלכער זי איז אויפגעקומען. שפינאָזע איז געבוירן געוואָרן אין זיבעצנטן יאָרהונדערט, וואָס איז אַלגעמיין אָנגע־נומען ווי דאָס ראַציאָנעלע יאָרהונדערט. דאָס יאָרהונדערט וואָס האָט אָנגע־צייכנט דעם קלימאַקס פונעם רעוואָלט קעגן אויטאָריטעט און טראַדיציע, וועלכן די רעפאָרמאַציע און דער רענעסאַנס האָבן אָנגעהויבן. דאָס איז געווען אַן איבערגאַנגס־פּעריאָדע, וועלכע האָט אַרויסגעפירט אַ נייעם גע־זעלשאַפטלעכן שיכט אויף דער אויבערפלאַך — דעם ניי־אויפשטייגנדיקן מיטלקלאַס.

די נאַכט פונעם מיטלאַלטער האַלט נאָך אַלץ דעם הימל פאַרדעקט. אָבער די ערשטע גראָע פאַסן אויפן מזרח נעמען אָנזאָגן דעם באַגינען פון אַ נייער עפּאָכע, אַן עפּאָכע אין וועלכער וויסנשאַפט רייסט זיך צו פאַרנעמען דעם אויבן־אָן. קאָפּערניקוס מיט זיין רעוואָלוציאָנערער טעאָריע האָט פאַרן אויג אַנטפּלעקט אַ הימלישע פּאַנאָראַמע, וואָס האָט פאַרטושט די רייכסטע פאַנטאַזיע. דאָס ביז־איצטיקע בילד פון אונדזער ערד, פון אויבן איבערגעדעקט מיט אַ האַלב־רונדן הימל פון וועלכן עס סטאַרטשעט אַרויס

אַ זון, און איז באַשפּרענקלט מיט שטערן, איז פאַרביטן געוואָרן דורך אַן אומענדלעכן שטח, אָן אַן אָנהייב און אָן אַ סוף, מיט אַן אומענדלעכער צאָל שטערן און פּלאַנעטן. און צווישן זיי אַלע איז אונדזער ערד נישט מער ווי אַ פּינטל בלויז, וואָס דרייט זיך מיט אַ קיינמאָל זיך נישט אָפּשטעלנ־דיקער רעגולערקייט. גאַלילעי מיט זיין וויסנשאַפטלעכן עקספּערימענט האָט דערוויזן די אַבסאָלוטע רעגלמעסיקייט און אוניפאָרמיקייט פון די נאַטור־דערשיינונגען. הויגענס האָט מיט זיין טעלעסקאָפּ דורכגעבויערט די שטערן אַזוי נאָענט, גלייך מיטן אויג צו דערלאַנגען. ס׳קומט דעמאָלט פאָר אַן אמתע וויסנשאַפטלעכע און קולטורעלע רעוואָלוציע.

האָבן אָט די אַלע אַנטדעקונגען און עקספּערימענטן געגעבן די מעגלעכקייט צו דערבליקן אַן אוניווערס, וואָס איז גיגאַנטיש אין פאַרנעם און הערלעך אין אויסקוק. די דאָזיקע וויזיע האָט געפאַנגען דעם קאָפּ און דאָס האַרץ פונעם יונגן ברוך שפּינאָזע.

פאַר אָט די אַלע אויפדעקונגען אין דער נאַטור־וויסנשאַפט, איז דער פונדאַמענט אויף וועלכן זי האָט געבויט אירע היפּאָטעזן געווען די מאַטעמאַטיק — די קיניגן איבער אַלע וויסנשאַפטן. דאַרף דערפאַר קיין וואונדער נישט זיין, וואָס שפּינאָזע האָט אין זיין הויפּט־פילאָזאָפיש ווערק, די עטיק, זיך אָנגעשטרענגט צו דעמאָנסטרירן זיינע אידעיען אין אַ שטרענג־מאַטעמאַטישער פאָרמולירונג. שפּינאָזע באַמיט זיך אין זיין פילאָזאָפיע צו געבן דעם פולסטן אויסדרוק פון דער דאָזיקער קאָלירפולער עפּאָכע.

דאָס סאַמע באַדייטנדיקסטע אין זיין פילאָזאָפיע איז דאָס, וואָס אַליין נישט געהערנדיק צום ניי־אויפשטייגנדיקן מיטלקלאַס אין האָלאַנד, האָט ער אויסגעדריקט די אידעאַלן פונעם סאַמע פאָרגעשריטנסטן, פּראָגרעסיוון שיכט צווישן דער בורזשואַזיע, ווען זי איז געווען אַ רעוואָלוציאָנערער קלאַס און געפירט אַ מלחמה אויף לעבן און טויט מיטן פינצטערן פעאָדאַליזם. זייענדיק דער געוואַגטסטער אַדוואָקאַט פון אַן אידעאַלער פרייער רעפּובליק, אַ וועלטלעכע ווי אַן אינטעלעקטועלע, האָט ער אָבער פאַר זיך אַליין גאָר־נישט געזוכט, נישט געהאַט קיין אייגענע פערזענלעכע אינטערעסן און אַמביציעס. דער ריינער שכל בלויז איז געווען זיין וועגווייזער, אומדער־שראָקן האָט ער נאָכגעפאָלגט דאָס ליכט פונעם ראַציאָנאַליזם.

שפינאָזע נעמט זיך אויסאַרבעטן אַ פול־אָפּגערונדעטן פילאָזאָפישן סיסטעם לויטן מוסטער פון דער קלאַסישער טראַדיציע.

אָקצעפּטירנדיק אין זיין פילאָזאָפיע די ראַציאָנאַליסטישע קאָנ־צעפּציע פונעם פראַנצויזישן פילאָזאָף דעקאַרט, וועלכער האַלט, אַז אמת־דיק וויסן ווערט דערגרייכט דורכן שכל, אָן דער הילף פון די חושים, ווי אויך צו זוכן תמיד דעם אמת אויפן גרונט פון קלאָרע און דייטלעכע אידעיען און אויסצומיידן צעמישעניש דורך שכלדיקע מאַטעמאַטישע אויפּוויַיזן, וואַרפט אָבער שפינאָזע גלייכצייטיק אָפּ דעקאַרטס רויען דואַליזם.

להיפוך צו דעקאַרטס דואַליזם, דאָס הייסט, די טעאָריע זיינע, אַז די וועלט באַשטייט אויס צוויי זעלבשטענדיקע סובסטאַנצן — אַ באַזונדער מאַטעריעלע סובסטאַנץ און אַ באַזונדער גייסטיקע סובסטאַנץ — האַלט שפינאָזע, אַז דער אוניווערס איז איין סובסטאַנץ, וועלכע ער רופט אָן „דעאוס סיווע נאַטורא" — גאָט אָדער נאַטור, מיט אַן אומענדלעכער צאָל אַטריבוטן (אייגנשאַפטן). ער האַלט ווייטער, אַז פון דער סובסטאַנצס אַלע אַטריבוטן זענען אונדז באַקענט בלויז צוויי הויפּט־אַטריבוטן — די קראַפט צו דענקען (גייסט) און אויסשפּרייטונג (מאַטעריע), דאָס הייסט, די נאַטור גופא אין איר פולשטענדיקייט און גאַנצקייט מיט אַלץ מיט אַן אַנדער אין איר, דעם מענטש איינגערעכנט. מיט אָט דער מאַניסטישער לייזונג זיינער פונעם קאַרדינאַלן פּראָבלעם אין יעדן פילאָזאָפישן סיסטעם — די שייכות צווישן מאַטעריע און גייסט — האָט שפינאָזע אין גאַנצן זיך צונויפגעשטימט מיט די וויסנשאַפטסלייט אין זיין צייט — אויב מיר נעמען אָן נאַטירלעך, אַז וויסנשאַפט איז אַ סיסטעם פון אָבסערווירונג, עקספּערימענטירונג און היפּאָ־טעזן, אַ סיסטעם וואָס שפּאַרט זיך אָן אויף דער הנחה, אַז די וועלט איז אַ מאַטעריעלער פּראָצעס, רעגולירט דורך די נאַטור־געזעצן.

אינעם לשון און דורך די שטרענגע סימבאָלן פון מאַטעמאַטישע אויפּוויַיזן, ברענגט שפינאָזע אַרויס אַזוי בולט די דערפאַרונג פון אַן אויפ־שטייגנדיקער נאַטור־וויסנשאַפט, און וואַרפט דערמיט אָן אַרויסרוף צו אַלע יענע רעאַקציאָנערע טענדענצן פון זיין צייט, — ווי אויך פון שפּעטער־רע צייטן — דורכן דערקלערן די וועלט ווי איר אייגענע סיבה; אַז זי איז נישט קיין טויטע מאַטעריע, וועלכע איז אַ פּראָדוקט פון אַ באַשעפער וואָס

געפינט זיך דרויסן פון איר און איבער איר, נאָר אַז זי איז אַ לעבעדיקער, זיך זעלבסט באַשאַפנדיקער אוניווערס; אַז די וועלט איז צייטלאָז, אָן אַן אָנהייב און אָן אַ סוף, אַז זי איז אַ דענקענדיקע סובסטאַנץ, אַ נויטווענדיקע דורך געזעצן וואָס זענען צווישן זיך געקניפּט און געבונדן, אַ וועלט אין וועלכער גאָט האָט פאַרלוירן זיין פּלאַץ, סיידן ווען מען אידענטיפיצירט גאָט מיט נאַטור, דאָס הייסט, אַז גאָט און נאַטור איז איינס און דאָס זעלבע.

היות דער מענטש איז, ווי געזאָגט, פולשטענדיק און אין גאַנצן איינגעשלאָסן אינעווייניק אינעם נאַטור־סיסטעם, איז ער דעריבער אונטער־געוואָרפן צו פּונקט אַזאַ שטרענגן דעטערמיניזם ווי דער וואָס עקזיסטירט אין דער גאַנצער נאַטור, אין וועלכער ס׳הערשט אַ שטרענגע קאַוזאַליטעט. (אונטער קאַוזאַליטעט דאַרף דאָ פאַרשטאַנען ווערן, אַז יעדע זאַך אָדער דערשיינונג מוז האָבן פאַר איר אויפקום אַ נאַטירלעכע סיבה; אַז אַלצדינג געשעט דורך אַ סיבה און אויס נויטווענדיקייט).

קאָן דעריבער דער מענטש נישט זיין סובאָרדינירט, אונטערגע־וואָרפן צו אַ וואָסערע עס איז איבערנאַטירלעכע, הימלישע כוחות, צו אַ מין העכערן ווילן, אָדער צו פּרינציפּן וואָס געפינען זיך דרויסן פונעם איין און איינציקן נאַטור־סיסטעם. דאָס העכסטע געזעץ פאַרן מענטש איז גיכער ווי אַלץ דער מענטש אַליין.

בכן, אַזוי ווי גאָט, וואָס מיינט ביי שפּינאָזען די נאַטור אין איר אַבסאָלוטער אומענדלעכקייט, איז די באַווירקנדיקע סיבה פון אַלצדינג וואָס עקזיסטירט, איז דערפון געדרונגען, אַז דער מענטש איז נישט פריי צו טון אַלצדינג וואָס נאָר ס׳קאָן אים איינפאַלן. ווארום אויב דער מענטש וואָלט פריי געווען צו טון אַלצדינג וואָס נאָר ס׳וואָלט זיך אים געגלוסט, וואָלט ער דאָך מער ניט געווען קיין טייל פון דער נאַטור. פרייער ווילן איז דעריבער אַן אילוזיע. בלויז קליינע קינדער האָבן דאָס געפיל פון אומענדלעכער פרייהייט צו טון וואָס נאָר ס׳פאַלט זיי איין. די איינציקע פרייהייט וואָס דער מענטש פאַרמאָגט יאָ, איז זיך אויסצולערנען צו דערקענען, צו פאַר־שטיין די נויטווענדיקייט, דאָס הייסט, די געזעצן וואָס אָפּערירן אין דער נאַטור.

אויף וויפיל דעריבער, דער מענטש פאַרשטייט נישט די נויטווענ־

דיקייט וואָס הערשט אין דער נאַטור, דאָס הייסט, אויף וויפיל ער פאַרשטייט נישט די קאָנדיציעס פון זיין עקזיסטענץ, איז ער איר שקלאַף, און קאָן נאָר חלומען וועגן ווערן פריי. „נויטווענדיקייט איז בלינד אויף אַזוי פיל נאָר, אויף וויפיל זי ווערט נישט פאַרשטאַנען" (העגעל). וואָס מערער אָבער דער מענטש לערנט זיך אויס צו פאַרשטיין די געזעצן וואָס הערשן אין דער נאַטור, אַלץ גיכער קאָן ער זיך אויפהייבן איבער דער פאַרשקלאַפטקייט זיינער צו דער דרויסנדיקער וועלט — די פיזישע, כעמישע און פיזיאָלאָגישע געזעצן *. דער מענטש איז די דאָזיקע געזעצן אונטערגעוואָרפן אויף אַזוי פיל נאָר ווי ער פאַרשטייט זיי נישט. ווען אָבער ער לערנט זיך זיי אויס צו פאַרשטיין, האָט זיך אים שוין איינגעגעבן צו באַפרייען זיך פון זיי, דורכן קאָנטראָלירן די געזעצן אויף אַ סיסטעמאַטישוויסנשאַפטלעכן אופן און זיי אויסצונוצן פאַר זיין טובה וועגן. דאָס מיינט צו ווערן פריי. דערמיט האָט שפינאָזע אָפּגעשפיגלט דעם האַסטיקן וויסנשאַפטלעכן פראָגרעס אינעם זיבעצנטן יאָרהונדערט.

איז פונעם פריער געזאָגטן גרינג איינצוזען, אַז אָנערקענענדיק דעם דעטערמיניזם, דאָס הייסט, אַז קיין שום זאַך אָדער דערשיינונג, קאָן נישט געשען אָן אַ סיבה פאַר דעם, אויך דער קאָנצעפּט זיינער, אַז דעם מענטשנס „ווילן" ווערט דעטערמינירט און קאָנדיציאָנירט דורך דער סביבה (די סאָציאַלע און עקאָנאָמישע אָרדענונג איינגערעכנט), דערציאונג און ירושה, וואָס איז היינט אַ וויסנשאַפטלעך־באַשטעטיקטער פּרינציפּ, איז שפינאָזע ווייט פון צו זיין אַ פאַטאַליסט. סיבה (נאַטור) און עפעקט (מענטש) ווירקן, לויט שפינאָזען, כסדר איינס אויף דאָס אַנדערע. אַן עפעקט ווערט טאַקע פּראָדוצירט דורך אַ סיבה, אָבער אין דער אייגענער צייט איז דער עפעקט

* פיזישע געזעצן — וועגן פיזיק קאָן מען זאָגן, אַז זי איז די וויסנשאַפט, וואָס גיט זיך אָפּ מיטן אויפפיר פון דער מאַטעריע. כעמישע געזעצן — כעמיע איז די וויסנשאַפט וואָס גיט זיך אָפּ מיט דעם פון וואָס די מאַטעריע איז צונויפגעזעצט. זי פאָרשט דעם פּראָצעס ווי אַזוי פאַרשידענע מינים פון מאַטעריע קאָמבינירן זיך, צעטיילן זיך, ענדערן זיך, ווי זיי רעאַגירן איינער אויפן אַנדערן, און וואָס ס'קומט פאָר ווען זיי טוען דאָס. פיזיאָלאָגישע געזעצן — פיזיאָלאָגיע איז די וויסנשאַפט, וואָס גיט זיך אָפּ מיט די פּראָצעסן אָדער פונקציעס פון לעבעדיקע אָרגאַניזמען. די פיזיאָלאָגיע פון לעבעדיקע באַשעפענישן, נעמט אין זיך, נאַטירלעך, אויך אַריין די מענטשלעכע פיזיאָלאָגיע.

נישט פּאַסיוו, נאָר ווירקט צוריק אויף זיין סיבה. ווען דער מענטש לערנט זיך אויס צו פאַרשטיין די נויטווענדיקייט, דאָס הייסט, די געזעצן פון דער נאַטור, גיט זיך אים איין, אַ דאַנק דעם, צו קאָנטראָלירן די נאַטור־געזעצן און זיי אויסצונוצן פאַר זיין וואוילזיין. דערמיט האָט שפּינאָזע אָפּגעוואָרפן דעם אַבסאָלוטן מעטאַפיזישן דעטערמיניזם און פאַטאַליזם, לויט וועלכע דער מענטש קאָן זיך נישט אַקטיוו אַריינמישן אין דער נאַטור, ווי אויך אין דער געזעלשאַפט, און זיי ענדערן. דער פאַקט איז, אַז דער אַבסאָלוטער מעטאַפיזישער דעטערמיניזם און פאַטאַליזם איז בפירוש אין קאָנטראַדיקציע צו דער אַקטועלקייט, צו דער ווירקלעכקייט, וועלכע ווייזט אַז מענטשן ענדערן יאָ און בייטן כסדר און אומאויפהערלעך זייער וועלט, ווי אויך זייער געזעלשאַפט. און הגם דער דאָזיקער פּראָצעס איז אַ פּאַמעלעכער און גייט נישט צו גרינג, איז פול מיט שטרויכלונגען, יסורים און פּייַן, און איז יאָרהונדערטער שווער געווען צו באַמערקן — האָט אָט דער פּראָצעס דאָך קיינמאָל נישט אויפגעהערט, קיינמאָל זיך נישט אָפּגעשטעלט.

פּונקט ווי דער מענטש קאָן ביסלעכווייז זיך באַפרייען פון זיין פאַרשקלאַפטקייט צו דער דרויסנדיקער נאַטור, איז ער פּונקט אַזוי אויך בכוח זיך צו באַהערשן און זיך אויפהייבן איבער דער פאַרשקלאַפטקייט צו זיינע אַנטי־סאָציאַלע עמאָציעס, אימפּולסן, ליידנשאַפטן. אויף וויפיל אַ מענטש נעמט דערקענען די געזעצן פון זיינע עמאָציעס און ווילן — אויף אָט אַזוי פיל קאָן ער זיך אויסלערנען ביסלעכווייז זיי איינצוצוימען, צו קאָנטראָלירן, צו באַהערשן זיי און זיי אויסצונוצן פאַר זיין וואוילזיין, פאַר זיין אינערלעכער באַרואיקונג, פאַר זיין מנוחת הנפש; ער קאָן זיך ביסלעכווייז אויסלערנען צו ענדערן זיך, צו איבערפורעמען און צו ענדערן זיין כאַראַקטער — דאָס הייסט, צו ווערן פריי. נישטאָ קיין פאַרטיקע פרייהייט. פרייהייט פונעם מענטשלעכן ווילן איז נישט עפּעס אַזוינס מיט וועלכן מיר ווערן געבוירן. נאָר אויף וויפיל דער מענטש לערנט זיך אויס צו נוצן די געזעצן פון זיין נאַטור, אויף אָט אַזויפיל קומט טריט ביי טריט זיין באַפרייאונג.

אַ מענטש איז נישט פריי בלויז דערפאַר ווייל ער איז אַ מענטש. ווען דער מענטש הייבט אָן צו אַנטוויקלען זיין פאַרשטאַנד, זיין אינטעלעקט,

און נעמט זיך צו זיי צוהערן — הייבט ער אויך אָן אין דער אייגענער צייט צו ווערן פריי. און ווען ער קומט צו דער מדרגה, אַז ער קאָן שוין זיך אַ ראַציאָנעלער, שכלדיקער מענטש, דאָס מיינט, אויב ער איז שוין ביכולת זיינע טואונגען, זיינע מעשים צו דירעקטירן דורך ראַציאָנעלע, שכלדיקע מאָטיוון און נישט דורך די כסדר זיך בייטנדיקע עמאָציעס און מאָמענטאַנע אימפּולסן — וועט ער אַלץ מערער ווערן פריי. אַ מענטש וואָס פאַלט גרינג אַריין אין גרימצאָרן, וואָס פאַרלירט גיך דעם קאָנטראָל איבער זיך, און ווערט איבערוועלטיקט פון בלינדן, אומבאַרעכטיקטן האַס; ווען ער פאַרשטייט נישט זיין אייגענעם כעס, ווען ער שטעלט זיך נישט אַנטקעגן זיין צערייצטקייט און צוימט נישט איין זיין האַס, וועט ער זיין אַ שקלאַף צו זיין כעס ווי אויך צו זיין האַס, און זיינע רייד און מעשים, וועלן אָנשטאָט באַהערשט צו ווערן דורך זיין שכל, דאָמינירט ווערן דורך זיינע עגאָאיסטישע עמאָציעס, ליידנשאַפטן, דורך יענע דעסטרוקטיווע, געפערלעכע אימפּולסן, קעגן וועלכער מיר מוזן תמיד זיין אויף דער וואַך.

וואָס בעסער אַ מענטש קען זיך אַליין, אַלץ מערער וועט זיך אים איינגעבן צו באַפרייען זיך, צו ווערן באמת אַ פרייער מענטש. אַ פרייער מענטש איז יענער, וואָס ווייסט ווי זיך צו באַנוצן מיט דער טייערסטער מתנה וואָס דער מענטש פאַרמאָגט — מיט זיין שכל.

מיט אָט דעם אַבסאָלוטן און אולטימען פאַרלאָזן זיך אויף די כוחות פונעם מענטשלעכן שכל, האָט שפּינאָזע צוריקגעברענגט דעם מערב־אייראָפּעאישן געדאַנק צו יענעם באַזונדערן אויסקוק פון דער גריכישער פילאָזאָפיע.

ווייטער, האַלט שפּינאָזע, האָט יעדער איינצלנער טייל אין דער נאַטור, אָדער יעדער אינדיווידואום, אַן אייגענעם ציל און תכלית אין לעבן, וועלכן ער שטרעבט אָנצוהאַלטן און וויל דער ציל זאָל דערפילט ווערן.

איז דערפון געדרונגען, אַז טוגנד, גוטע מידות, מיינט צו טון דאָס, וואָס שטימט מיט די געזעצן פון אונדזער אייגענער נאַטור. אויף וויפיל אַ זאַך האַרמאָנירט מיט אונדזער אייגענער נאַטור, העלפט אויפצוהאַלטן אונדזער קיום, אויף אָט אַזוי פיל איז זי גוט. טוגנד איז מאַכט, די מאַכט צו דירעק־

טירן דעם אייגענעם גורל. „גליקלעכקייט — זאָגט שפּינאָזע — באַשטייט אין דעם מענטשנס מאַכט צו פּרעזערווירן דעם אייגענעם זיין. וואָס מערער ער שטרעבט זיך און ער איז בכוח צו זוכן דאָס וואָס איז פאַר אים ניצלעך, אַלץ מערער איז ער באַשענקט מיט טוגנד".

דעם מענטשנס לעבן אויף דער וועלט איז תמיד פול מיט מורא, האָפענונג און מיט באַגערן — אַ וועלט, וואָס וועט אים אין מיינסטע פאַלן אַנטווישן אין זיינע הייסטע באַגערן און וואונטשן, אַ וועלט פון אומזיכערקייט, וואַקלעניש, און וואָס אין אירע הענט עס ליגט זיין גורל. קיין שום זאַך, האַלט שפּינאָזע, איז דעם מענטשן דעריבער, נישט מער ניצלעך ווי דער מענטש. דעם מענטשנס מאַכט, וואָס איז זיין טוגנד, פאַרגרעסערט זיך מיט יעדן שריט זיינעם צו אַ וואָס נעענטערער קאָאָפּעראַציע, צוזאַמענאַרבעט מיט אַנדערע מענטשן. אַזאַ קאָאָפּעראַציע בינדט צונויף זיין מאַכט מיט דער מאַכט פון אַנדערע מענטשן.

„די געזעלשאַפט — זאָגט שפּינאָזע — איז זייער ניצלעך און אין דער העכסטער מאָס נויטווענדיק, נישט נאָר פאַר דעם כדי זיך צו באַשיצן דאָס לעבן אַנטקעגן שונאים, נאָר אויך כדי זיך צו פאַרשאַפן אַ סך זאַכן. וואָרום אויב מענטשן וואָלטן נישט געוואָלט אַרויסווייזן קיין געמיינשאַפט־לעכע הילף איינער דעם אַנדערן, וואָלטן נישט געקלעקט קיין פעאיקייטן און קיין צייט זיך צו דערנערן און צו דערהאַלטן זיך אויף וויפיל ס'איז נאָר מעגלעך, מחמת נישט אַלע זענען גלייך מסוגל צו אַלץ, און נישט איטלעך איינער וואָלט געווען בכוח זיך צו פאַרשאַפן דאָס אַלץ, וואָס ער דאַרף אַזוי שטאַרק האָבן. כוח און צייט וואָלטן נישט געקלעקט ביי יעדן איינעם, ווען ער וואָלט אַליין באַדאַרפט אַקערן, זייען, שניידן, מאָלן, קאָכן, וועבן, נייען און טון נאָך אַ סך אַנדערע זאַכן, וואָס זענען נייטיק כדי זיך צו דערהאַלטן ביים לעבן, שוין אָפּגערעדט וועגן קונסט און וויסנשאַפטן, וואָס אויך זיי זענען אין אַ גרויסער מאָס נייטיק פאַר דער פּערפעקציע, שלימותדיקייט פון דער מענטשלעכער נאַטור און פאַר זיין גליקלעכקייט". (טעאָלאָגיש־פּאָליטישער טראַקטאַט, קאַפּיטל 5).

ווייזט אונדז דערמיט שפּינאָזע, אַז אַן קאָאָפּעראַציע צווישן מענטשן, זינט די סאַמע פּרימיטיווע צייטן ביזן היינטיקן טאָג, וואָלט גאָר דער מענטש

נישט געקאָנט האָבן קיין קיום. אַ פאַקט וואָס ווערט באַשטעטיקט דורך דער היינטצייטיקער אַנטראָפּאָלאָגיע.

פאַר זיין זעלבסטדערהאַלטונג, ווי פאַר דער אַלזייטיקער פאַרבעסע־רונג פונעם לעבן, פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער פּערזענ־לעכקייט און פון זיינע פעאיקייטן, נייטיקט זיך דער מענטש, ווי מיר זען עס דאָ, אין אַן אָרגאַניזירטער געזעלשאַפט. אָן דער געזעלשאַפט איז נישטאָ קיין קולטור, קיין וויסנשאַפט, קיין קונסט, אַפילו דער פאַרשטאַנד, וואָס שפּילט ביי שפּינאָזען די ראָל פונעם אָנפירער מיטן מענטשן און איז דער איינצוימער פון זיינע עמאָציעס, ליידנשאַפטן. נאָר אין אַ געזעלשאַפט קאָן דער מענטש דערגרייכן דאָס העכסטע גליק. דערמיט שטעלט ער פעסט ווי־ניצלעך די געזעלשאַפט איז פאַרן מענטש.

איינע פון די הויפּט־פראַגן וואָס ווערן אָפט געשטעלט בנוגע עטיק, איז אָט די: וואָס איז דאָס, וואָס טרייבט און פירט דעם מענטש אַרויסצו־טראָגן מאָראַלע אורטיילן און פאָרמולירן אידעיען וועגן דעם גוטן? איז דער ענטפער דערויף, אַז אַלע אידעיען וועגן דעם גוטן קומען אויף אויס די נויטן, אינטערעסן און באַגערן פון די מענטשלעכע ברואים און דריקן זיי אויס.

דער דאָזיקער געדאַנק ווערט דורך שפּינאָזען אויסגעדריקט אַזוי פּשוט, וואָס פּשוטער קאָן גאָר דאַכט זיך נישט זיין. זאָגט שפּינאָזע אין דער עטיק (טייל 3, אָנמערקונג צו פּראָפּאָזיציע 9), אויף זיין אַפאָריסטישן שטייגער, אָט אַזוי: „אין קיין שום פאַל שטרעבן מיר, ווילן מיר, גלוסטן און באַגערן עפּעס־וואָס, נישט דערפאַר ווייל מיר האַלטן עס פאַר גוט, נאָר פאַרקערט, מיר האַלטן פאַר גוט עפּעס, דערפאַר ווייל מיר שטרעבן דערצו, ווילן עס, גלוסטן עס און באַגערן עס.” דערמיט האָט שפּינאָזע אַוועקגעשטעלט דעם כלל, אַז מענטשן באַגערן נישט עפּעס ווייל ס'איז גוט, נאָר פאַרקערט, זיי רופן אָן גוט דאָס, וואָס זיי שטרעבן דערצו, ווילן עס, גלוסטן עס און באַגערן עס. ער האָט דערמיט געוואָלט אויך אָנדייטן, אַז דאָס גוטע נייטיקט זיך נישט אין קיין איבערנאַטירלעכע, הימלישע סאַנקציעס, אַז עטיק ווערט געשאַפן דורך די מענטשן אויף דער ערד פאַר די מענטשן און אַז דעם מענטשנס מאָראַלע אידעאַלן האָבן זיך אויסגעשיילט אויס זיין טאָג־טעג־

לעכער דערפאַרונג. מיינט דאָס בכן, אַז אַלע אונדזערע אורטיילן וועגן מאָ־ראַלע ווערטן, וועגן גוט און שלעכט, גערעכט און אומגערעכט, פרייהייט און קנעכטשאַפט, זענען אַ פּראָדוקט פון מענטשלעכע האַפּענונגען, וואונטשן און באַגערן אין די קאָנקרעטע, ממשותדיקע קאָנדיציעס פון לעבן. די ממשותדיקע זאַכן, למשל, וועלכע מענטשן באַגערן געוויינטלעך און צו וועלכע זיי שטרעבן, זענען געזונט, זיכערקייט, ליבשאַפט, פריינטשאַפט, קינדער און דאָס גלייכן. זיי ווילן אַרבעט און פּאַרוויילונג, רעספּעקט פון זייערע מיטמענטשן, די מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען ספּעציעלע טאַלענטן און פעאיקייטן. זיי ווילן זייערע קינדער זאָלן אָט די אַלע זאַכן האָבן מערער ווי זיי אַליין האָבן זיי געהאַט. אַנצואווענדן אָט דאָס פריער געזאָגטע צו דער אידעיע וועגן פרייהייט, למשל, מיינט דאָס, אַז מענטשן באַגערן פרייהייט נישט סתם דערפאַר, ווייל ס'איז עפּעס אויף אַ מין אַבסטראַקטן אופן גוט, נאָר זיי רופן אָן פרייהייט די פעאיקייט זייערע צו דערגרייכן דאָס וואָס זיי באַגערן. אויס אָט דעם שפּינאָזיסטישן בליק, איז אַ גוטס וואָס קיינער וויל עס נישט, אַ וואָרט וואָס האָט מיט גוטס גאָרנישט וואָס צו טון, אַ וואָרט וואָס איז זיך אַליין סותר.

דער מענטש איז בטבע אַ מאָראַלישער בעל־חי, און אין אַלע ציוויליזאַציעס און געזעלשאַפטן באַשאַפט ער זיך יענע אידעאַלן לויט וועלכע ער וואָלט געוואָלט זיין לעבן זאָל אָנגיין. די דאָזיקע פעאיקייט פונעם מענטשן זיך אין געדאַנק פאָרשטעלן אַ בילד וועגן דעם ווי ער וואָלט גע־וואָלט זיין לעבן זאָל אויסזען, שיידט דעם מענטש אַזוי שאַרף אָפּ פון אַלע אַנדערע באַשעפענישן. און אויף וויפיל מענטשן און געשעענישן העלפן אים אָדער שטערן אים צוצוקומען צו אָט די אָנגעצייכנטע אידעאַלן, אויף אָט אַזוי פיל אורטיילט ער צי זענען זיי, לויט זיין מיינונג נאָך, גוט אָדער שלעכט.

איז הגם ס'איז אין שפּינאָזעס עטישע טעאָריעס גוט אָנזעעוודיק דער איינפלוס פון די מאָראַלע אידעאַלן אין אונדזערע מיטלאַלטערלעכע מוסר־ספרים, אידעאַלן, וועלכע ער האָט אין זיך איינגעזאַפּט נאָך ייִנגלווייז אין דער תלמוד־תורה עץ־חיים אין אַמסטערדאַם אונטער דער השגחה פונעם

באַרימטן מנשה בן־ישראל. האָט ער אָבער אַבסאָלוט אָפּגעוואָרפן יעדן מין אַסקעטיש־פאַרזאָרגטע, לעבנס־פאַרלייקענענדיקע אידעיען, וועלכע זענען געווען די הערשנדיקע אינעם מיטלאַלטער. און דאָס נישט דווקא נאָר ביי יידן, נאָר אויך ביי קריסטן.

שפּינאָזיזם איז אַדורכגעדרונגען מיט אַ מונטערער לעבנספרייִדיקייט, מיט אַ ליכטיקן אָפּטימיזם און איז פאַר דער אַלזייטיקער אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער פערזענלעכקייט. ער איז קעגן פּאַסיוון אַדורכשטופּן דאָס לעבן, און שטעלט זיך קעגן דער פאַרקנעכטונג פונעם מענטש און דער אונטערדריקונג פון זיינע נאַטירלעכע נייגונגען. דאָס דאָזיקע ווערט פאָרמולירט אין טייל 4 פון דער עטיק (אָנמערקונג צו פּראָפּאָזיציע 45) מיט אָט די ווערטער:

„קיין שום זאַך, באמת, אַחוץ פינצטערער און טרויעריקער אָבער־גלויבן, פאַרווערט נישט דעם מענטש זיך צו פרייען. דען פאַרוואָס זאָל עס זיין מער געזעצלעך צו שטילן דאָרשט און הונגער ווי צו פאַרטרייבן מעלאַנכאָליע? ...ס'איז פאַרן חכם צו ציען נוצן פון זאַכן, און אויף וויפיל נאָר מעגלעך פון זיי הנאה האָבן (דערביי אָבער נישט איבערכאַפּן די מאָס, וואָרום דעמאָלט איז עס שוין נישט מער קיין הנאה). ס'איז פאַרן חכם, זאָג איך, מיט אַ מאָס זיך צו דערקוויקן און קרעפטיקן מיט געשמאַקע מאכלים און געטראַנקען, ווי מיט שמעקנדיקע ריחות, מיט דער אידעלער שיינקייט פון בליענדיקע פלאַנצן, מיט לייטישער קליידונג, מיט מוזיק, מיט גימנאַס־טישע שפּילן, מיט טעאַטער און דאָס גלייכן, אַלץ אַזוינע זאַכן פון וועלכע איטלעך איינער קאָן געניסן אָן שום שאָדן פאַרן צווייטן".

שטעלט דערמיט שפּינאָזע פעסט, אַז מענטשלעכע באַגערן שטעלן צונויף דאָס גוטע, דעטערמינירן מאָראַלע ווערטן. די פראַגע בלייבט אָבער, וועלכע מענטשלעכע שטרעבונגען, באַגערן, וואונטשן, און אין וואָס פאַר אַ באַדינגונגען, שטעלט צונויף אַן אָביעקטיוו גוטס, דאָס הייסט, אַזאַ גוטס וואָס איז מערער ווי די באַזונדערע וואונטשן און באַגערן פון אַ וואָסערן עס איז מענטש? כדי אַ גוטס זאָל זיין אָביעקטיוו, מוז עס זיין גוט נישט נאָר פאַר מיר אָדער פאַר דיר, אָדער פאַר אַ באַזונדערער פּריווילעגירטער גרופּע, אָדער קלאַס, נאָר פאַר אַלע מענטשלעכע ברואים, נישט געקוקט

דערויף וואָס דער אָדער יענער דענקט אָדער פילט אַמאָל. וואָס שפּינאָזע גלייבט פּאַקטיש איז, אַז ווען די באַגערן פון אַ יחיד זענען איינגעשטעלט שכלדיק, ראַציאָנעל און קומען נישט אין קאָנפליקט מיט די באַגערן פון אַלע איבעריקע יחידים, קאָן דעמאָלט זייער רעאַליזירונג באמת צופרידנ־שטעלן דעם יחיד און אין דער אייגענער צייט זיין האַרמאָניש מיט די באַגערן און וואונטשן פון די אַנדערע יחידים. דערמיט האָט שפּינאָזע שאַרף אָפּגעגרענעצט די יעניקע וואָס ווערן געפירט דורכן שכל, דורך גוטע מידות, צו זוכן נאָר אַזוינע זאַכן וואָס אַלע קאָנען זיי האָבן, פון יענע מענטשן, גרופּן, אָדער קלאַסן, וועלכע פאָלגן אויס זייער זשעדנעקייט, זייערע ליידנשאַפטן און זוכן אַזוינע צילן, וואָס מ׳קאָן זיי, לויט זייער נאַטור נאָך, האָבן נאָר אויפן חשבון פון אַנדערע.

זאָגט שפּינאָזע: „דער וואָס לעבט לויט דער אָנפירונג נאָך פון שכל, באַגערט אויך פאַר אַנדערע דאָס גוטע וואָס ער באַגערט פאַר זיך אַליין״. (עטיק, טייל 4). אין אַן אַנדער אָרט זאָגט ער: „...דאָס גוטע וואָס יעדער איינער וועלכער גייט אויפן וועג פון טוגנד, פון גוטע מידות, באַגערט פאַר זיך, וועט ער אויך באַגערן פאַר אַנדערע מענטשן״. (עטיק, טייל 4).

איז דערפאַר אָט די פאָרמולירונג שפּינאָזעס פון אַן אַלמענטשלעכער עטיק, טאַקע אַ גוטע — אַן עטיק וואָס קאָן אָנגענומען ווערן פון אַלע מענטשן.

(די פראַגע איז נאָר צי אָט די שפּינאָזיסטישע לייזונג פונעם עטישן פּראָבלעם קאָן אַרבעטן אין אַזוינע געזעלשאַפטן, וועלכע זענען צעשפּאָלטן אין אַנטאַגאָניסטישע קלאַסן, איינער אַנטקעגנגעשטעלט קעגן דעם אַנדערן; וואָס ס׳איז גוט פאַר איין קלאַס, טויג דאָך במילא נישט פאַרן צווייטן קלאַס).

מיט זיין דיקטום: „נישט וויינען, נישט לאַכן, נאָר פאַרשטיין״, שטעלט שפּינאָזע פאַר זיך אַ ציל די באַפרייאונג פונעם מענטשן דורכן — פאַרשטייען די נאַטור אויסערהאַלב דעם מענטש, אַזוי גוט ווי זיין אייגענע נאַטור, און פאַרשטענדעניש צווישן מענטש און מענטש. דער צוועק זיינער איז צו העלפן דעם מענטש אויסוואַקסן, כדי צו מאַכן דאָס לעבן פול מיט באַדייט, דורכן אַנטוויקלען די איינגעבוירענע פעאיקייטן ביי יעדן יחיד. אָט אַזאַ לעבן, האָט ער געהאַלטן, איז כדאי צו לעבן.

אַנטקעגן דעם פּעסימיסטישן אויסקוק פון שפּינאָזעס בן־דור, דעם ענגלישן פילאָזאָף טאָמאַס האָבס, אַז „מלחמה פון אַלע קעגן אַלע" איז אַ נאַטירלעכער צושטאַנד ביי דער מענטשהייט, אַז „דער מענטש איז דעם מענטשן אַ וואָלף", קומט שפּינאָזע מיט זיין ליכטיקן אָפּטימיזם און גלויבן אינעם מענטשן, און שטעלט אַרויס זיין פּאָסטולאַט: „דער מענטש איז דעם מענטשן אַ גאָט!" שטעלט ער דערמיט זיך אַוועק קעגן קנאה און שנאה צווישן מענטשן, קעגן פיינטשאַפט צווישן פעלקער, קעגן מלחמה. תמיד דאַרף דער מענטש זיך באַמיען אויפצולעבן אין זיך די נאַטירלעכע נייגונגען, דאָס מיינט, די אמת מענטשלעכע, הומאַניסטישע נייגונגען זיינע. כסדר זיך אָנשטרענגען אָפּצוטעמפּן די שאַרף פון אונדזערע עגאָאיסטישע עמאָציעס. קיינמאָל נישט פאַרלירן דעם גלויבן אין מענטשלעכקייט.

„ס'איז פאַרן מענטש — זאָגט שפּינאָזע — נישטאָ גאָרנישט אַזוינס, וואָס זאָל אים זיין מער ניצלעך ווי דער מענטש — גאָרנישט, זאָג איך, קאָנען מענטשן, פאַר דער פּרעזערווירונג פון זייער זיין, קיין מער ווערטפולס זיך ווינטשן ווי דאָס, אַז אַלע זאָלן צווישן זיך צונויפשטימען מיט אַלצדינג, אַז ביי אַלע אינאיינעם זאָלן זיך די גייסטער און קערפּערס אַזוי אויספורעמען, ווי זיי וואָלטן געווען אַלע איין גייסט און איין קערפּער, און אַז אַלע זאָלן מיט איין דעה שטרעבן, אויף וויפיל ס'איז נאָר מעגלעך, צו פּרעזערווירן זייער זיין, און אַלע זאָלן אין דער אייגענער צייט זוכן דאָס וואָס איז ניצלעך פאַר אַלעמען. איז דערפון געדרונגען, אַז מענטשן וואָס לאָזן זיך פירן פונעם שכל, דאָס הייסט, מענטשן וואָס זוכן דאָס וואָס איז פאַר זיי ניצלעך לויט דער אָנווייזונג פונעם שכל, גלוסטן נישט פאַר זיך גאָרנישט אַזוינס וואָס זיי באַגערן אויך נישט פאַר אַלע אַנדערע מענטשן, און זענען דעריבער אין זייער אויפפיר במילא שוין גערעכט, ערלעך און ערנהאַפטיק". (עטיק, טייל 4, אַנמערקונג צו פּראָפּאָזיציע 18).

איז מיט אָט די אידעיען זיינע שפּינאָזע זיך צונויפגעקומען מיט אַריסטאָטלען. דאָס איז אַריסטאָטל געווען דער ערשטער צווישן די גרויסע פילאָזאָפן זיך צו דערטראַכטן צום טיפן געדאַנק, אַז מענטשלעך גליק באַשטייט נישט אין זעלבסטאינטערעס, אין אייגננוציקייט. גליקלעכקייט, לערנט אַריסטאָטל, באַשטייט אין אַן אַקטיוו לעבן, אינעם פולן אויסנוצן

די אייגענע קרעפטן — אַ פאַקט וואָס ווערט אויך באַשטעטיקט דורך דער היינטיקער פּסיכאָלאָגיע. נישטאָ אָבער, זאָגט ער, פאַרן מענטש קיין בע־סערער וועג אויסצונוצן די אייגענע קרעפטן, אַקטיוו צו זיין, ווי נאָר דורכן זוכן ביי יעדער געלעגנהייט צו העלפן אויסשפּרייטן און פאַרגרעסערן אַלע־מענס וואוילזיין. פונקט אַזוי אויך האַלט שפּינאָזע, ווי מיר זען עס דאָ, אַז די שטרעבונג צו אַלגעמיינעם וואוילזיין, צו אַ בעסער לעבן נישט פאַר זיך אַליין, נאָר פאַר אַלעמען, שטעלט מיט זיך פאַר דאָס העכסטע גליק פאַר יעדן יחיד. איז אָט דער מאָראַלער אַקטיוויזם זיינער דערצו אויך באמת דער העכסטער פּראָדוקט פון דער מענטשלעכער עוואָלוציע.

גלייבנדיק, אַז אין תוך גענומען איז דער מענטש אַ ראַציאָנעלע און אָרנטלעכע בריאה, וועלכס איז פונקט פאַרקערט דערפון וואָס יענער אַזוי גערופענער פּסיכאָאַנאַליזם, וועלכער שפּיגלט אָפּ די רעאַלע קאָנדיציעס אין דער היינטיקער עקזיסטירנדיקער סאָציאַל־עקאָנאָמישער אָרדענונג, זוכט צו באַווייזן, אַז ס'איז פאַרן מענטש נאָרמאַל צו פונקציאָנירן אויפן באַזיס פון זעלבסט־אינטערעס, פון אייגננוציקייט, דאָס מיינט, אַז בטבע איז דער מענטש נישט גוט נאָר שלעכט — איז שפּינאָזיזם דאָך ווייט פון יענעם פלאַכן אָפּטימיזם, וואָס מיינט אַז כדי אַרויפצופירן די מענטשהייט אויפן וועג פון הומאַניזם, פון שכלדיקייט, איז אַלץ וואָס ס'איז פאַר דעם נייטיק זענען רייד בלויז. אויב די קראַפט פון הוילע רייד וואָלט באמת אַזוי גרויס געווען — וואו וואָלטן מיר שוין היינט באַדאַרפט אָנשפּאַרן? ס'וואָלט דאָך היינט געווען שוין אַ גן־עדן אויף דער ערד. ניין, שפּינאָזיזם פאַרזעט נישט די סאָציאַלע, פּאָליטישע און עקאָנאָמישע קאָנדיציעס וועלכע באַ־איינפלוסן און דעטערמינירן דעם מענטשנס עמאָציעס און זיינע טואונגען צום גוטן ווי צום שלעכטן.

זאָגט שפּינאָזע אין טייל 4 פון דער עטיק:

„... קיין שום זאַך איז נישט מער ניצלעך דעם מענטשן ווי אַ מענטש וואָס לעבט לויט דער אָנפירונג נאָך פונעם שכל... דאָך אָבער טרעפט עס זעלטן, אַז מענטשן זאָלן לעבן לויט דער אָנפירונג נאָך פונעם שכל, מחמת זאַכן זענען צווישן זיי אַזוי איינגעשטעלט, אַז ווי אַ כלל זענען זיי זיך מקנא און איינער איז דעם אַנדערן אַ לאַסט".

האָט שפּינאָזע מיט אָט די לעצטע ווערטער זיינע: „מחמת זאַכן זענען צווישן זיי אַזוי איינגעשטעלט", אאַז"וו, געוויזן, אַז ער האָט געהאַט אַ זין פאַר דער רעאַלקייט, פאַר די היסטאָרישע פּראָצעסן און ענדערונגען, וואָס הערן קיינמאָל נישט אויף. מ׳קאָן אין דעם געפינען אַן אָנוואונק אויף די סיבות, וואָס פירן מענטשן צו קנאה און צו שנאה און די אַנדערע אומ־געזונטע אַנטי־סאָציאַלע עמאָציעס פון אָט דעם מין. זיינע ווערטער זענען אַן אָנדייט אויף דער צעטיילונג און צעריסנקייט, אויף די קריגערייען און די אַנדערע איבלען אין אַלע ביז־היינטיקע צעשפּאָלטענע קלאַסן־געזעלשאַפטן, וועלכע האָבן עס אַרויסגעבערענגט אָט די אַלע „שיינע" מידות, וואָס האָבן אַזוי טיף זיך איינגעשניטן אין דער מענטשלעכער פּסיכיק, און פון וועלכע ס׳קומט היינט אַזוי שווער אָן פּטור צו ווערן — אַפילו אויך דאָרטן וואו די געזעלשאַפט איז שוין נישט מער צעשפּאָלטן אין אַנטאַגאָניסטישע, אַנטקעגנגעשטעלטע קלאַסן.

דאָס מיינט אָבער אויך נישט, אַז פערזענלעכע מאָראַלע ווערטן, ווי ערלעכקייט, דאָס קאָאָפּערירן מיטן צווייטן און פּשוטע מענטשלעכע וואַרעמקייט — אַז אָט די אַלע פיינע מענטשלעכע מידות זענען גאָר נישט בנמצא, נישטאָ גאָר. ניין! די דאָזיקע אַלע מידות טובות זענען דאָ היינט, פּונקט ווי זיי זענען געווען אין אַלע צייטן, אויך אונטער אַלע ביז־היינטיקע אַנטאַגאָניסטישע סאָציאַלע סיסטעמען. וואָרום אָן זיי וואָלט די וועלט גאָר קיין קיום נישט געקאָנט האָבן. און ווי וואָלט מען אָן זיי בכלל גאָר געקאָנט האָפן אויף אַ בעסערער וועלט? די צרה איז נאָר, וואָס אין אַ צעשפּליטער־טער, צעריסענער געזעלשאַפט, אין וועלכער ס׳גייט אָן אַן אייביקע מלחמה צווישן דער פּריווילעגירטער מינאָריטעט, די באַלעבאַטים איבערן לעבן, מיט דער נישט־פּריווילעגירטער מערהייט פון דער באַפעלקערונג, ווערן אָט די אַלע גוטע מידות שוין גאָר נישט דערמוטיקט.

(ווען דאָ אַגב כדאי זיין אָנצואווייזן אַז אַנטראָפּאָלאָגן האָבן שטאַרקע באַווייזן דערויף, אַז די עוואָלוציע פונעם מענטש, זינט ער האָט גענומען שטעלן די ערשטע טריט זיינע אויף דער ערד, ביזן אויפקום פון צעשפּאָל־טענע, אַנטאַגאָניסטישע קלאַסן־געזעלשאַפטן, איז די נייגונג זיינע געווען גיכער אין דער ריכטונג פון קאָאָפּעראַציע ווי פון קאָנפליקט. ווערט דאָ

מיט „קאָאָפּעראַציע“ געמיינט די שטרעבונג ביי אַלעמען צו דערגרייכן אַזוינע צילן, וואָס זענען פאַרן וואוילזיין פון אַלעמען. אָט דאָס איז די מיינונג פון גרויסן אַמעריקאַנער אַנטראָפּאָלאָג אַשלי מאָנטאַגיו. ס'איז אין יענע געזעלשאַפטן, זאָגט ער, געקומען צום אויסדרוק דער באַגער פון די מענטשלעכע וועזנס צו לעבן ביינאַנד אין פרידן און אין שאַפנדיקער האַרמאָניע).

בקיצור, אונטער אָט די אומשטענדן, מוז דעריבער איטלעך איינער כסדר און אומאויפהערלעך אויף זיך אַרבעטן, נישט פאַרשלונגען צו ווערן פון דער קנאה און שנאה און די אַלע אַנדערע ליידנשאַפטן און עמאָציעס פון אָט דעם מין, אַז זיי זאָלן איבער אים נישט קריגן די איבערמאַכט — ווי אין פרק שטייט: „איזהו גיבור הכובש את יצרו“ — דער איז אַ גיבור, וואָס באַגוועלטיקט זיינע עמאָציעס. ס'איז אינעם מענטשנס לעבן קיינמאָל נישט צו פרי אָנצוהייבן פּראַקטיצירן קאָנטראָל איבער די אַנטי־סאָציאַלע עמאָציעס, זיי איינצוזימען און איבערוועלטיקן, און ס'איז קיינמאָל נישט צו שפּעט. דער פאַקט איז, אַז אָט די עמאָציעס און ליידנשאַפטן, גיסנדיק זייער סם אין מוח אַריין, זענען אין אַן אומענדלעכער, קיינמאָל נישט־אויפהערנ־דיקער מלחמה מיטן שכל. זיי, די עמאָציעס, ווייסן אַז פאַרשטאַנד, אַז וויסן זענען זייערע טויטלעכע שונאים, זייערע פּאָטענציעלע באַהערשער.

דעם לעצטן, פינפטן טייל פון דער עטיק, פאַרענדיקט שפּינאָזע מיט אָט די ווערטער:

„אויב דער וועג וואָס פירט דאָרט אַהין, וואוהין איך האָב אָנגעוויזן, זעט אויס צו זיין אַן אומגעהייער שווערער, קאָן מען אים אָבער דאָך אויס־געפינען. אַוודאי מוז שווער זיין דאָס וואָס ווערט אַזוי זעלטן געפונען. וואָרום ווי וואָלט עס מעגלעך געווען, ווען דאָס גליק וואָלט געווען גרייט גלייך צו דער האַנט, און מ'וואָלט עס געקאָנט געפינען אָן גרויסער אָנ־שטרענגונג, אַז ס'זאָל דורך אַלעמען פאַרזען ווערן?

„אָבער אַלץ דאָס וואָס איז דערהויבן, איז פונקט אַזוי שווער ווי זעלטן“..

* * *

מיט אומשטערבלעכקייט, מיט אייביקן לעבן, האָט שפּינאָזע נישט גע־מיינט די רעליגיעזע דאָגמע וועגן אַ לעבן נאָכן טויט, נאָר דאָס דערגרייכן ביים לעבן אַ הויכע קוואַליטעט אינעם דענקען און אין טואונגען, אין גוטע מעשים. מיט זיין דעפיניציע, אַז דער טויט איז דער פינאַל פונעם מענטשנס לעבן, לייקנט ער אַ וואָסער עס איז קוואַליטאַטיוו אַנדער לעבן פאַר אַ „נשמה" נאָכן טויט.

זאָגט שפּינאָזע: „דער גייסט קאָן זיך פאָרשטעלן וואָס עס איז, אָדער זיך דערמאָנען אין זאַכן פון דער פאַרגאַנגנהייט, אַזוי לאַנג נאָר, כל זמן דער קערפּער עקזיסטירט". (עטיק, טייל 5, פּראָפּאָזיציע 21).

ווען אַ מענטשנס לעבן איז פאַראיבער, בלייבט דער אמת, אַז ס'איז געווען אַזאַ און אַזאַ מענטש, און נישט קיין אַנדערער. אַ מענטש וואָס קאָן זיך זעלבסט זען אונטער דער פאָרם פון אייביקייט, ווייסט, אַז ער קאָן נישט שטאַרבן אין גאַנצן, אַפילו ווען ער שטאַרבט. וואָרום נאָך זיין טויט בלייבט אַלץ דער אמת וועגן זיין לעבן. האָבנדיק אין זינען דאָס אייביקע, הערט ער אויף אין זינען צו האָבן יענעם טייל פון זיך וואָס קאָן שטאַרבן. איז אמת טאָקע אַזאַ מין אומשטערבלעכקייט אַן אידעאַל וועלכן ס'איז גאָר נישט אַזוי גרינג צו דערגרייכן. דער פאַקט איז, אַז די מורא פאַר אינדיווידועלן און אוניווערסאַלן טויט, איז ביי דער גאָר גרויסער מערהייט מענטשן דער דאָמינירנדיקער געפיל און אַ קוואַל פון פּיין. דער אָבער, וואָס קומט־צו צו יענער הויכער מדרגה און לעבט שוין ביי זיין לעבן אין דער אייביקייט, לעבט ער טאָקע צוליב דעם נישט לענגער, נאָר ס'ליגט אים שוין מער פּשוט אין זינען נישט דער טויט. איז הגם דער טויט האָט נישט פאַרלוירן זיין רעאַ־ליטעט, האָט ער אָבער פאַרלוירן זיין שאַרפן שטאָך און הערט אים אויף צו פאַראומערן דאָס לעבן. אָט דאָס וויסן אַז ער מוז שטאַרבן, הייבט אים אַריבער, אין אַ זין, איבער דער שטערבלעכקייט, דורך מאַכן אים פאַר אַ מיטבאַטייליקטן אין דער וויזיע פון אָט דעם אייביקן אמת. ער ווערט אַ צוקוקער צו זיין אייגענער טראַגעדיע. איז דער דאָזיקער אמת טאָקע אום־דערבאַרעמדיק טראַגיש, ער מאַכט אָבער פריי יענעם וואָס וואַרפט זיך אונטער דעם אומפאַרמיידלעכן גורל און מאַכט שלום מיט אָט דעם טרויעריקן אמת.

זאָגט שפּינאָזע אין טייל 4 פון דער עטיק, (פּראָפּאָזיציע 67): „אַ

פרייער מענטש טראַכט וועגן קיין זאַך נישט אַזוי ווינציק ווי וועגן טויט, און די חכמה זיינע איז נאָכצוקלערן נישט וועגן טויט, נאָר וועגן לעבן".

.2

וויפיל פון שפינאָזעס סיסטעם איז אָנגענומען היינט? די פראַגע וואָלט באַדאַרפט אייגנטלעך זיין אַזאַ: האָבן די קאָנצעפּציעס וועלכע ער האָט קלאָר געמאַכט, אויסגעהאַלטן די פּראָבע פון דער צייט? איז דער ענטפער, אַז דער שפּיץ פון זיין פילאָזאָפישן סיסטעם, די קאָנצעפּציע זיינע וועגן דער איינהייט פונעם אוניווערס, דאָס הייסט, אַז פאַראַן איז בלויז איין איינציקע אוניווערסאַלע סובסטאַנץ, וועלכע איז אונדז באַקענט דורך די צוויי אַטריבוטן: אויסשפּרייטונג (מאַטעריע) און דענקען (גייסט) — אַז אָט די טעאָריע זיינע שטימט זיך פולשטענדיק צונויף, נאָך דריי הונדערט יאָר, מיט דער היינטצייטיקער ביאָלאָגישער וויסנשאַפט. ווען מ'האָט דערצו נאָך אויך אין זינען, אַז אין זיין צייט, אין זיבעצנטן יאָרהונדערט, האָט מען נאָך ווינציק וואָס געוואוסט וועגן ביאָלאָגיע און עוואָלוציע. מ'האָט נאָך באַדאַרפט וואַרטן כמעט צוויי הונדערט יאָר אויף דאַרווינס „דער אָפּשטאַם פון די מינים". וועט דאָ געוניג זיין אָט דער איינער ביישפּיל: לויט דער היינטיקער ביאָלאָגיע זענען די געהירן — דער מוח — דער סאַמע העכסטער און קאָמ־פּליצירטסטער טייל פונעם נערוון־סיסטעם, וועלכער האָט דערגרייכט זיין פולסטע אַנטוויקלונג אינעם מענטש. דער מוח, וואָס איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן אויפקום פונעם דענקען און באַוואוסטזיניקייט, באַשטייט פון מאַטעריע, פון צעלן וואָס זענען אָרגאַניזירט אויף אַ באַשטימטן און ספּעציעלן אופן. דענקענדיקער גייסט איז דעריבער נישט, ווי ס'האָט געהאַלטן דעקאַרט, אַ מין באַזונדערע סובסטאַנץ, צוגעגעבן צו דער מאַטעריע, נאָר ווי ס'האָט שפּינאָזע אויפגעוויזן, אַן אַטריבוט, אַן אייגנשאַפט פון דער איין און איינ־ציקער סובסטאַנץ, אַ פונקציע פון אַ באַשטימטן מין מאַטעריע.

וועט דאָ ביי דער געלעגנהייט, אגב נישט זיין איבערגעטריבן צו זאָגן, אַז מיינסטע מענטשן, אַפילו היינט, זענען נאָך אַלץ אָנהענגער פון דעקאַרטס דואַליסטישער פילאָזאָפיע, אַליין נישט וויסנדיק דאָס, דאָס

הייסט, זיי זענען אָנהענגער פון זיין טעאָריע, אַז די וועלט באַשטייט אויס צוויי באַזונדערע, זעלבשטענדיקע סובסטאַנצן — איינע אַ מאַטעריעלע און די אַנדערע אַ גייסטיקע. די פּאָפּולערע פילאָזאָפיע צווישן מענטשן, באַ־גרינדעט אויף דער יידישער טראַדיציע — ווי אויך אויף דער קריסטלע־כער — צעטיילט דעם מענטש אויף קערפּער און נשמה. דער קערפּער איז צונויפגעשטעלט אויס מאַטעריע, ווי ס׳שטייט געשריבן: עפר אתה ואל עפר תשוב (בראשית, י״ט) — שטויב ביסטו און צו שטויב זאָלסטו זיך אומקערן. און די נשמה ווערט באַטראַכט ווי אַ באַזונדערע סובסטאַנץ, אַ חלק אלוהי ממעל — אַ טיילכל פון דער העכערער גאָטהייט. און זי, די נשמה, בלייבט, אין הסכם דערמיט, אויך לעבן נאָכן טויט פונעם קערפּער.

איז הגם שפּינאָזיזם פאַרזיכערט, אַז דענקען, אַז גייסט קאָן נישט זיין אָן דער אַנדערער העלפט זיינער, אָן אַ קערפּער, דאָס הייסט, אָן מאַטעריע, און איז פון איר אָפּהענגיק, פּראָקלאַמירט ער אָבער אין דער אייגענער צייט די פעאיקייט פונעם מענטשלעכן גייסט צו באַהערשן די מאַטעריע. שפּינאָזיזם איז אַ סיסטעם, וואָס גלייבט און אָנערקענט אָן שום באַגרענעצונגען אָדער רעזערוואַציעס די אומענדלעכע פּאָטענציעלקייטן פון דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט. זיין גלויבן אין דער מענטשלעכער נאַטור איז אָן אַ גרענעץ. דערמיט האָט ער זיך געשטעלט אַנטקעגן די מעכאַנישע מאַטעריאַליסטן אין זיין צייט, ווי גאַסענדי, דע ראַי, ווי אויך קעגן די שפּעטערדיקע, מיט דעם וואָס יענע האָבן לחלוטין איגנאָרירט די וועלט פון גייסט, דערקלערנדיק אַז ס׳איז דאָ נאָר איין וועלט — די וועלט פון נישט־דענקענדיקער מאַטעריע.

זיין הויפּט־אַרבעט איז צו העלפן דעם מענטש וואָס אַקצעפּטירט אַ וויסנשאַפטלעך־נאַטוראַליסטישן וועלט־באַנעם, זיך צו פילן זיכער און אין דער היים, סיי מיט זיך אַליין, אַזוי גוט ווי אין דער נאַטור, און צו מאַכן אים מסוגל פאַר אַ ציל־געווענדט, סאָציאַל־פאַראַנטוואָרטלעך לעבן דאָ, אויף דער־וועלט און אַט איצט.

דאַרף דאָ נאָך צוגעגעבן ווערן, אַז מיט זיין מאָניסטישער לייזונג פונעם גרונט־פּראָבלעם אין יעדן פילאָזאָפישן סיסטעם, דורך זיין אידענ־טיפיצירן מאַטעריע מיט גייסט, דאָס הייסט, די איינהייט פון גייסט און

קערפּערביים מענטש, ווי אויך מיט זיין לערע וועגן די עמאָציעס,ליידנ־שאַפטן — אַ ביז איצט אומאיבערגעטראָפּענער אַנאַליז, לויט זיין טיפ־קייט און קראַפט פון איבערצייגונג, וועגן דעם מעכאַניזם פון דער מענטש־לעכער פּערזענלעכקייט — אַז מיט אָט די טעאָריעס זיינע האָט שפּינאָזע געלייגט אַ גרונט־שטיין פאַר דער מאָדערנער, היינטצייטיקער פּסיכאָלאָגיע.

אויך דאָס לעצטע אין דער מעדיצינישער וויסנשאַפט, די פּסיכאָ־סאָמאַטישע טעאָריע, איז געבויט אויף אָט דער שפּינאָזיסטישער קאָנ־צעפּציע וועגן דער איינהייט פון גייסט און קערפּער. לויט אָט דער טעאָריע קאָנען פּסיכישע (גייסטיקע) פאַקטאָרן אַרויסרופן קערפּערלעכע, אָרגאַנישע קראַנקהייטן, ווי האַרץ־קראַנקהייט, מאָגן־קראַנקהייט, אַסטמע, אַלערגיעס, כעמישע צערודערונגען אין קערפּער, און אַנדערע. אָט די טעאָריע ווייזט, אַז פּסיכישע סיבות האָבן אַ גלייכן חלק מיט פיזישע אין קערפּערלעכער צערודערונג. די דאָזיקע טעאָריע האָט פעסטגעשטעלט דעם פאַקט, אַז אַזוינע עמאָציעס, למשל, ווי כעס, שרעק אָדער זאָרג קאָנען זיין די סיבות פאַר ערנסטע פיזישע קראַנקהייטן. די פּסיכאָסאָמאַטיק פאַרזיכערט, אַז גייסט און קערפּער באַווירקן איינס דאָס אַנדערע אין קראַנקהייט ווי אין געזונט. וואָס די פּסיכאָסאָמאַטישע מעדיצין זוכט היינט איז וואָס מערער צו דערגיין וועגן די צווישנאַנאַנדיקע באַציאונגען צווישן קערפּער און גייסט, און וואָס ס׳קאָן געטון ווערן, אַז די דאָזיקע באַציאונגען זאָלן וואָס מערער האַרמאָ־נירן צווישן זיך. זי באַמיט זיך צו פאַרוואַרפן אַ בריק צווישן די פיזישע און פּסיכישע דערשיינונגען.

ווייטער, די אידעיע זיינע אַז די נאַטור איז זעלבסט־עקזיסטירנדיק אין אירע מאַניפעסטאַציעס פון לעבן, אַז זי איז איר אייגענע סיבה, אַז נישט זי דאַרף און נישט זי נייטיקט זיך אין דרויסנדיקער הילף, און אַז אויך גאָט אַליין איז אונטערגעוואָרפן צו די אייגענע געזעצן ווי די גאַנצע נאַטור, אין וועלכער ס׳הערשט אַ שטרענגע קאַוזאַליטעט — איז אויך אָט די שפּינאָזיסטישע קאָנצעפּציע האָט אויסגעהאַלטן די פּראָבע פון דער צייט. מיטן איינציקן חילוק נאָר, וואָס נוצנדיק די דאָזיקע שפּינאָזיסטישע קאָנ־צעפּציע האָט אָבער די וויסנשאַפט היינט די פולע ברירה צו רעדן גיכער וועגן נאַטור ווי וועגן גאָט, נישט ווי ס׳האָט זיך פּראַקטיצירט אין שפּינאָזעס צייטן.

קוקנדיק צוריק, מוז מען זאָגן, אַז הגם אין זיין הויפּט־פילאָזאָפיש ווערק, די עטיק, וואַרפט זיך כסדר אין די אויגן די טאָפּל־שפּיל, אַמאָל גאָט און אַמאָל נאַטור, האָט אָבער, ווי מיר האָבן געזען, שפּינאָזעס „גאָט" גאָרנישט וואָס צו טון מיט אַ וואָסערן עס איז טראַדיציאָנעל־רעליגיעזן וועלט־באַנעם. אָט אַזוי איז זיין גאָט דער שטאַרקסטער ביישפּיל פאַר דעם, ווי שפּינאָזע האָט אין זיין וועלט־באַנעם זיך געקאָנט אויפהייבן איבער אַלע צייטן. איז ער אָבער אין זיין אויסדרוקס־פאָרם, אין זיין שפּראַך־באַנוץ קיינמאָל נישט געווען זיכער נישט צוריק צו פאַלן צו דער סכאָ־לאַסטיק מיט אירע מעטאַפיזישע אויסדרוקן. זיכער איז אָבער דאָס, אַז ער איז געווען אַ דענקער אָן מורא און אָן טאַדל. ס'איז אפשר אין זיבעצנטן יאָרהונדערט קיין איין מענטש נישט אַזוי פריי געווען ווי ער פון די פּענטעס פונעם מיטלאַלטער, וועלכער האָט בלינד אונטערגעוואָרפן דאָס דענקען ווי די מאָראַל צו דער רעליגיע.

אויב ווידער ס'קאָן ביי אונדז היינט אויסזען אומלאָגיש די האַר־ציקע פרייד זיינע מיט דער „אינטעלעקטועלער ליבע צו גאָט" — דאַרף מען דערביי אין זינען האָבן, אַז שפּינאָזע האָט גאַנץ אָפט געניצט אַ צווייַדייטיק לשון, צוליב סיבות וואָס וועלן שפּעטער אויפגעקלערט ווערן. ווען ער רעדט בכן וועגן „אינטעלעקטועלער ליבע צו גאָט" — האָבן ביי אים סיי די „ליבע" און סיי „גאָט" קיין שום שייכות נישט מיט די געוויינט־לעך אָנגענומענע דעפיניציעס וועגן אָט די אויסדרוקן. דעמאָלט זעט די זאַך שוין אויס גאַנץ אַנדערש. „ליבע" ווערט דורך אים געוויינטלעך דעפינירט ווי די פעאיקייט, די קאַפּאַציטעט אַרומצוכאַפּן, צו באַנעמען די אומענדלעכע מעשים פון גאָט, און גאָט ווידער ווערט דורך אים דעפינירט ווי די נויט־ווענדיקייט אין דער נאַטור, אין און אויסערהאַלב דעם מענטש. האָט דאַך שפּינאָזע געהאַלטן, ווי שוין פריער געוויזן, אַז אונדזער וואוילזיין, אונדזער פרייהייט איז אָפּהענגיק דערפון ווי קלאָר מיר קאָנען אַרומכאַפּן, באַנעמען די נויטווענדיקייט. דאָס העכסט־מעגלעכע גליק, האַלט ער, איז צוצוקומען צו קאָסמישער באַוואוסטזיניקייט, פול צו ווערן מיט דערהויבענער פרייד, איבערן סובלימירטן, גראַנדיאָזן ספּעקטאַקל, וואָס די איינהייט פון דער גאַנצער רעאַליטעט, פונעם אוניווערס, שטעלט מיט זיך פאָר.

אומלאָגיש מוז אונדז היינט אויך אויסקוקן דאָס וואָס אָט דער איי־דעלער מענטש, וועלכער איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַזוי פיל אומגערעכ־טיקייטן אין לעבן, ער, וועלכער האָט אַזוי שאַרף געקעמפט קעגן פאָר־אורטיילן און אַבערגלויבנס, זאָל זיך ביי אים דאָך אַריינכאַפּן אַן אויסדרוק וואָס שמעקט מיט פאָראורטייל קעגן פרויען. האָט פאָר דעם, ווייזט אויס, געמוזט זיין אַ סיבה. וואָס אָבער ס'זאָל נישט געווען זיין די סיבה, בלייבט דער פאַקט, אַז אָט דער אינטעלעקטועלער ריז און הומאַניסט, איז נישט געווען בכוח זיך אויפצוהייבן פולע הונדערט פּראָצענט איבער די פאָר־אורטיילן קעגן פרויען, וואָס האָבן געהערשט אין זיין צייט.

אויב מיר געפינען ביי אים ערגעץ וואו אַ שפּאַלט אָדער אַ בלייז, איז עס פּשוט דערפאַר ווייל ער האָט דאָך אין זיינע ווערק, נאָך אַלעמען, נישט געקאָנט קלאָר מאַכן אַלע נויטן פון אונדזער היינטיקער צייט. דאָס וואָס זעט בכן אויס היינט אַמאָל אומלאָגיש אין שפּינאָזעס סיסטעם, איז עס אַזוי געוואָרן נאָך דריי הונדערט יאָר פון סאָציאַלע און וויסנשאַפטלעכע רעוואָלוציעס. שפּינאָזען דאַרפן מיר דעריבער אָקצעפּטירן אין זיין היס־טאָרישן באַדייט.

דער פאַקט בלייבט אָבער דאָך, אַז בכלל גענומען איז ביי שפּינאָזען גאַנץ ווינציק דאָ אַזוינס וואָס שפּעטערדיקע אַנטוויקלונגען זאָלן נישט האָבן געגרעכטפאַרטיקט..

מחמת דער אַבסאָלוטער אומאייגננוציקייט פון זיין גרינדער, אויף וואָס ס'ווייזט אַן זיין אָרעם לעבן, נישט האָבנדיק אַליין קיין חלק אין די גע־ווינסן און פּריווילעגיעס פון דער ניי־אויפשטייגנדיקער בורזשואַזיע, זייענדיק דער אידעאָלאָג פון איר פּראָגרעסיוון אָפּשניט, האָט דער רעוואָלוציאָנערער כאַראַקטער פונעם שפּינאָזיזם ווייט אַריבערגעשטיגן די ענגע פּערספּעקטיוון פון די מענטשן אין זיין צייט. איבער זייערע קעפּ האָט ער אַריבערגעשליי־דערט אידעיען, וועלכע האָבן ערשט געקאָנט אויפגענומען ווערן הונדערט יאָר נאָך זיין טויט. זיינע לערעס שטעלן מיט זיך פאָר אַ רעוואָלוציאָנערן כוח. האָבן זיי דעריבער, ווען די צייט איז פאַר זיי געקומען, געשטויסן צום אויפפּראַל פון יענע אידעיען, וועלכע האָבן עטאַבלירט אַ נייע אָרדענונג (די פראַנצויזישע רעוואָלוציע, די אויפקלערונג אינעם אַכצנטן יאָרהונדערט).

אַז שפּינאָזיזם זאָל אויך האָבן געהאָלפן אויספורעמען דעם מאַרק־סיזם קאָן גאָר קיין פראַגע נישט זיין. דער מאַרקסיסטישער וועלט־באַנעם איז אויף פאַרשידענע אופנים פאַרבונדן און קומט זיך צונויף מיטן שפּינאָזיזם. דאָ וועט געגוג זיין אָנצואווייזן אויף דעם איינעם, למשל, וואָס ביידע, סיי שפּינאָזיזם און סיי מאַרקסיזם, האָבן צוריק אויפגעלעבט יענעם לאַנג־פאַרגעסענעם אידעאַל פון הומאַניזם, וועלכן ס׳האָט פּראָקלאַמירט דער פאַרצייטיקער גריכישער פילאָזאָף פּראָטאַגאָראַס, מיט זיין דיקטום, אַז „דער מענטש איז די מאָס פאַר אַלע זאַכן״. מאַרקסיסטן, אָנהייבנדיק מיט די גרונט־לייגער פונעם מאַרקסיזם, שעצן זייער הויך שפּינאָזען. דעם שפּינאָזיסטישן פּרינציפּ: „נישט וויינען, נישט לאַכן, נאָר פאַרשטיין״, וואָס איז אַ גרונט־שטיין אין שפּינאָזעס סיסטעם, האָט מאַרקס געמאַכט פאַר זיין מאָטאָ. שפּינאָזע איז געווען איינער פון די, וועלכער זעענדיק די אומגע־רעכטיקייטן אין דער געזעלשאַפט, האָט ער געקעמפט פאַר סאָציאַלער ענדע־רונג מיט יענע אינטעלעקטועלע מיטלען, וועלכע זיין צייט האָט אים גע־קאָנט צושטעלן.

* * *

שפּינאָזעס קרוין־ווערק די עטיק האָט איבערגעלאָזט אַ דויערהאַפּ־טיקן איינדרוק אויף די וויכטיקסטע דענקער אין די לעצטע פאַר הונדערט יאָר. האָט אָבער דער דאָזיקער באַנד, אַ חוץ צווישן פּראָפעסיאָנעלע פילאָזאָפן, נישט געגאָסן פון יענער גרויסער פּאָפּולאַריטעט, וועלכע ער האָט פאַר־דינט. נישט נאָר דער געוויינטלעך אינטעליגענטער לייענער, נאָר אויך יענער וואָס איז היימיש אין דער פילאָזאָפישער ליטעראַטור, שטויסט זיך אָפט אָן אויף שוועריקייטן.

איז דאָס אייגנטלעך, וואָס מאַכט שפּינאָזעס עטיק נישט גענוג צו־געגלעך פאַרן היינטיקן לייענער און איינס פון די שווערערע ווערק אין דער פילאָזאָפישער ליטעראַטור, נישט אַזוי פיל אַן אינערלעכע ווי אַן אויסער־לעכע שוועריקייט — צוליב דער פאָרם אירער. דאָס איז די מאַטעמאַטישע פאָרם וועלכע האָט אין שפּינאָזעס צייט געדינט נישט נאָר ווי אַ מיטל פאַר וויסנשאַפטלעכער פאָרמולירונג, נאָר אויך אין דער פילאָזאָפיע — אַ פאָרם וועלכע איז אָבער היינט געוואָרן פרעמד און נישט צוגענגלעך פאַרן היינט־

צייטיקן לייענער. מחמת דער געאָמעטרישער פאָרמולירונג פון די אויפֿ־ ווייזן אין דער עטיק, מיטן גאַנצן קלאָפּערגעצייג וואָס איז דערמיט פאַר־ בונדן — מיט דעפיניציעס, פּאָסטולאַטן, אַקסיאָמען, פּראָפּאָזיציעס, קאָראָ־ לאַריס — האַלט דער לייענער אין איין פאַרלירן דעם פאָדעם פונעם געדאַנק און מוז זיך כּסדר צוריק אומקערן צו די פריערדיקע אויספירן, וועלכס פירט אים אַוועק פון דער גלייכער ליניע פון דער אַנטוויקלונג. אָט דער־ פאַר איז די עטיק, אינעם אייגנטלעכן זינען, נישט פון די גרינגע ווערק פאַרן לייענער. אַלבערט איינשטיין, אַ גרויסער שפּינאָזע־פאַרערער, האָט זיך באַקלאָגט דערויף, וואָס „צווישן די גרויסע קלאַסישע דענקער איז שפּינאָזע איינער פון יענע וואָס זענען צום ווינציקסטן צוגענגלעך, מחמת זיין שטרענגען אָנהאַלטן זיך אין דער געאָמעטרישער אַרגומענטיר־פאָרם". ס'איז זיין מיינונג, אַז שפּינאָזעס אויסדרוקס־פאָרם, זיין סטיל, איז גאָר קיין פאַרגלייך נישט מיט דער קלאָרקייט און רייכקייט פון זיין געדאַנק.

איז הגם שפּינאָזע האָט אין דער עטיק פון איין זייט זיך אָנגע־ שטרענגט צו דעמאָנסטרירן זיינע אידעיען אויף אַ שטרענג מאַטעמאַטישן אופן, און פון דער צווייטער זייט האָט ער פאַר זיין נייער פילאָזאָפיע געמוזט זיך באַנוצן מיט דער איר צייט שוין איבערגעלעבטער אַלטער רעליגיעז־ סכאָלאַסטישער טערמינאָלאָגיע און סטיל — האָט דאָס אָפּגעבן זיך מיט פילאָזאָפיע פאַר אים נישט געמיינט קיין אַקאַדעמישע חקירות, סתם זיך פּילפּולן, נאָר אַזאַ פילאָזאָפיע וואָס קומט אַנטקעגן די נויטן און באַדערפֿע־ נישן פונעם מענטשן.

ס'איז אין זיבעצנטן יאָרהונדערט, די גאָלדענע עפּאָכע פונעם ראַציאָ־ נאַליזם, אַ יאָרהונדערט אָנגעפּאַקט מיט קאָלירפולע וויסנשאַפטלעכע אויפֿ־ טואונגען, שפּינאָזע נישט געווען דער איינציקער צו באַנוצן זיך אין זיינע ווערק מיט מאַטעמאַטישע אויפֿווייזן. ווי אַלע גרויסע דענקער אין זיין צייט, איז אויך ער געווען אַ מאַטעמאַטיקער. האָט ער געהאַט אַ שטאַרקן דראַנג אָנצוּוואָוענדן די מאַטעמאַטישע לאָגיק. דאָס האָט אים אויסגעזען צו זיין אַ מין פעסטער אַנקער, וועלכער לאָזט נישט צו קיין ספקות און גיט זיכערקייט אין מיטן ים פון די כּסדר זיך בייטנדיקע מיינונגען, השערות אָדער גלאַט טרעפענישן. אין יענער צייט האָט מען נישט נאָר אין דער

וויסנשאַפט און פילאָזאָפיע, נאָר אויך אין אַנדערע קולטור־פעלדער, ערלעך געגלייבט אין דער איבערמאַכט פון פיקסירטע, פעסטע כללים אין יעדער ספערע פון לעבן. גרויסע גייסטער האָבן זיך דעמאָלט גאַנץ געמיטלעך באַוועגט לאָגיש און פריי אינעווייניק אין די ענגע גרענעצן פון דער מאַטעמאַטיק.

אַז שפּינאָזע זאָל מוזן אַריינשפּאַרן אַן אויפגעברויזט אינערלעך לעבן אינעווייניק אין די ענגע גרענעצן פון געאָמעטרישע אויפוויזן, זעט אונדז היינט כמעט אויס ווי אַן אוממעגלעכקייט, ווען מ׳האָט נאָך דערצו אויך אין זינען אַז דאָס וואָס דער קען־צייכן זיינער איז געווען נישט צו דענקען אַבסטראַקט, נאָר צוליב אַ באַשטימטן, קאָנקרעטן, ממשותדיקן ציל, ווי אויך די קרישטאָל־קלאָרע לאָגיק פון זיינע געדאַנקען.

מאַקסים גאָרקי, דער גרויסער רוסישער שרייבער, אַליין אַ פאַר־ערער פון שפּינאָזען, דריקט אויס זיין באַדויער איבער שפּינאָזעס מאַטע־מאַטישער פאָרם מיט אָט די ווערטער: „וואָס פאַר אַ טעות איז עס געווען, וואָס שפּינאָזעס דענקענדיקער גייסט איז געווען אַ געאָמעטרישע מאַשין, וואָס זיינע געפילן זענען געווען קאַלט, וואָס ער איז פריי פון עמאָציעס״. דער אמת איז אָבער, אַז שפּינאָזעס קאַלטער, שטייפער סטיל, איז געווען אַ מאַסקע אונטער וועלכער ס׳האָט זיך באַהאַלטן אַ וואַרעמע נאַטור און אַן עקסטאַז, וואָס האָט געברענט אומאויפהערלעך זינט ער איז געווען נאָך אַ יינגל ביז דער שעה פון זיין טויט. זיין צוריקגעהאַלטנקייט ווייזט בלויז אַז ער האָט פאַרמאָגט דעם כוח זיך צו באַהערשן, אַז ער האָט זיינע עמאָצ־יעס סובלימירט, געלייטערט אינעם אינטעלעקט. „די רפואות קעגן די עמאָציעס״ ליגן דעריבער נישט אינעם אָפּוואַרפן זיי מיט פאַראַכטונג, ווי ס׳האָבן געלערנט די סטאָיקער, נאָר אינעם פאַרשטיין זיי, אינעם סובלימירן, דערהייבן און לייטערן זיי, און אינעם אויסנוצן אָט די גרעסטע שונאים פונעם מענטשנס באַפרייאונג, ווי פאַרבינדעטע. צו קאָנטראָלירן און מע־סיקן די עמאָציעס איז שפּינאָזעס ציל. דאָס איז אַן אַרבעט פאַר יעדן מענטש וואָס זוכט זיין פרייהייט.

נאָך אַ שטערונג פאַרן היינטצייטיקן לייענער, אמת, אַ קלענערע ווי די פריער־דערמאָנטע, איז געווען דאָס וואָס שפּינאָזע האָט, ווי שוין

פריער געזאָגט, פאַר זיין נייער פילאָזאָפיע געמוזט זיך באַנוצן מיט דער טערמינאָלאָגיע פון דער אַלטער, רעליגיעז־מיטלאַלטערלעכער סכאָלאַס־טיק, — ווי גאָט, סובסטאַנץ, אַטריבוטן, עסענץ, אומשטערבלעכקייט, און דאָס גלייכן, — מאַכט נישט אויס וואָס ער האָט אין דער סכאָלאַסטישער טערמינאָלאָגיע אַריינגעגאָסן אַ נייעם אינהאַלט און באַדייט. איז דאָס געווען נישט נאָר דערפאַר וואָס אָט די טערמינאָלאָגיע איז אין אַ גרויסער מאָס נאָך אַלץ געווען די אַלגעמיין־אָנגענומענע אויסדרוקס־פאָרם אין דער פילאָזאָפיע אין זיין צייט. געווען איז פאַר דעם אַ נאָך וויכטיקערע סיבה. ס׳איז געווען דעמאָלט אַ געפערלעכע צייט. פון איין זייט דער פאַנאַטיזם פון דער קריסטלעכער קלעריקאַלער אָרטאָדאָקסיע, און פון דער אַנדערער זייט די רעאַקציאָנערע פאָליטישע אַספּיראַציעס פון דער קעניגלעכער די־נאַסטיע אין האָלאַנד, האָט געמאַכט אוממעגלעך פאַר שפּינאָזען ער זאָל אין זיין לעבנס־צייט קאָנען אויף אַ נאָרמאַלן אופן אַרויסברענגען זיינע אידעען. איז הגם ס׳האָט אים קיין קוראַזש נישט געפעלט, האָט שפּינאָזע, ווייזט אויס, געמוזט דאָס אויך טון נישט נאָר צוליב דער אייגענער זיכער־קייט און פרייהייט, נאָר נאָך מערער אפשר, פאַר דער זיכערקייט און פריי־הייט פון יענע פריינט זיינע און אָנהענגער, וואָס זענען זיך דעמאָלט אויס־געשטאַנען שווערע רדיפות מצד דער מאַכט — אויספאָרשונגען, פאַרזע־צונגען אין תפיסה און אַפילו פייניקונגען. איינער פון שפּינאָזעס אָנהענגער, קערבאַג, וועלכער האָט ביינאַנד מיט אַ ברודער זיינעם פאַרשפּרייט שפּינאָ־זעס אידעען אויף געהיימע פאַרזאַמלונגען, איז דעמאָלט פון תפיסה נישט אַרויס קיין לעבעדיקער. ס׳איז דעריבער געווען נייטיק, דאָס דאָזיקע ווערק זיינס, די עטיק, זאָל אַזוי געשריבן ווערן, אַז די רעלי־גיעזע אויטאָריטעטן, אויך די מלוכה־מאַכט, זאָלן נישט קאָנען האָבן קיין תירוץ זיך צו טשעפּן, צו פאַרשאַפן צרות. איבער אָט דעם, אַפנים, אויך די צווייזייטיקייט פון טייל אויסדרוקן אין דער עטיק. כדי אויף אַ מינוט זיך נישט צו פאַרגעסן, האַלט ער תמיד פאַר די אויגן דעם פאַראַל זיינעם — דאָס לאַטיינישע וואָרט Caute (זיי זייער געהיטן) —



וואָס איז געווען אויסגעקריצט אויף זיין רינג, וועלכן ער לאָזט קיינמאָל נישט אַראָפּ פון פינגער.

נישט קוקנדיק אָבער אויף די אַלע באַוואָרענישן איז די געפאַר דאָך געווען אַזוי גרויס, אַז ביי זיין לעבן האָט שפּינאָזע זיך נישט דער־וועגט צו פאַרעפנטלעכן זיין קרויז־ווערק. אין אַ בריוו צו זיין פריינט בלייענבערג, שרייבט דעמאָלט שפּינאָזע, אַז מחמת דעם וואָס „די טעאָ־לאָגן לויערן אויף מיר פון אַלע ווינקעלעך, האָב איך באַשטימט אָפּצו־לייגן די פובליקירונג [פון דער עטיק] ביז יענער צייט, ווען איך וועל זען מיט וואָס דאָס אַלץ וועט זיך אויסלאָזן״. ס׳האָט פונדעסטוועגן די עטיק שטילערהייט צירקולירט אין מאַנוסקריפּט, און איז צווישן די מיינסטע אינטעלעקטועלע פירער אין מערב־אייראָפּע געווען באַקאַנט נאָך ביי שפּינאָזעס לעבן.

די רויִע באַהאַנדלונג און מיאוסע זידלערייען, וואָס שיטן זיך אויף אים אָן אויפהער, נעמט ער אויף מיט יענער פילאָזאָפישער רואיקייט, וועלכע ער רעקאָמענדירט אַנדערע.

אָט וואָס ער שרייבט צו אַ פריינט:

„איך באַמי מיך מיין לעבן אויסצולעבן נישט אין טרויער און אין זיפצן, נאָר אין רו און אין פריידיקייט.

„נאָר דער פינצטערער און טרויעריקער אַבערגלויבן פאַרבאָט אונדז זיך אָפּצוגעבן מיט פרייד. וואָס גרעסער ס׳איז אונדזער פרייד, צו אַלץ אַ גרעסערער פּערפעקטקייט, שלימות דערגרייכן מיר״.

קאָלערוס, איינער פון זיינע ערשטע ביאָגראַפן, וואָס האָט געקענט שפּינאָזען, שילדערט זיין אויסזען און שטייגער לעבן מיט אָט די ווערטער:

„ער איז געווען אַ מענטש פון מיטעלן וואוקס, זיין פּנים האָט גע־האַט זייער פּראָפּאָרציאָנעלע שטריכן, די הויט עטוואָס ברוין, די האָר שוואַרצע און געקרייזלטע, די ברעמען לאַנגע און שוואַרצע, דאָס גאַנצע אויסזען זיינס זייער איינגענעם.

„...געפירט האָט שפּינאָזע אַ רעגלמעסיק לעבן, ער האָט תמיד

קאָנטראָלירט זיינע עמאָציעס — מ'האָט אים קיינמאָל נישט געזען צו טרויעריק אָדער צו פריילעך.

„...ווען ער האָט זיך געפילט מיד נאָך זיין אַרבעט און זיינע פילאָזאָפישע פאָרשונגען, פלעגט ער אַרויסגיין פון זיין צימער און שמועסן מיט די הויז־לייט [ביי וועמען ער האָט געוואוינט] וועגן זייערע געוויינטלעכע זאַכן, מעשה שטוב־מענטשן, אַפילו וועגן קלייניקייטן".

אַן אַנדער ביאָגראַף ווייסט צו דערציילן, אַז שפינאָזע איז געווען גוט און איינגעגעבן מיט מענטשן, אַז ער האָט פאַר איטלעך איינעם אין זיין סביבה געהאַט אַ וואַרעם וואָרט — ער האָט אָבער אויך געוואוסט זיין אָרט.

אָפּזאָגנדיק זיך פון ירושות און פענסיעס, ציט ער זיין מאָגערע חיונה פון שלייפן אָפּטישע גלעזער, און אַלץ וואָס מיר ווייסן וועגן זיין לעבן, ווייזט אַז ער איז אויפן שטרענגסטן אופן געווען ערלעך און אויפריכטיק; אַז זיין ליבע צום אמת איז געווען אָן אַ גרענעץ. ער האָט נישט געהאַט קיין אינטערעס צו שטייגן פּערזענלעך העכער. ווען מ'לייגט אים פאָר די קאַטעדרע פאַר פילאָזאָפיע אינעם היידעלבערגער אוניווערזיטעט, איז אים זיין „פרייהייט צו פילאָזאָפירן", ווי ער דריקט זיך אויס, בילכער ווי דער פּאָסטן אין דעם געהויבענעם אוניווערזיטעט. ווייטער ענטפערט ער: „איך זוך נישט קיין שום העכערע וועלטלעכע פּאָזיציע ווי די וואָס איך געניס איצט". ווייניק פילאָזאָפן, מוז מען צוגעבן, האָבן געוויזן אַזאַ פעסט־אויסגעהאַלטענעם, נאָבעלן כאַראַקטער. בכלל האָט ער זיך נישט געהאַלטן פאַר קיין פּראָפעסיאָנעלן פילאָזאָף.

און ווען די עטיק האָט דורך זיינע פריינט און פאַרערער ענדלעך דערזען די ליכטיקע שיין, אין אָקטאָבער, 1677, אַכט חדשים נאָך זיין טויט (אויך איצט נישט אונטער זיין נאָמען, בלויז מיט זיינע איניציאַלן, ב. ד. ס.), הייבן די רעליגיעזע אויטאָריטעטן גלייך אויף אַ ווילדע העצע אַנטקעגן דעם „אַטעאיסטישן ווערק". און ס'ווערט אויך באַלד פאַרבאָטן דורך דער מלוכה־מאַכט, אונטערן סטראַשונעק פון לאַנגע תפיסה־טערמינען און שווערע געלט־שטראָפן. און אין דער אַלטער האָלענדישער אוניווערזיטעט־שטאָט, ליידען, האָט דער בירגערמייסטער פאַרמשפּט

שפינאָזעס ווערק צום פאַרברענען. ס'האָט גאָרנישט געהאָלפן דאָס וואָס שפּינאָזע גיט זיך אין דער עטיק קיין ריר נישט אָן גאָט. דאָס האָט אָבער נישט אָפּגעשטעלט די פאַרשפּרייטונג פונעם ווערק.

פאַרהאַסט און באַליידיקט פאַר מער ווי הונדערט יאָר, איז דער אַזוי־גערופענער „פאַרשאָלטענער קליינער אַטעאיסט", געוואָרן דער סימבאָל פון אינטעלעקטועלער ערלעכקייט און אינטעגריטעט. און ביזן היינטיקן טאָג הערט ער נישט אויף צו באַאיינפלוסן דער וועלטס פאַרנעמסטע דענקער — אָנהייבנדיק מיט לייבניצן, שפּינאָזעס בן־דור, ביז דעם אומפאַרגעסלעכן אַלבערט איינשטיין, אין אונדזער אייגענעם דור, וועלכער האָט זיין גאַנץ לעבן זיך געהאַלטן פאַר שפּינאָזעס אַ געטרייען תלמיד. „דער גרעסטער צווישן די מאָדערנע פילאָזאָפן"! — איז געווען זיין דעפיניטיווער אורטייל. היינט איז שוין קלאָר, אַז ער האָט פאַרמאָגט איינעם פון די גרעסטע קעפּ פון אַלע צייטן.

דאָס דאָזיקע ווערק זיינס, די עטיק, אין וועלכן שפּינאָזע פאַרנעמט זיך מיט די פּראָבלעמען פונעם מענטשנס עמאָציאָנעלן ווי אינטעלעקטועלן לעבן אויף אַ דירעקטן און דרייסטן אופן, איז אָן שום ספק איינס פון די פּאַרטיפּטסטע און פונדאַמענטאַלסטע ווערק אין דער גאַנצער פילאָזאָפישער ליטעראַטור. ער ווערט דאָ געטריבן דורך אַ שטאַרקן באַגער צו אויפּרודערן דעם לייענערס האַרץ אַזוי גוט ווי זיין קאָפּ, מיט דעם וואָס ס'איז פאַר אים די טיפע שיינקייט פון אַן אוניווערס, וועלכער ווערט רעגולירט נישט דורך אַ וואָסערע עס איז קאַפּריזן פון אַן איבערנאַטירלעכער גאָטהייט, נאָר דורך די געזעצן פון דער נאַטור אַליין.

דער מענטש, זעט ער, איז באַלאַגערט דורך מוראדיק־קאָנפליקטירנדיקע עמאָציעס — שרעק און האָפענונג, ליבע און האַס, מיטגעפיל און חרטה, אַ געפלאָגט געוויסן צוליב אַ שלעכטער טאַט. צו לערנען דעם מענטש ווי צו ווערן דער הערשער איבער זיינע צעפלאַשעטע עמאָציעס, אימפּולסן, ליידנשאַפטן, און נישט דורך זיי באַהערשט צו ווערן; צו ווייזן דעם מענטש דעם וועג ווי אַזוי ער קאָן לעבן אין פרידן מיט זיך אַליין און אין גערעכטיקייט מיט אַנדערע — אָט דאָס איז אין לעצטן סך־הכל דער ציל פון דער עטיק.

כדי צו דערגרייכן אָט דעם „סומום באָנום", אָט דאָס העכסטע גוטס, זוכט שפּינאָזע צו באַפרייען דעם מענטש פון זיינע אומגעזונטע, אַנטי־סאָציאַלע עמאָציעס — פון קנאה און שנאה, פון דער תאווה אָפּצושפּעטן, אָפּצולאַכן און באַרעדן יענעם, פון גאווה און כעס, פון זיין אומגעזעטיקטן אַפּעטיט צו כבוד, צו מאַכט און באַרימטקייט, צו רייכקייט און זשעדנעקייט, צו גראָבע פאַרגעניגנס, און דאָס גלייכן, דורכן דערהייבן אים צו אַזאַ מדרגה, ער זאָל ווערן מסוגל צו זען די אייביקע געזעצן, דורך וועלכע אַלצדינג איז געקומען צו זיין אויף דער וועלט — צו קאָנען אָבסערווירן די טאָג־טעגלעכע עקזיסטענץ דורכן „קוקווינקל פון דער אייביקייט." ער זוכט צו באַוועגן דעם מענטש צו אַ נייעם שטייגער לעבן.

אָט דאָס און נישט עפּעס אַנדערש איז דער לעצטער צוועק פון דעם גרויסן הומאַניסט און זיין דויערהאַפטיקע דערגרייכונג.

אין די געציילטע פאַר הונדערט זייטן וואָס זיין קרוין־ווערק, די עטיק, פאַרנעמט, באַהאַנדלט שפּינאָזע נישט נאָר עטישע פּראָבלעמען, נאָר ער האָט דאָרטן צונויפגעפּרעסט אַ פולשטענדיק אויסגערונדעטע און פאַרגאַנצטע לעבנס־פילאָזאָפיע. זיין ציל איז צו פאַרשטיין די נאַטור און דעם מענטשנס אָרט אין איר, אַזוי אַז ער זאָל זיין ביכולת צו ענדערן סיי זיך אַליין, ווי די געזעלשאַפט אין וועלכער ער לעבט, אַזוי גוט ווי די נאַטור אַרום זיך. ער האָט ליב דעם מענטש און האָט ליב די נאַטור, און זעט אַזוי קלאָר וויביידע זענען זיי אָפּהענגיק איינס פון דאָס אַנדערע. ער האָט געזוכט דעם וועג צו אַ פולער און צופרידענער לעבן, צו אַ ניי, רייכער לעבן, פאַר יעדן מענטש אויף דער ערד.

שפּינאָזעס עטישע אידעאַלן באַאיינפלוסן אַלע פאַזן פונעם מענטשלעכן לעבן און זענען אַ וועגווייזער פאַרן מענטשנס דענקען אַזוי גוט ווי פאַר זיינע טואונגען, פאַר זיינע מעשים. זיין עטישע פילאָזאָפיע שיידט זיך אָפּ פון אַנדערע דער עיקר דערמיט, וואָס זי איז נישט קיין זאַך פון בלויז אינטעלעקטועלן אינטערעס. אים איז אין תוך גענומען, ווינציקער געגאַנגען דערין אין וואָס אַקוראַט ס'באַשטייט דאָס גוטע, ווי אין דעם ווי אַזוי צו זיין אַ גוטער מענטש. וואָרום נאָר אָט דאָס אַליין בלויז קאָן געבן דער עטיק אַ פּראַקטישן ווערט. ער האָט דערפאַר זיך אָנגעשטרענגט צו זוכן אַ לייזונג

צו דעם פּראָבלעם וועגן דעם מענטשלעכן אויפפיר. זיינע עטישע ווערטן זענען דעריבער אַ שטאַרקע הילף פאַר אַזאַ מענטשלעכן אויפפיר, וואָס פּראַקטיצירט יענע עלעמענטאַרע גוטע מידות, וואָס קאָנטראָלירן — אָדער דאַרפן קאָנטראָלירן — די באַציאונגען צווישן מענטש און מענטש אין פּריוואַטן לעבן: ערלעכקייט, פריינדלעכקייט, גערעכטיקייט, פאַרשטענדעניש צווישן מענטשן. ער ווייזט דעם וועג צו שלימותדיקער, פּערפעקטער אויפ־פירונג אין פּריוואַטן, אַזוי גוט ווי אין עפנטלעכן לעבן. ער לערנט, אַז דעם מענטשנס געוויינטלעכע טאָג־טעגלעכע טואונגען, שטעלן מיט זיך פאַר מאָ־ראַלע ווערטן, מחמת אַט די טואונגען זענען אַביישטייער צו דער אַל־געמיינער באַוועגונג פאַר פרייהייט, פאַר אַ בעסערער וועלט.

זאָגט שפּינאָזע: „דער וואָס לעבט לויט דער אָנפירונג נאָך פונעם שכל, שטרעבט, אויף וויפיל נאָר מעגלעך, דעם צווייטן פאַר זיין האָס, כעס, גרינגשעצונג, און אַז. וו., צוריקצוצאָלן מיט ליבשאַפט אָדער מיט איידל־קייט". (עטיק, טייל 4). נאָך זאָגט ער: „האָס ווערט דורך קעגנהאָס פאַרמערט און קאָן דורך ליבע צעשטערט ווערן." (עטיק, טייל 3). ווייטער „אַזוי, למשל, האָב איך אויפגעשטעלט ווי איינעם פון די וויכטיקסטע כללים פאַרן לעבן, אַז האָס דאַרף מען בייקומען דורך ליבשאַפט און נאָבלקייט, און נישט מיט האָס צוריקצאָלן." (עטיק, טייל 5).

דאַרף דאָ אָבער אויך קלאָר זיין, אַז ווען שפּינאָזע הייסט פאַר האָס, כעס, גרינגשעצונג, און אַז. וו., צוריקצאָלן מיט ליבשאַפט אָדער מיט איידל־קייט, נישט אָפּצאָלן מיט „שלעכטס פאַר שלעכטס", האָט ער דערמיט נישט געמיינט טיף אַראָפּבייגן דעם קאָפּ, זיך אונטערגעבן צו אומגערעכטיקייט, „אויפשטעלן די צווייטע באַק". פאַרקערט די מעשה. אַן עוולה, אַן אומגע־רעכטיקייט טאָר נישט פאַרשוויגן ווערן, מוז באַקעמפט ווערן. מיט זיך אַליין ווייזט ער אַ ביישפּיל ווי אַזוי ער אַליין האָט פּראַקטיצירט דאָס וואָס ער האָט געפּרעדיקט, ווי אַזוי ווערטער און מעשים גייען ביי אים האַנט אין האַנט, האַרמאָנירן צווישן זיך. מיט זיין גאַנצער עניוות, באַשיידנקייט איז ער פעסט באַשטאַנען אויף זיינע רעכט.

ער איז נאָך גאָר יונג געווען, אין זיינע פריע צוואַנציקער יאָרן, ווען דער פאָטער זיינער איז געשטאָרבן. האָבן זיין שוועסטער מרים מיט איר

מאַן שמואל דע קאָסערעס, פאַרכאַפּט אַלץ וואָס ס'איז געבליבן פונעם פאָטער, די גאַנצע ירושה (די מוטער האָט שוין נישט געלעבט). פאַרן ברודער גאָר־נישט געלאָזט. ער איז דאָך אַן אַפּיקורוס, אַ „פאַרבלאָנדזשעטער“, קומט אים דערפאַר גאָרנישט. אין הסכם מיט זיין עטישן פּרינציפּ אַנטקעגנצושטעלן זיך קעגן אומרעכט, וועלנדיק דערווייזן אַז פאָרמעל איז גערעכטיקייט אויף זיין זייט, און אַז די משפחה איז אומגערעכט, ווייל זייער אַקט איז נישט דיקטירט געוואָרן דורך יושר, דורכן שכל, נאָר דורך עמאָציעס און זשעדנעקייט — איז דער אַקט זייערער דאַדורך פאַלש און אומגערעכט, און דאַרף דערפאַר באַקעמפט ווערן. דער יונגער ברוך שפּינאָזע נעמט זיך מיט זיי לאָדן אין די געריכטן אויפצומאָנען זיין חלק ירושה, וואָס קומט אים על־פּי יושר און לויטן אָביעקטיוון געזעץ. נישט קוקנדיק אויף די העצעס קעגן אים געווינט ער סוף־כל־סוף דעם פּראָצעס. נאָך דעם אָבער ווי דאָס געריכט פּסקנט אים צו זיין חלק ירושה, ערשט דעמאָלט זאָגט ער זיך אָפּ דערפון. ער איז זיי מוחל די ירושה. אים איז געגאַנגען, ווי געזאָגט, אין אַ סך מערער ווי די ירושה — אין אַ פּרינציפּ, וועלכער ווערט שפּעטער דער גרונטשטיין אין די עטישע טעאָריעס זיינע פון זיין הויפּט־פילאָזאָפיש ווערק, די עטיק.

דאָ אין דער עטיק, האָט איר אַן אומגעווייינטלעך ווערטפול ספר, פול מיט חכמה און מענטשלעכער גוטסקייט. איר געפינט דאָ ענטפערס אויף די אַנגסטלעכע עמאָציאָנעלע פּראָבלעמען אינעם טאָג־טעגלעכן לעבן, וואָס מאַטערן דעם מענטש. איר קריגט אַ בעסערע פאַרשטענדעניש וועגן דער מענטשלעכער נאַטור, וועגן זיך אַליין. דער פאַקט איז, אַז פון אַלע פאָרמען פון וויסן, איז פאַרן מענטש קיין שום וויסן נישט אַזוי פיל ניצלעך, ווי דאָס וואָס העלפט אים צו פאַרשטיין זיך אַליין. איז דאָך נאָך סאָקראַטעס געווען ביי דער מיינונג, אַז „אַ נישט אויסגעפאָרשט לעבן, איז נישט כדאי גאָר צו לעבן.“ ער ווייזט אונדז ווי אַזוי נישט צו ווערן אַריינגעצויגן אין אַ קאָנפליקט מיט פריינט, מיט נאָענטע, מיט די וואָס מיר ליבן, וועלכס פּירט אונדז שלעכט אויסצוטייטשן גוט־מיינענדיקע אַקציעס, מעשים ביי אַנדערע. מיט איין וואָרט ער ווייזט דעם וועג צו אַ גליקלעכער לעבן, צו אַ געזונטן גייסט, כדי צו קאָנען אויפהאַלטן אַ געזונטן קערפּער — אַ זאַך וואָס שטימט מיט דער מעדיצינישער וויסנשאַפט. מיר שטרעבן צו זיין געזונט, כדי צו

זיין גליקלעך — וויפיל אָבער פון אונדז שטרעבן צו זיין גליקלעך כדי צו זיין געזונט ?

בקיצור, איטלעך איינער וואָס זוכט אַ ריכטיקן וועגווייזער פאַר פער־זענלעכער אויפפירונג, אַ פּראַקטישע פילאָזאָפיע פאַרן טאָג־טעגלעכן לעבן, קאָן נישט טון קיין בעסערס ווי זיך צו פאַרטיפן אין אָט דעם אומשטערב־לעכן ווערק. דאָס איז איינס פון יענע ווערק וואָס מ׳קאָן אָנרופן וועלט־ביכער — ביכער וואָס זענען צוגעפּאַסט נישט צו איין דור און צו איין באַשטימטער צייט, נאָר צו אַלע צייטן.

צו פאַרשטיין די אידעיען, וואָס אָט דער גרויסער דענקער האָט מיט דריי הונדערט יאָר צוריק געפורעמט און טייער געהאַלטן, קאָן דעם היינט־צייטיקן מענטש געבן אַ נייע פעאיקייט צו אורטיילן וואָס איז גוט און וואָס איז שלעכט, און אַ וויזיע וואָס וועט אים קלאָר מאַכן און באַלייכטן זיין לעבן ווי אַ מענטש און ווי אַ מיטגליד אין דער געזעלשאַפט. ער רעדט דאָ אַזוי קלאָר און דירעקט צום מענטש אין דער היינטיקער איבערגאַנגס־צייט, אַ צייט פון אומאויפהערלעכן וועלט־קריזיס, דער העכסטער קריזיס אפשר אין דער גאַנצער לענג פון דער מענטשלעכער געשיכטע. מ׳געפינט דאָ אַ וויכטיקן ביישטייער צום מענטשנס לאַנגער באַמיאונג צו מאַכן די וועלט פאַר אַ בעסער אָרט צו לעבן.

צוליב דעם אָבער וואָס שפינאָזע האָט, ווי שוין פריער געוויזן, גע־האַלטן פאַר נייטיק זיינע אידעיען אויסצודריקן אין אַ שטרענג־מאַטעמאַ־טישער פאָרמולירונג, און אויך דאָס וואָס ער האָט, ווי געזאָגט, פאַר זיינע נייע געדאַנקען זיך געמוזט באַנוצן מיטן שווערן און סטעריל̈ן זשאַרגאָן פון דער מיטלאַלטערלעכער סכאָלאַסטיק, איז ער דעריבער מער באַקאַנט דורך דעם וואָס אַנדערע האָבן וועגן אים געשריבן, ווי דורך זיינע אייגענע ווערק. צו דעם האָט נאָך יעדער איינער, מחמת דער צווייזייטיקייט פון טייל אויס־דרוקן זיינע, געזוכט אויסצוטייטשן שפּינאָזעס פילאָזאָפיע אויף זיין אייגענעם סוביעקטיוון אופן. איז אפשר טאַקע אַ טעות געווען דאָס וואָס ער האָט זיך אַזוי שטרענג געהאַלטן ביי דער מאַטעמאַטישער מעטאָדע און לאָגיק, און פאַרשטעלט דערמיט דעם וועג פאַר אַ ברייטערן קרייז לייענער ?

כדי אָבער די עטיק זאָל, ווי שפּינאָזע האָט עס אין זינען געהאַט,

אין לעבן אַריינדרינגען און דאָס לעבן פורעמען, האָט געמוזט דער פּרואוו געמאַכט ווערן, צו געבן דעם הייַנטיקן לייענער די עטיק אין אַ מער צו־גענגלעכער פאָרם. בלייבנדיק געטריי דעם תוך, האָט מען אויף וויפיל נאָר מעגלעך, געדאַרפט די מאַטעמאַטישע פאָרם פון דער פאָרמולירונג איבער־טראָגן אין אַ נישט־מאַטעמאַטישער פאָרם. נישט קיין באַאַרבעטונג און נישט קיין פּאָפּולאַריזאַציע, נאָר מ׳האָט די עטיק געדאַרפט איבערליפערן אין איר גאַנצן פאַרנעם און די סטרוקטור פונעם ווערק נישט בייטן.

ווינציקסטנס צוויי אַזוינע אויסגאַבן זענען באַקאַנט דעם שרייבער פון די שורות, איינע אַזאַ אויסגאַבע אין דייטש, אַן אויסגעצייכנטע, איז אַרויס אין 1925, דורכן שפּינאָזע־פאָרשער קאַרל געבהאַרדט, איינער פון די אָנערקענטסטע שפּינאָזע־אויטאָריטעטן. נאָך אַזאַ מין אויסגאַבע פון דער עטיק אין ענגליש, איז אַרויס אין ניו־יאָרק אין 1957, דורך נאָך אַ שפּינאָזע־קענער, דאַגאָבערט ד. רונעס.ביידע די אויסגאַבן האָבן, יעדע אויף איר באַזונדערן אופן, אויסגעהאַלטן די פּראָבע. דער דאָזיקער אויפטו זייערער האָט געהאָלפן אויסברייטערן דעם לייענער־קרייז פון אָט דעם ספר.

מיט אָט דער פאָרליגנדיקער נייער יידישער איבערזעצונג פון דער עטיק, האָט אויך דער שרייבער פון די שורות זיך געשטעלט דעם ציל צו ברענגען דעם יידיש־לייענער שפּינאָזעס עטיק אין אַ מער־צוגענגלעכער פאָרם. דאַרף אָבער דערביי דאָ באַטאָנט ווערן, אַז דאָס איז נישט נאָך אַ פּירוש, אַ נייע אויסטייטשונג און אַריינטייטשונג, אָדער אַ מין פּאָפּולאַרי־זאַציע פון שפּינאָזעס לעבנס־ווערק. דאָס איז אַ געטרייע איבערזעצונג פונעם אָריגינאַל גופא, אָנשטרענגענדיק זיך איבערצוליפערן, אויף וויפיל נאָר מעגלעך, די שטרענג מאַסיווע סטרוקטור פון שפּינאָזעס אַפּאָריסטישער אויסדרוקס־פאָרם אין אונדזער הייַנטצייטיקן יידיש. דאָס נייע אין אָט דער פּרעזענטירונג פון דער עטיק באַשטייט דערין, וואָס אויפן מוסטער פון די פריערדערמאָנטע אויסגאַבן, ווערט אויך דאָ, אויף וויפיל נאָר מעגלעך, די עטיק אויסגעשיילט אויס די מאַטעמאַטישע פאָרמולירונגען פון די אויפ־ווייזן און איבערגעטראָגן אין אַ נישט־מאַטעמאַטישער פאָרם.

דערמיט ווידער וואָס די עטיק ווערט דאָ אָנגעהויבן מיטן דריטן

טייל — „דער אָפּשטאַם און די נאַטור פון די עמאָציעס" — ווערט פאַרן ערנסטן יידיש־לייענער דערמעגלעכט גלייך צוצוטרעטן צום האַרץ פון אָט דעם גרויסן ווערק. ער רעדט דאָ אַזוי קלאָר און דירעקט צום היינטיקן מענטש אין אַ צייט פון עקסטרעמער אָנגעצויגנקייט און עמאָציאָנעלער אויפגערודערטקייט. איז דאָך שפּינאָזע באַקאַנט ווי דער גרויסער פאָרשער פונעם מענטשנס אינערלעכן קיניגרייך. דער ציל זיינער איז צו העלפן דעם מענטש דערגרייכן צו אַ גאַנצער, אָפּגערונדעטער און ראַציאָנעלער פּער־זענלעכקייט, דורכן אינטעגרירן יענע אינסטינקטן און נויטן זיינע, וועלכע זענען אין קאָנפליקט מיט דער געזעלשאַפט. די לערע זיינע ווי אַזוי דער מענטש קאָן דורך פאַרשטענדעניש — „נישט וויינען, נישט לאַכן, נאָר פאַרשטיין" — איינצוימען און איבערוועלטיקן די עגאָאיסטישע אימפּולסן אין אונדזער טעגלעכן לעבן, ווי אויך אַלע אַנדערע אַנטיסאָציאַלע עמאָציעס, און מיט דער הילף פונעם שכל געבן דעם לעבן אַ זינען — אָט דאָס איז דער קווינט־עסענץ פון זיין מיסיע.

אינאיינעם מיטן נאַטוראַליזם אין זיין פילאָזאָפיע, שטעלט שפּינאָזע אַרויס אידעאַלן פון אינדיווידועלער אויפריכטונג און סאָציאַלן יושר. שפּי־נאָזיזם רוקט אַרויס אינטעלעקטועלע און עמאָציאָנעלע זיכערקייט פאַרן מענטש. ער באַט אָן סטאַנדאַרדן פון אַן עטיק, וואָס זאָל אַרבעטן, און שאַפט אַ פונדאַמענט פאַר אַן אינספּירירנדיק לעבן. זיין עטישע טעאָריע קולטי־ווירט גרעסערן רעספּעקט פאַר מענטשלעכע ווערטן אין אַלע באַציאונגען צווישן מענטש און מענטש. ער האַלט, אַז בלויז דורך זיין אייגענער אָנ־שטרענגונג קאָן דער מענטש הויך אויפהייבן זיינע עטישע סטאַנדאַרדן און דערמיט באַרייכערן דאָס מענטשלעכע לעבן. דאָס סאַמע וויכטיקסטע אָבער פונעם שפּינאָזיזם, איז דאָס וואָס ער איז דורך־און־דורך אַדורכגע־גענומען מיט הומאַניטעט, מיט ליבשאַפט פאַרן מענטש, מיט אַ זין פאַרן מענטשנס פעאיקייטן, וואָס נישט געקוקט אויף די אַלע שטרויכלונגען און בלאָנדזשענישן זיינע, ווערט ער דאָך געפירט צו אַ פולער מענטשלעך לעבן.

דאַרף דאָ צום סוף ווידער אַמאָל אָנגעוויזן ווערן, אַז אָנהייבנדיק מיטן דריטן טייל ווערט אָבער ווינציק־וואָס געמינערט פון דעם ווערק ווי אַ גאַנצס. בלויז דאָ און דאָרט זענען געמאַכט געוואָרן עטלעכע פאַרקיר־

צונגען. ס׳קומען דאָ אַריין אַלע פינף טיילן פון דער עטיק. ס׳איז בלויז דער סדר פון די טיילן עטוואָס געביטן געוואָרן. און זאָל דערביי דער לייענער זיך אויך גוט נעמען אין זינען אַריין, אַז אַפילו איצט אין אַט דער פאָרם און איינאָרדענונג, איז די עטיק אַלץ נישט קיין גרינגער לייען־שטאָף. ס׳מוז אויך איצט פאַר דער עטיק גילטן דער כלל: „אַ בוך וואָס מ׳האָט בלויז איין מאָל געלייענט, איז אַזוי גוט ווי גאָרנישט געלייענט.״ איין מאָל און ווידער און ווידער אַמאָל דאַרף מען מיט אַ קלאָרן קאָפּ, אָן איילעניש, מיט געדולד פּאַמעלעך זיך אַריינאַרבעטן אין שפּינאָזעס געדאַנקענגאַנג, בפרט אין זיין נישט־גרינגער אויסדרוקס־פאָרם, כדי אַרויסצוקריגן די מאַקסימום הנאה און נוצן, פאַר אונדזער וואוילזיין, פאַר אַ באַרואיקט געמיט אין דער היינטיקער אָנגעצויגענער צייט.

די דאָזיקע נייע איבערזעצונג פון דער עטיק האָט הינטער זיך אַן אַלטע געשיכטע.

געווען איז עס נאָך אָנהייב דרייסיקער יאָרן. דער פאַרשטאָרבענער דר. י. שאַצקי שטייט דעמאָלט בראש פונעם יידישן אָפּטייל ביים שפּינאָזע־אינסטיטוט אין ניו־יאָרק. ער האָט אין יענער צייט אָנגעפירט מיט אַ שטודיר־גרופּע אין דער עטיק. איבער דעם וואָס די איינציקע יידישע איבער־זעצונג פון דער עטיק האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין, מילד גערעדט, אומ־פּינקטלעך, פּעלערהאַפטיק, און דער יידיש — בעסער נישט רעדן, האָט דאָס שטודירן די עטיק, לויט אַט דער איבערזעצונג פאַרשאַפט גרויסע שוועריקייטן. פאַלט דעמאָלט איין דר. שאַצקין דער געדאַנק וועגן אַ נייער איבערזעצונג פון דער עטיק. נאָכן אַדורכטראַכטן דעם ענין שטעלט ער זיך אָפּ אויפן שרייבער פון די שורות, אַליין איינער פון דער שטודיר־גרופּע, צו נעמען אויף זיך די ערנסטע און פאַראַנטוואָרטלעכע אויפגאַבע צו מאַכן אַ פרישע יידישע איבערזעצונג פון דער עטיק, דירעקט פון לאַטייניש אָריגינאַל. אַרויסצוגעבן די איבערזעצונג האָט אויף זיך גענומען דער יידישער אָפּטייל ביים שפּינאָזע־אינסטיטוט. (דאָס האָט, אַגב, אויך דער יידישער אָפּטייל ביים שפּינאָזע־אינסטיטוט, אַרויסגעגעבן, סוף 1932, אונטער דער רעדאַקציע פון דר. י. שאַצקי, דאָס באַוואוסטע ספּינאָזאַ־בוך, צו

שפּינאָזעס 300־סטן געבוירן־יאָר, דאָס איינציקע בוך פון אַזאַ פאַרנעם אין יידיש).

האָט פאַר אַזאַ מין איבערזעצונג זיך געפאָדערט אַ לענגערע צוגרייטונג, אויך לאַטיין צו דערלערנען, איידער מ'איז גרייט געווען זיך איינצושפּאַנען אין דער אַרבעט. אָבער מחמת לאַנג פאַרצויגענע הכנות, אויך דאָס וואָס די טעגלעכע באַשעפטיקונג האָט געלאָזט ווינציק־וואָס פרייע צייט, און צוליב אַנדערע אומגינציקע אומשטענדן, האָט די אַרבעט זיך פאַרצויגן אַ סך לענגער ווי פאַראויסגעזען. און ווען די איבערזעצונג איז אין עטלעכע יאָר אַרום געווען ענדלעך אין גאַנצן פאַרטיק, איז שוין נישט געווען ווער ס'זאָל זי אַרויסגעבן. דער יידישער אָפּטייל ביים שפּינאָזע־אינסטיטוט האָט שוין נישט מער עקזיסטירט. ליגט די איבערזעצונג די אַלע יאָרן און מאָנט אַ תיקון. האָפט מען אַלץ אַז די שווערע מי איז נישט געווען אומזיסט, וועט נישט גיין לאיבוד, אַז די אַרבעט וועט נאָך דערלעבן צו זען די ליכטיקע שיין. איז דערווייל אַזוי פאַמעלעך אַוועק אַ פאַר צענדליק יאָר און ס'איז נישט געווען די צייט, מעגלעכקייט און דאָס געמיט צו טון עפּעס וועגן דעם.

ערשט לעצטנס שאַפט זיך די מעגלעכקייט זיך ווידער אומצוקערן צו דער איבערזעצונג. ווייזט זיך אַרויס אַז יענע איבערזעצונג פון דער עטיק, ווי זי שטייט און גייט, קאָן איצט נישט דינען דעם צוועק וואָס דער שרייבער האָט זיך איצט געשטעלט. און נאָך עפּעס, מ'האָט אויך געקאָנט זען באַשיינפּערלעך ווי אונדזער יידיש איז ווייט אַוועק פאָראויס פאַר די פאַר צענדליק יאָר. נישט געקוקט אויף די שרעקלעכע יאָרן פון חורבן און צוריקגאַנג, האָט זיך פונדעסטוועגן איר אַנטוויקלונגס־פּראָצעס נישט אָפּגעשטעלט, איז אונדזער יידיש לשון געוואָקסן, באַרייכערט געוואָרן. זיכער איז יידיש היינט מער מסוגל זיך צו ספּראַווען מיט אַזאַ פילאָזאָפיש ווערק ווי ס'איז די עטיק, ווי מיט אַ פאַר צענדליק יאָר צוריק.

הכלל, צו מאַכן עס קורץ — ס'האָט זיך געפאָדערט אין גאַנצן פון דאָס ניי צו איבערטראָגן די עטיק אויף יידיש. דערנאָך האָט מען ערשט אַ ים מיט מי און צייט אַוועקגעלייגט, און געדולד אָן אַ שיעור, אויף צו פאַרגלייכן און נאָכקאָנטראָלירן די איבערזעצונג מיט אַ צאָל איבערזע־

צונגען פון דער עטיק אין אַנדערע שפּראַכן. קודם כל מיט דער אַקאַדע־מישער העברעאישער איבערזעצונג פון דר. י. קלאַצקין. ווייטער מיט דריי אויטאָריטעטע ענגלישע איבערזעצונגען און אויך מיט צוויי דייטשישע; מיט אַ רוסישער איבערזעצונג, וואָס איז אַרויס ספּעציעל צו שפּינאָזעס 300סטן געבוירן־יאָר (1932), און צום לעצט מיט דער אויסגעצייכנטער פּוילישער איבערזעצונג פון יאַן מישליצקי (איגנאַצי האַלפּערן).

אַלע די ערטער דאָ אינעם טעקסט פון דער עטיק, וואָס זענען אַריינ־גענומען צווישן קאַנטיקע קלאַמערן [ ], זענען דערגאַנצונגען און צוגאָבן פונעם איבערזעצער, כדי קלערער צו מאַכן דעם טעקסט, און דערמיט אַרויסהעלפן דעם לייענער בעסער זיך צו אָריענטירן און אַבסאָרבירן דאָס דאָזיקע ווערק.

ביים סוף, קומט דאָ נאָך אַריין אַ צוגאָב — „ווערטער־פּאַרטייטשונ־גען.‟ דערמיט האָט דער שרייבער פון די שורות זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו פּאַרטייטשן און דערקלערן אַלע יענע אַזוי־גערופענע „פרעמד־ווערטער‟, בעסער געזאָגט, אינטערנאַציאָנאַליזמען, און פילאָזאָפישע טערמינען אין דער עטיק, וואָס ווערן דאָ גענוצט אין דער איבערזעצונג.

צום לעצט, זאָל דאָ ווידער אַמאָל דערמאָנט ווערן, אַז מיט אָט דער איבערזעצונג פון דער עטיק, איז אַ פּרואוו געמאַכט געוואָרן, דאָס דאָזיקע ווערק צו מאַכן מער־ווייניקער צוגענגלעך פאַר אונדזער בעסערן לייענער, וואָס איז נישט היימיש אין דער פילאָזאָפישער ליטעראַטור. אויב ס'וועט אַ דאַנק דעם, אויך ביי אונדז אויסגעברייטערט ווערן דער קרייז לייענער, וואָס וועט איצט קומען טרינקען פון אָט דעם לעבנס־קוואַל, וועט דאָס זיין די בעסטע באַלוינונג פאַר דער שווערער מי און מאַטער.

ניו יאָרק, 1961.

ש. ווינער

# BENEDICTI DE SPINOZA

# ETHICA

## ORDINE GEOMETRICO DEMONSTRATA

EX EDITIONE OPERUM QUOTQUOT REPERTA SUNT

QUAM CURAVERAST

J. VAN VLOTEN ET J. P. N. LAND

SEORSUM REPETITA



HAGAE COMITIS
APUD MARTINUM NIJHOFF
MCMV

פאַטאָסטאַט פונעם שער־בלאַט פון דער עטיק אין לאַטייניש. די איבער־
זעצונג איז געמאַכט געוואָרן פון דער דאָזיקער אויסגאַבע. דאָס איז איינע
פון די לעצטע אויסגאַבן פון שפינאָזעס עטיק אין לאַטיינישן אָריגינאַל,
און איז אַרויס אין האַאַג, האָלאַנד, אין יאָר 1905.

## ע ט י ק

### דריטער טייל

### וועגן אָפּשטאַם און דער נאַטור פון די עמאָציעס

---

## פ אָ ר װ אָ ר ט

### דער מענטש און די נאַטור

די מיינסטע שרייבער וואָס האָבן געשריבן וועגן די עמאָציעס און וועגן דעם ווי מענטשן פירן זיך אויף אין לעבן, האָט עס גיכער אויסגעזען ווי זיי וואָלטן גערעדט נישט וועגן נאַטירלעכע דערשיינונגען וואָס דרינגען אַרויס אויס די אַלגעמיינע נאַטור־געזעצן, נאָר וועגן זאַכן וואָס געפינען זיך דרויסן פון דער נאַטור. דערצו נאָך באַנעמען זיי, אַפּנים, דעם מענטש אין דער נאַטור, ווי ער וואָלט געווען אַ מלוכה אין אַ מלוכה: מחמת זיי גלייבן, אַז נאָך מערער ווי דער מענטש פאָלגט אויס די אָרדענונג אין דער נאַטור, שטערט ער זי, אַז ער האָט אַן אַבסאָלוטן קאָנטראָל איבער זיינע טואונגען, זיינע מעשים, און אַז ער ווערט צו זיי דעטערמינירט דורך קיין שום אַנדער זאַך נישט, ווי נאָר דורך זיך אַליין. ווייטער שרייבן זיי צו די סיבה פאַר דער מענטשלעכער אָנמאַכט און זיין נישט־געזעצטקייט, נישט צו דער מאַכט פון דער נאַטור, בכלל גענומען, נאָר צו עפּעס אַ מין מיסטעריעזן פעלער אין דער מענטשלעכער נאַטור, וואָס אַנטוועדער זיי באַוויינען זי [די אָנמאַכט], לאַכן זי אויס, פאַראַכטן זי, אָדער, ווי ס'טרעפט מיינסטנס, שעלטן זי, און דעם וואָס ס'גיט זיך נאָך איין מיט וואָס מער עלאָקווענץ און שאַרפזיניקייט אַריינצוטרעפן אין סאַמע פּינטל אַריין דער שוואַכקייט פונעם מענטשלעכן גייסט, האַלט מען אים ממש פאַר אַ געטלעכן מאַן.

אוודאי האָבן אויך נישט געפעלט קיין אויסגעצייכנטע מענער (וואָס דער אַרבעט זייערער און פלייס, איך מוז צוגעבן, איך האָב אַ סך צו פאַרדאַנקען), וועלכע האָבן אַזוי פיל און מיט אַזאַ זעלטענער קלאָרקייט געשריבן וועגן אַ ריכטיקן אויפפיר אין לעבן און איבערגעלאָזט עצות פול מיט חכמה פאַר די שטערבלעכע. האָט אָבער, אויף ווי ווייט איך וויס, קיין איינער פון זיי נישט דעפינירט די נאַטור און קראַפט פון די עמאָציעס, און די מאַכט פון גייסט איבער זיי.

אמת, איך פאַרגעס נישט, אַז הגם דער הויך־געשעצטער דעקאַרט האָט אויך געגלייבט, דאָס דער גייסט האָט אַן אַבסאָלוטע שליטה איבער די טואונגען זיינע, איבער זיינע מעשים, האָט ער דאָך זיך אָנגעשטרענגט צו דערקלערן די מענטשלעכע עמאָציעס דורך זייערע ערשטע סיבות, און אין דער אייגענער צייט צו ווייזן דעם וועג דורך וועלכן דער גייסט קאָן קריגן די אַבסאָלוטע אייבערהערשאַפט איבער די עמאָציעס. ער האָט אָבער נאָך מיין מיינונג נאָך, ווינציקסטנס, געוויזן דערמיט נישט מער ווי נאָר די חריפות פון זיין אייגענעם גרויסן אינטעלעקט, ווי איך וועל עס ווייזן אויפן געהעריקן אָרט.

איצט אָבער וועל איך מיך אומקערן צוריק צו יענע, וואָס וועלן גיכער שעלטן אָדער אויסלאַכן די מענטשלעכע עמאָציעס און מעשים איידער זיי פאַרשטיין. ס'וועט פאַר אַזוינע מענטשן אָן שום ספק אויסזען אויסטערליש דאָס וואָס איך פאַרנעם מיך דאָ צו טראַקטירן מענטשלעכע פעלערן און נאַרישקייטן אויף אַ געאָמעטרישן אופן, און וואָס איך זוך דאָ אויף אַ שטרענג לאָגישן וועג צו דערקלערן יענע זאַכן, וועלכע זיי פאַרשרייען ווי אַזוינע וואָס זענען אַנטקעגן דער לאָגיק און זענען דערצו נאָך אייטל, אַבסורד און אומווערדיק. מיין פלאַן דערביי איז אָט דער: אין דער נאַטור קומט קיין זאַך נישט פאָר, וואָס מ'זאָל עס איר קאָנען צושרייבן ווי אַ פעלער. איז די נאַטור דאָך תמיד די זעלבע, און אומעטום איז איר מאַכט און קראַפט צו אַקטיווקייט איינע און די זעלבע, דאָס הייסט, די געזעצן און די רעגלען אין דער נאַטור, לויט וועלכע אַלצדינג קומט צו שטאַנד און בייט זיך פון איין פאָרם אין אַן אַנדערער, זענען אומעטום און תמיד די זעלבע; מוז דעריבער אויך זיין איין און די זעלבע מעטאָדע

אויף צו פאַרשטיין די נאַטור פון אַלע זאַכן, וואָס זיי זאָלן נישט זיין, דאָס הייסט, דורך דער נאַטורס אוניווערסאַלע געזעצן און רעגלען.

די עמאָציעס, דעריבער, פון האַס, כעס, קנאה, און דאָס גלייכן, באַטראַכט אין זיך אַליין, דרינגען אַרויס אויס דער זעלבער נויטווענדיקייט און מאַכט פון דער נאַטור, ווי ס׳דרינגען פון איר אַרויס די איבעריקע אינדיווידועלע זאַכן; זיי האָבן, בכן, באַשטימטע סיבות, דורך וועלכע זיי דאַרפן פאַרשטאַנען ווערן, און זיי פאַרמאָגן באַשטימטע אייגנשאַפטן, וועלכע ס׳איז כדאי זיי צו קענען, פונקט ווי די אייגנשאַפטן פון יעדער אַנדער זאַך, וואָס בלויז דאָס נאָכדענקען וועגן איר גיט אונדז שוין באַפרידיקונג.

איך וועל דעריבער באַטראַכטן די מענטשלעכע טואונגען, זייערע מעשים, און באַגערן פונקט אַזוי ווי איך וואָלט געהאַט צו טון מיט ליניעס, פלאַכן און קערפּערס.

## פּראָפּאָזיציעס

### דער מעכאַניזם פונעם מענטשלעכן גייסט

אונדזער גייסט איז אין טייל פאַלן אַקטיוו און אין טייל פאַלן פּאַסיוו. אויף וויפיל, למשל, ער האָט אַדעקוואַטע אידעיען איז ער נויטווענדיק אַקטיוו, און אויף וויפיל ער האָט אינאַדעקוואַטע אידעיען איז ער נויטווענדיק פּאַסיוו (אָדער ליידט).

איז דערפון געדרונגען אַז דער גייסט איז אונטערגעוואָרפן צו וואָס מערער ליידנשאַפטן [אָדער פּאַסיווקייטן], וואָס מערער אינאַדעקוואַטע אידעיען ער האָט, און פאַרקערט ווידער, וואָס מערער אַדעקוואַטע אידעיען ער האָט, צו אַלץ מערער אַקטיווקייטן.

דער קערפּער קאָן נישט דעטערמינירן דעם גייסט צו דענקען, און דער גייסט ווידער קאָן נישט דעטערמינירן דעם קערפּער צו באַוועגונג אָדער צו רו אָדער צו אַ וואָסערן עס איז אַנדערן צושטאַנד (אויב ס׳איז פאַראַן נאָך עפּעס־וואָס אַזוינס).

אָט דאָס ווערט נאָך מערער פאַרשטענדלעך דורכן פריער געזאָגטן (אין פּראָפּאָזיציע 7, טייל 2), און דאָס איז, אַז גייסט און קערפּער זענען איינס און דאָס זעלבע, וואָס ווערט באַנומען אַמאָל אונטערן אַטריבוט פון דענקען [גייסט] און אַמאָל אונטערן אַטריבוט פון אויסשפּרייטונג [מאַטעריע]. איז דערפון געדרונגען, אַז די אָרדענונג אָדער פאַרקייטלונג פון זאַכן איז איינע און די זעלבע, סיי ווען די נאַטור ווערט באַנומען אונטערן ערשטן אַטריבוט [ד. ה., אונטערן אַטריבוט פון דענקען] אָדער אונטערן צווייטן אַטריבוט [ד. ה., אונטערן אַטריבוט פון אויסשפּרייטונג]; במילא איז אויך די אָרדענונג אינעם אַקטיוון און פּאַסיוון צושטאַנד אין אונדזער קערפּער, לויט איר נאַטור נאָך, אַלצאיינס מיט דער אָרדענונג אינעם אַקטיוון און פּאַסיוון צושטאַנד פונעם גייסט.

דאָך אָבער, כאָטש דאָס איז דער פאַל, און ס'בלייבט מער קיין גרונט נישט פאַר קיין צווייפל, איז ביז וואַנעט אָבער אָט דער פאַקט וועט נישט דערוויזן ווערן דורך דער דערפאַרונג, קאָן איך קוים גלייבן, צי איך וועל קאָנען באַוועגן מענטשן דערצו, אַז זיי זאָלן געלאַסן און מיט אויפריכ־טיקייט באַטראַכטן דעם ענין, אַזוי פעסט זענען זיי איינגעגלייבט, אַז אויפן בלויזן אָנוואונק פונעם גייסט ווערט דער קערפּער געשטעלט אין באַוועגונג אָדער אין רו, אָדער ער פירט אויס כלערליי טואונגען, אָפּהענגיק בלויז אינעם ווילן פונעם גייסט און אין זיין געשיקטקייט עפּעס־וואָס צוצוטראַכטן.

ווי די זאַך זאָל אָבער נישט זיין, האָט נאָך ביז איצט קיינער נישט אָנגעצייכנט די גרענעצן צו דעם, אויף וואָס אַלץ דער קערפּער איז פעאיק, דאָס הייסט, קיינער האָט ביז איצט נאָך נישט געלערנט פון דערפאַרונג, וואָס דער קערפּער קאָן אַלץ אויפטון נאָר לויט די געזעצן פון דער נאַטור, אויף וויפיל די נאַטור ווערט באַטראַכט ווי מאַטעריע בלויז, און וואָס דער קערפּער קאָן נישט טון, סיידן נאָר ער ווערט דערצו דעטער־מינירט דורכן גייסט. וואָרום קיינער האָט נאָך ביז איצט נישט געוואונען אַזאַ אַקוראַטנע קענטעניש וועגן מעכאַניזם פונעם מענטשלעכן קערפּער, אַז ער זאָל קאָנען דערקלערן אַלע זיינע פונקציעס. שוין אָפּגערעדט דערפון, אַז מיר אָבסערווירן ביי נידעריקע בעלי־חי אַ סך זאַכן, וואָס שטייגן ווייט אַריבער די שאַרפזיניקייט פון די מענטשלעכע חושים, און אַז

לונאַטיקער טוען־אָפּ אין שלאָף אַ סך זאַכן, וואָס זיי וואָלטן נישט דער־וועגט זיך צו טון וואַכנדיקערהייט. אָט די אַלע פאַלן זענען גענוג צו ווייזן, ווי דער קערפּער קאָן, דורך די געזעצן בלויז פון זיין אייגענער נאַטור, טון אַ סך זאַכן פון וועלכע זיין גייסט בלייבט פאַרגאַפּט.

ווייטער ווייסט קיינער נישט, ווי אַזוי, אָדער דורך וועלכע מיטלען, דער גייסט באַוועגט דעם קערפּער, אויך נישט וויפיל פאַרשידנערליי גראַדן פון באַוועגונג ער קאָן דעם קערפּער צוטיילן, און אויך נישט מיט וואָס פאַר אַ געשווינדטקייט ער קאָן אים באַוועגן. איז דערפון געדרונגען, אַז ווען מענטשן זאָגן, אַז די אָדער יענע אַקטיוויקייט פונעם קערפּער האָט איר אָפּשטאַם אינעם גייסט, וועלכער האָט די אייבערהערשאַפט איבערן קערפּער, ווייסן זיי נישט וואָס זיי רעדן, אָדער זענען מיט אויפגעבלאָזענע מליצות זיך מודה, אַז ס'איז זיי אומבאַוואוסט די אמתע סיבה פון דער דאָזיקער אַקטיוויקייט, און זיי וואונדערן זיך אפילו נישט דערויף.

אָבער, וועלן זיי ווייטער טענהן, צי מיר ווייסן יאָ אָדער מיר ווייסן נישט דורך וואָס פאַר אַ מיטלען דער גייסט ווירקט אויפן קערפּער, ווייסן מיר דאָך אָבער פון דערפאַרונג, אַז אויב דער מענטשלעכער גייסט וואָלט נישט געווען מסוגל צו טראַכטן, וואָלט דער קערפּער געבליבן אינערטיש. נאָך מער, מיר ווייסן פון דערפאַרונג, אַז ס'איז דער גייסט בלויז, וואָס קאָן באַשטימען צי מיר זאָלן רעדן אָדער שוויגן, און נאָך אַ סך אַנדערע מיני זאַכן אַזוינע, וואָס זענען, ווי זיי גלייבן, פונקט אַזוי אָפּהענגיק אין אַ באַפעל פון גייסט.

איז בנוגע דער ערשטער טענה זייערער, וואָלט איך זיי וועלן פרעגן, צי לערנט דען נישט די דערפאַרונג אויך דאָס פאַרקערטע, אַז ווען דער קערפּער איז אומאַקטיוו איז אויך דער גייסט באַגלייך אומפעאיק צו דענקען. וואָרום בעת דער קערפּער רוט אין שלאָף, אַזוי דרימלט אויך דער גייסט באַגלייך מיט אים, און האָט נישט די קראַפט צו דענקען, אַזוי ווי ער איז עס מסוגל צו טון בעת דער קערפּער איז וואַך.

ווייטער, גלייב איך, ווייסן אַלע פון דערפאַרונג, אַז דער גייסט איז נישט אַלע מאָל גלייך פעאיק צו דענקען וועגן דעם זעלבן ענין, נאָר אַז לויט דעם ווי דער קערפּער איז מער אָדער ווייניקער פעאיק צו ווערן

סטימולירט דורכן פאַרשטעלונגס־בילד פון דעם אָדער יענעם אָביעקט, איז פונקט אַזוי אויך דער גייסט מער אָדער ווייניקער פּעאיק נאָכצוטראַכטן וועגן דעם אָדער יענעם אָביעקט.

נו, וועלן זיי ווייטער טענהן, ס׳איז דאָך אוממעגלעך, אַז אויס די געזעצן פון דער נאַטור בלויז, אויף וויפיל זי ווערט באַטראַכט ווי אַן אויסגעשפּרייטע [מאַטעריעלע] מובסטאַנץ, זאָלן מיר קאָנען אַרויסדרינגען די סיבות פאַר געביידעס, געמעלען און אַנדערע זאַכן פון אַט דעם מין, וואָס ווערן געמאַכט דורך מענטשלעכער קונסט בלויז; און דער מענטש־לעכער קערפּער, אויב ער וואָלט נישט דעטערמינירט און אָנגעפירט געוואָרן דורכן גייסט, וואָלט ער דאָך קיינמאָל נישט געווען בכוח אויפצו־בויען אַפילו איין איינציקן טעמפּל. האָב איך דאָך אָבער פריער שוין אויפגעוויזן, אַז זיי קאָנען נישט פעסטשטעלן קיין גרענעצן פאַר דער מאַכט פונעם קערפּער, אָדער, לאָמיר זאָגן, וואָס מ׳קאָן אַרויסדרינגען דורך דער באַטראַכטונג פון זיין [דעם קערפּערס] נאַטור בלויז, מחמת דעם וואָס זיי וויסן וועגן אַ סך אַזוינע זאַכן, וואָס קומען בלויז פאַר דורך די געזעצן פון דער נאַטור, וועלכע זיי וואָלטן קיינמאָל נישט געגלייבט אַז דאָס וואָלט מעגלעך געווען אָן דער אָנפירונג פון גייסט, ווי אַ שטייגער דאָס, וואָס לונאַטיקער טוען אַליין אַפּ שלאָפנדיקערהייט, איבער וועלכן זיי אַליין [די לונאַטיקער] וואונדערן זיך אַזוי דערנאָך דעם ווען זיי זענען וואַך.

איך וויל נאָך דאָ צוגעבן, אַז דער מעכאַניזם פונעם מענטשלעכן קערפּער שטייגט ווייט אַריבער אין קאָמפּליצירטקייט אַלצדינג צוזאַמענ־גענומען וואָס די מענטשלעכע קונסט האָט קאָנסטרואירט, שוין אָפּגערעדט דערפון, וואָס כ׳האָב דאָ פריער געוויזן, אַז אויס דער נאַטור, אונטער וואָס פאַר אַן אַטריבוט מ׳זאָל זי נישט באַטראַכטן, דרינגען אַרויס אַן אומענדלעכע צאָל זאַכן.

בנוגע דער צווייטער טענה, גיב איך צו, אַז די וועלט וואָלט אוודאי געקאָנט זיין אַ סך מער גליקלעך, ווען מענטשן וואָלטן פונקט אַזוי געהאַט די מאַכט צו שווייגן ווי צו רעדן. די דערפאַרונג לערנט אונדז אָבער מער ווי גענוג, אַז נישטאָ נאָך עפּעס אַזוינס, וואָס מענטשן זאָלן אַזוי ווינציק האָבן באַהערשט ווי די צונג, און נישטאָ קיין שווערערס ווי צו איינצוימען

זייערע גלוסטונגען. אַט דערפון נעמט זיך דאָס, וואָס אַזוי פיל מענטשן גלייבן, אַז מיר זענען נאָר פריי בנוגע יענע זאַכן, וועלכע מיר באַגערן נישט צו שטאַרק, מחמת אונדזער באַגער צו אַזוינע זאַכן קאָן גרינג קאָנ־טראָלירט ווערן דורכן דערמאָנען זיך אין עפּעס־וואָס אַנדערש, וואָס קומט אונדז אָפט אויפן זינען; מיר זענען אָבער גאָנץ אומפריי ווען ס׳קומט צו עפּעס־וואָס, וואָס מיר באַגערן מיט אַ זייער שטאַרקער עמאָציע, ווייל אָט דער באַגער לאָזט זיך נישט מילדערן דורכן דערמאָנען זיך אין אַ וואָסערער עס איז אַנדער זאַך.

וואָרום באמת, אויב אָט די מענטשן וואָלטן נישט געוואוסט פון דערפאַרונג, אַז מיר טוען אַ סך זאַכן אויף וועלכע מיר האָבן דערנאָך חרטה, און ווייטער, אַז גאַנץ אָפט ווען מיר ווערן אַטאַקירט דורך עמאָציעס וואָס שטעלן זיך אַנטקעגן איינע דער אַנדערער, „זעען מיר דאָס בעסערע און גייען נאָך דעם ערגערן״, וואָלט דעמאָלט נישט געווען קיין שום זאַך, וואָס זאָל צוריקהאַלטן זייער גלויבן אין דעם, אַז מיר זענען פריי אין אַלצדינג וואָס מיר טוען. אָט אַזוי גלייבט אַ קינד, אַז עס באַגערט די מילך מיטן אייגענעם פרייען ווילן, אַן אויפגעצאָרנט יינגל גלייבט, אַז ער איז פריי צו באַגערן נקמה, און אַ שרעקעוודיק יינגל גלייבט, אַז ער אַנטלויפט מיט זיין אייגענעם פרייען ווילן. פונקט אַזוי גלייבט דער שיכור, אַז דאָס פּלאַפּלט ער אַרויס, לויט דער פרייער אַנטשיידונג פון זיין גייסט, רייד וועלכע ער וואָלט, ווען ער איז ניכטערן, בעסער געהאַלטן אין זיך. אויך משוגעים, פּלאַפּלערנס, קינדער, און נאָך אַזוינע מיני פאַרשוינען גלייבן, אַז זיי רעדן לויט דער פרייער אַנטשיידונג פון זייער גייסט, בעת אין דער אמתן זענען זיי גאָר נישט בכוח צוריקצוהאַלטן דעם אימפּולס זייערן צו רעדן.

די דערפאַרונג לערנט אונדז, נישט ווייניקער קלאָר ווי דער שכל, אַז מענטשן האַלטן זיך פאַר פרייע נאָר דערפאַר, ווייל וועגן זייערע טואונגען זענען זיי זיך באַוואוסט, אָבער די סיבות דורך וועלכע אָט די טואונגען ווערן דעטערמינירט, זענען זיי אומבאַוואוסט; און דערצו נאָך [לערנט אונדז די דערפאַרונג] זענען די דיקטירונגען פונעם גייסט נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר די גלוסטונגען גופא, וועלכע זענען דעריבער אַזוי

פאַרשידן איינס פון דאָס אַנדערע, ווי פאַרשידן ס'איז דער צושטאַנד פונעם קערפּער.

יעדער איינער רעגולירט זיינע טואונגען אויפן גרונט פון זיינע עמאָציעס, און דער וואָס ווערט דערצו נאָך אַטאַקירט דורך קאָנפליקטירנדיקע עמאָציעס, ווייסט שוין גאָר נישט וואָס ער וויל, בעת יענער ווידער וואָס ווערט נישט אַטאַקירט דורך קיין שום עמאָציע, ווערט גרינג געשטויסן אַהין און אַהער. אָט דאָס אַלץ ווייזט קלאָר, אַז די אַנטשיידונג פונעם גייסט, ווי אויך די גלוסטונג און די דעטערמינירונג פונעם קערפּער, זענען אין זייער נאַטור אַלע גלייכצייטיק, אָדער בעסער געזאָגט, זיי זענען איין און די זעלבע זאַך, וועלכע מיר רופן אַן אַנטשיידונג, ווען זי ווערט באַטראַכט אונטערן אַטריבוט פון דענקען און דורך אָט דעם אַטריבוט דערקלערט, אָבער ווען זי ווערט באַטראַכט אונטערן אַטריבוט פון אויסשפּרייטונג און ווערט אַרויסגעפירט אויס די געזעצן פון באַוועגונג און רו, רופן מיר זי אַן דעטערמינירונג [אָדער קאָנדיציאָנירטער צושטאַנד]. דאָס דאָזיקע וועט נאָך קלערער ווערן פון דעם וואָס כ'וועל דאָ באַלד זאָגן וועגן דעם ענין.

פאַראַן נאָך אַ פּונקט אויף וועלכן איך וואָלט דאָ געוואָלט זיך ספּעציעל אָפּשטעלן, און דאָס איז, אַז מיר קאָנען נישט טון גאָרנישט דורך אַן אַנטשיידונג פון גייסט, אויב מיר דערמאָנען זיך נישט אַז מיר האָבן שוין דאָס פריער געטון. למשל, מיר קאָנען נישט אַרויסרעדן אַ וואָרט, אויב מיר דערמאָנען זיך עס נישט אַפּריער.

ווייטער, ליגט עס אויך נישט אין דער פרייער מאַכט פון גייסט צו דערמאָנען זיך אָדער צו פאַרגעסן עפּעס־וואָס. מ'גלייבט דעריבער, אַז די פרייהייט פונעם גייסט גייט נישט ווייטער, ווי נאָר אין דער קראַפט זיינער צו קאָנען רעדן דאָס, וואָס מיר דערמאָנען זיך, אָדער זיך איינהאַלטן און שווייגן. אָבער ווען ס'חלומט זיך אונדז אַז מיר רעדן, גלייבן מיר אַז מיר רעדן לויט אַ פרייער אַנטשיידונג פון גייסט, כאָטש מיר רעדן גאָר בכלל נישט, אָדער, אויב מיר רעדן יאָ, איז עס דורך אַ ספּאָנטאַנער באַוועגונג פונעם קערפּער. ווייטער, ווען ס'חלומט זיך אונדז אַמאָל, אַז מיר פאַרהוילן עפּעס־וואָס פון מענטשן, מיינען מיר אַז מיר

טוען דאָס לויט דער זעלבער אַנטשיידונג פון אונדזער גייסט, ווי יענע לויט וועלכער מיר פאַרשוויגן עפּעס, וואָס מיר וויסן, בעת מיר זענען וואַכנדיק. מיר חלומען אויך אַמאָל, אַז מיר טוען, לויט דער פרייער אַנטשיידונג פון אונדזער גייסט, עפּעס אַזוינס, וואָס מיר וואָלטן זיך נישט דערוועגט עס צו טון ווען מיר זענען וואַכנדיק.

און איצט וואָלט איך אַ בעלן געווען צו וויסן, צי איז אין גייסט פאַראַן צוויי סאָרטן אַנטשיידונגען, איין סאָרט אַ פאַנטאַסטישער און דער אַנדערער אַ פרייער? אויב אָבער אונדזער נאַרישקייט האָט אונדז נאָך נישט פאַרפירט אַזוי ווייט, מוזן מיר נויטווענדיק צוגעבן, אַז די אַנט־שיידונג פונעם גייסט, וועלכע מ׳האַלט פאַר אַ פרייער, שיידט זיך נישט אונטער פון דער פאַרשטעלונגס־קראַפט, אָדער פונעם זכרון, און איז נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר די אַפירמירונג, וואָס אַן אידעיע, אויף וויפיל זי איז אַן אידעיע, שליסט אין זיך נויטווענדיק איין. אָט דערפאַר קומען די דאָזיקע אַנטשיידונגען פונעם גייסט אויף מיט דער זעלבער נויטווענדיקייט ווי די אידעיען וועגן אַקטועל־עקזיסטירנדיקע זאַכן. יענע דעריבער, וואָס גלייבן, אַז זיי רעדן אָדער שווייגן, אָדער טוען עפּעס־וואָס לויט דער פרייער אַנטשיידונג פון זייער גייסט, איז עס ווי זיי וואָלטן געחלומט מיט אָפענע אויגן.

די אַקטיוויטעטן פונעם גייסט קומען אויף אויס אַדעקוואַטע אידעיען בלויז; די פּאַסיווע צושטאַנדן [אָדער די ליידן] הענגען אָפּ פון אינאַדעק־וואַטע אידעיען בלויז.

דאָס ערשטע וואָס שטעלט צונויף די עסענץ פונעם גייסט איז נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר די אידעיע וועגן אַן אַקטועל־עקזיסטי־רנדיקן קערפּער. אָט די אידעיע איז צונויפגעזעצט אויס אַ סך אַנדערע אידעיען, פון וועלכע אַ טייל זענען אַדעקוואַטע און אַ טייל אָבער זענען אינאַדעקוואַטע. אַלץ דאָס, דעריבער, וואָס דרינגט אַרויס אויס דער נאַטור פונעם גייסט און וועלכס איז זיין סאַמע נאָענטסטע סיבה, דורך וועלכער ער מוז פאַרשטאַנען ווערן, מוז דאָס אויס אַן אַדעקוואַטער אידעיע, אָדער אויס אַן אינאַדעקוואַטער אידעיע אַרויסדרינגען. אויף וויפיל אָבער דער

גייסט האָט אינאַדעקוואַטע אידעיען, אויף אַט אַזוי פיל ליידט ער נויט־וועגדיק. דעריבער דרינגען אַרויס די אַקטיוויקייטן פונעם גייסט אויס אַדעקוואַטע אידעיען בלויז, און דער גייסט ליידט נאָר דאַדורך, ווייל ער האָט אינאַדעקוואַטע אידעיען.

מיר זעען בכן, אַז די ליידן [אָדער פּאַסיוויקייטן] באַציען זיך אויפן גייסט נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל ער האָט עפּעס־וואָס, וואָס שליסט אין זיך איין אַ נעגאַציע, אָדער אויף וויפיל ער ווערט באַטראַכט ווי אַ טייל פון דער נאַטור, וואָס קאָן פאַר זיך אַליין, אָן די אַנדערע טיילן, נישט קלאָר און דייטלעך באַנומען ווערן. אויפן זעלבן שטייגער קאָן איך ווייזן, אַז ליידנשאַפטן [אָדער פּאַסיוויקייטן] באַציען זיך אויף אינדיווי־דועלע זאַכן, פּונקט אַזוי ווי זיי באַציען אויפן גייסט. מיין ציל דאָ אָבער איז צו באַהאַנדלען דעם מענטשלעכן גייסט בלויז.

## דאָס שטרעבן זיך צו פּרעזערווירן

קיין שום זאַך קאָן נישט אַנדערש צעשטערט ווערן ווי נאָר דורך אַ סיבה וואָס איז דרויסן פון איר.

אויף וויפיל זאַכן קאָנען צעשטערן איינע די אַנדערע, זענען זיי פון אַן אַנטקעגנגעשטעלטער נאַטור, דאָס הייסט, זיי קאָנען נישט זיין אין איינעם און אינעם זעלבן אָביעקט.

יעדע זאַך, אויף וויפיל נאָר ס׳געוועגדט זיך אין איר, שטרעבט אָנצוהאַלטן איר זיין.

אָט דאָס שטרעבן, מיט וועלכן יעדע זאַך שטרעבט זיך אָנצוהאַלטן אין איר זיין, איז נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר די אַקטועלע עסענץ פון אָט דער זאַך.

דאָס דאָזיקע שטרעבן, מיט וועלכן יעדע זאַך שטרעבט זיך אָנ־צוהאַלטן אין איר זיין, שליסט אין זיך נישט איין קיין באַשטימטע צייט, נאָר אַן אומבאַשטימטע צייט.

וואָרום אויב זי וואָלט אין זיך יאָ איינגעשלאָסן אַ באַשטימטע צייט, וועלכע וואָלט באַגרענעצט דעם דויער פון דער זאַך, וואָלט דאָך דעמאָלט אויס אָט דער קראַפט גופא, דורך וועלכער די זאַך עקזיסטירט, אַרויסגעדרונגען אַז נאָך דער באַגרענעצטער צייט זאָל די זאַך נישט קאָנען מער עקזיסטירן, נאָר זי וואָלט געמוזט צעשטערט ווערן, און דאָס איז דאָך אַן אַבסורד. דעריבער שליסט אין זיך נישט איין דאָס שטערבן דורך וועלכן אַ זאַך עקזיסטירט קיין באַגרענעצטע צייט; נאָר פאַרקערט, זי וועט דורך דער זעלבער קראַפט, דורך וועלכער זי עקזיסטירט אין דער איצטיקייט, ווייטער אָנהאַלטן איר עקזיסטענץ, אויב נאָר זי וועט נישט צעשטערט ווערן דורך אַן אויסערלעכער סיבה. דעריבער שליסט אין זיך איין אָט דאָס שטערבן, דורך וועלכן זי שטרעבט זיך אָנצוהאַלטן אין איר זיין, אַן אומבאַגרענעצטע צייט.

דער גייסט, סיי אויף וויפיל ער האָט קלאָרע און דייטלעכע אידעיען, און סיי אויף וויפיל ער האָט צעמישטע אידעיען, שטרעבט זיך אָנצוהאַלטן אין זיין אייגענעם זיין אויף אַן אומבאַשטימטער צייט, און אָט דאָס שטרעבן איז אים, דעם גייסט, באַוואוסט.

אָט דאָס שטרעבן, ווען עס באַציט זיך אויפן גייסט בלויז ווערט אָנגערופן ווילן, ווען אָבער עס באַציט זיך צום גייסט און קערפּער בייגאַנד, רופט מען עס אַן גלוסטונג. גלוסטונג איז אייגנטלעך נישט עפּעס אַנדערש, ווי נאָר די סאַמע עסענץ פונעם מענטשן, וואָס אויס איר נאַטור עס דרינגט נויטווענדיק אַרויס אַלץ דאָס, וואָס דינט פאַר זיין פּרעזערווירונג, און דורך וועלכער דער מענטש ווערט דעטערמינירט צו זיינע טואונגען.

ווייטער איז צווישן גלוסטונג און באַגער נישטאָ קיין שום אַנדערער דיפערענץ, ווי נאָר דער, וואָס דער אויסדרוק באַגער ווערט געווייינטלעך אָנגעווענדעט אויף מענטשן, אויף וויפיל זיי זענען זיך באַוואוסט וועגן זייער גלוסטונג, און קאָן דעריבער, לויט אָט דעם נאָך, דעפינירט ווערן אָט אַזוי: באַגער איז נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר גלוסטונג, מיטן באַוואוסטזיין וועגן דער גלוסטונג. ס'ווערט דעריבער פון דעם וואָס איז דאָ געזאָגט געוואָרן קלאָר, אַז מיר שטרעבן, ווילן, פאַרלאַנגען און באַגערן

עפּעס־וואָס נישט דערפאַר ווייל מיר האַלטן עס פאַר גוט, נאָר פאַרקערט, מיר האַלטן עפּעס־וואָס פאַר גוט, דערפאַר ווייל מיר שטרעבן דערצו, ווילן עס, גלוסטן עס, אָדער באַגערן עס.

אין אונדזער גייסט קאָן נישט זיין קיין אידעיע, וואָס שליסט אויס די עקזיסטענץ פון אונדזער קערפּער, וואָרום אָט אַזאַ אידעיע איז אַנט־קעגנגעשטעלט צו אונדזער גייסט.

אַלץ דאָס, וואָס פאַרמערט אָדער פאַרמינערט, העלפט אַרויס אָדער האַלט צוריק די קראַפט צו אַקטיוויקייט אין אונדזער קערפּער, וועט די אידעיע דערפון פונקט אַזוי פאַרמערן אָדער פאַרמינערן, אַרויסהעלפן אָדער צוריקהאַלטן די קראַפט צו דענקען אין אונדזער גייסט.

דערפון זעען מיר, אַז דער גייסט קאָן אַדורכמאַכן גרויסע פאַר־ענדערונגען, און איבערגיין אַמאָל צו אַ צושטאַנד פון גרעסערער פּער־פעקטקייט און אַמאָל צו אַ צושטאַנד פון קלענערער פּערפעקטקייט. די דאָזיקע פּאַסיווע צושטאַנדן דערקלערן אונדז די עמאָציעס פון פרייד און טרויער. אונטער פרייד וועל איך אינעם ווייטערדיקן באַצייכענען אַ פּאַ־סיוון צושטאַנד דורך וועלכן דער גייסט גייט איבער צו אַ גרעסערער פּער־פעקטקייט ווי פריער. אונטער טרויער וועל איך באַצייכענען אַ פּאַסיוון צושטאַנד דורך וועלכן דער גייסט גייט איבער צו אַ קלענערער פּער־פעקטקייט ווי פריער. ווייטער וועל איך די עמאָציע פון פרייד, וועלכע באַציט זיך אויפן גייסט און קערפּער בייניאַנד, אָנרופן הנאה אָדער הייטער־קייט, און די עמאָציע פון טרויער, אין דער זעלבער באַציאונג, אָנרופן שמערץ אָדער מעלאַנכאָליע. מ׳דאַרף אָבער דערביי אין זינען האָבן, אַז הנאה און שמערץ ווערן צוגעשריבן צום מענטשן, ווען איין טייל פון זיין נאַטור איז מערער אַפעקטירט ווי די רעשט טיילן; הייטערקייט און מעלאַנכאָליע ווידער, ווען אַלע טיילן זענען גלייך אַפעקטירט. וואָס איך מיין מיט באַגער האָב איך שוין פריער דערקלערט; אַחוץ אָט די דריי — פרייד, טרויער און באַגער — אָנערקען איך נישט קיין שום אַנדער פּרימערע עמאָציע. אַלע איבעריקע עמאָציעס, וועל איך דאָ ווייטער ווייזן, קומען אַרויס פון אָט די דריי.

איידער אָבער איך גיי ווייטער, וואָלט איך דאָ וועלן מער אויס־
פירלעך דערקלערן דאָס, וואָס אין אונדזער גייסט קאָן נישט זיין קיין
אידעיע וואָס שליסט אויס די עקזיסטענץ פון אונדזער קערפּער, כדי
ס'זאָל מער קלאָר ווערן ווי אַזוי איין אידעיע קאָן זיך אַנטקעגנשטעלן
אַן אַנדער אידעיע.

איך האָב פריער געוויזן, אַז יענע אידעיע וואָס שטעלט צונויף
די עסענץ פונעם גייסט, שליסט אין זיך איין די עקזיסטענץ פונעם קערפּער
נאָר אַזוי לאַנג ווי דער קערפּער עקזיסטירט. ווייטער ווערט דאָרטן דער־
וויזן, אַז די עקזיסטענץ פון אונדזער גייסט אין דער איצטיקייט הענגט
אָפּ דערפון בלויז, וואָס דער גייסט שליסט אין זיך איין די אַקטועלע עק־
זיסטענץ פונעם קערפּער. דערנאָך האָב איך אויפגעוויזן, אַז דער כוח
פונעם גייסט דורך וועלכן ער שטעלט זיך פאָר זאַכן און געדענקט זיי,
הענגט אויך אָפּ בלויז אין דעם וואָס דער גייסט שליסט אין זיך איין די
אַקטועלע עקזיסטענץ פונעם קערפּער. איז פון אָט דעם אַלעם געדרונגען,
אַז די עקזיסטענץ פונעם גייסט אין דער איצטיקייט און זיין פאָרשטעלונגס־
קראַפט ווערן אַוועקגענומען אַזוי גיך ווי דער גייסט הערט אויף צו אַפיר־
מירן די איצטיקע עקזיסטענץ פונעם קערפּער. די סיבה אָבער דורך וועל־
כער דער גייסט הערט אויף צו אַפירמירן די עקזיסטענץ פונעם קערפּער
קאָן נישט זיין אינעם גייסט אַליין; זי קאָן אויך נישט זיין אין דעם וואָס
דער קערפּער הערט אויף צו עקזיסטירן. וואָרום דער גייסט אַפירמירט
נישט די עקזיסטענץ פונעם קערפּער דערפאַר ווייל דער קערפּער האָט
אָנגעהויבן צו עקזיסטירן, און דעריבער הערט אויך דער גייסט נישט אויף
אַפירמירן די עקזיסטענץ פונעם קערפּער דערפאַר ווייל דער קערפּער
הערט אויף צו זיין; נאָר צוליב אַן אַנדער אידעיע, וועלכע שליסט אויס
די איצטיקע עקזיסטענץ פון אונדזער קערפּער, און במילא שוין אויך
פון אונדזער גייסט, און איז דעריבער אַנטקעגנגעשטעלט צו יענער אידעיע
וואָס שטעלט צונויף די עסענץ פון אונדזער גייסט.

דער גייסט שטרעבט, אויף וויפיל נאָר ער קאָן, זיך פאָרצושטעלן

דאָס וואָס פאַרמערט אָדער העלפט אַרויס די קראַפט צו אַקטיוואַקייט אינעם קערפּער.

ווען דער גייסט שטעלט זיך פאָר זאַכן וואָס פאַרמינערן אָדער האַלטן צוריק די קראַפט צו אַקטיוואַקייט אינעם קערפּער, שטרעבט ער, אויף וויפיל נאָר ער קאָן, זיך צו דערמאָנען יענע זאַכן, וואָס שליסן אויס די עקזיסטענץ פון די פריער־דערמאָנטע זאַכן. (דערפון איז געדרונגען, אַז דעם גייסט איז דערווידער זיך פאָרצושטעלן דאָס, וואָס פאַרמינערט אָדער האַלט צוריק זיין אייגענע קראַפט און די קראַפט פון זיין קערפּער).

פונעם פריער געזאָגטן קאָן מען קלאָר פאַרשטיין, וואָס איז ליבע און וואָס איז האַס. ליבע איז נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר פרייד, באַגלייט מיט דער אידעיע וועגן אַ דרויסנדיקער סיבה, און האַס איז נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר טרויער, באַגלייט מיט דער אידעיע וועגן אַ דרויסנדיקער סיבה. ווייטער זעען מיר, אַז דער וואָס האָט עפּעס־וואָס ליב, שטרעבט ער נויטווענדיק צו האָבן דעם געליבטן אָביעקט לעבן זיך אין דער איצטיקער צייט און אים אויפצוהאַלטן; און פאַרקערט ווידער, שטרעבט דער וואָס האָסט עפּעס־וואָס, צו דערווייטערן און צו צעשטערן דעם אָביעקט פון זיין שנאה.

## וועגן דער אַסאָציאַציע צווישן עמאָציעס

אויב דער גייסט איז אַמאָל אַפעקטירט געוואָרן דורך צוויי עמאָציעס אין איין און דער זעלבער צייט, וועט ער שפּעטער, ווען נאָר ער וועט אַפעקטירט ווערן דורך איינער פון די צוויי עמאָציעס, אויך דורך דער צווייטער אַפעקטירט ווערן.

יעטווידע זאַך קאָן דורך צופאַל זיין די סיבה פון פרייד, טרויער אָדער באַגער.

שוין דורך דעם אַליין וואָס מיר האָבן אַ וואָסער עס איז זאַך באַ־טראַכט מיט אַן עמאָציע פון פרייד אָדער טרויער, כאָטש יענע זאַך איז נישט געווען די באַווירקנדיקע סיבה פאַר אָט דער עמאָציע, קאָנען מיר יענע זאַך אַנטוועדער ליב האָבן אָדער פיינט האָבן. אָט דערפון פאַרשטייען

מיר ווי אַזוי ס׳קאָן טרעפן, אַז מיר זאָלן עפּעס־וואָס ליב האָבן אָדער פיינט האָבן, כאָטש ס׳איז אונדז נישט באַוואוסט קיין שום סיבה פאַר אָט דער עמאָציע, נאָר בלויז (ווי ס׳גייט דאָס ווערטל) אויס סימפּאַטיע אָדער אַנטיפּאַטיע. צו אָט דער קאַטעגאָריע געהערן אויך יענע אָביעקטן, וואָס אַפעקטירן אונדז מיט פרייד אָדער טרויער, בלויז דערפאַר ווייל זיי האָבן עפּעס אַן ענלעכקייט צו אַזוינע אָביעקטן, וואָס אַפעקטירן אונדז געוויינט־לעך אויפן זעלבן אופן. אמת, איך ווייס, אַז יענע שרייבער, וואָס האָבן די ערשטע אַריינגעפירט די אויסדרוקן סימפּאַטיע און אַנטיפּאַטיע, האָבן מיט זיי געוואָלט באַצייכענען עפּעס אַ מין פאַרבאָרגענע אייגנשאַפטן פון זאַכן, איך אָבער גלייב, אַז מיר מעגן זיך דערלויבן אונטער אָט די ווער־טער צו פאַרשטיין באַקאַנטע אָדער באַשיינפּערלעכע אייגנשאַפטן.

דורך דעם וואָס מיר שטעלן זיך פאָר אַ וואָסער עס איז זאַך, וועלכע האָט עפּעס אַן ענלעכקייט צו אַן אַנדער אָביעקט, וואָס אַפעקטירט גע־וויינטלעך דעם גייסט מיט פרייד אָדער מיט טרויער, איז ווען אַפילו אָט דאָס מיט וועלכן די זאַך איז ענלעך צו יענעם אָביעקט איז נישט קיין באַווירקנדיקע סיבה פאַר אָט די עמאָציעס [פון פרייד אָדער טרויער] וועלן מיר פונדעסטוועגן יענע זאַך פונקט אַזוי פיינט האָבן אָדער ליב האָבן.

ווען מיר שטעלן זיך פאָר, אַז אַ זאַך וואָס אַפעקטירט אונדז גע־וויינטלעך מיט דער עמאָציע פון טרויער, האָט אַ וואָסער עס איז ענלעכ־קייט צו אַן אַנדער זאַך, וואָס אַפעקטירט אונדז געוויינטלעך מיט פונקט אַזאַ שטאַרקער עמאָציע פון פרייד, וועלן מיר דעמאָלט די זאַך גלייכצייטיק אי ליב האָבן און אי האָסן.

דער דאָזיקער צושטאַנד פון גייסט, וואָס קומט אויף אויס צוויי אַנט־קעגנגעשטעלטע עמאָציעס, ווערט אָנגערופן וואַקלעניש פונעם גייסט; די דאָזיקע וואַקלעניש פונעם גייסט פאַרהאַלט זיך צו די עמאָציעס פונקט אַזוי, ווי דער צווייפל צו דער פאָרשטעלונגס־קראַפט; צווישן זייביידע [דער וואַקלעניש פונעם גייסט און דעם צווייפל] איז קיין שום אַנדערער דיפערענץ נישטאָ ווי נאָר דער דיפערענץ וואָס איז דאָ צווישן מערער און ווינציקער. דאַרף דאָ נאָך אָבער נאָטירט ווערן, אַז אָט די וואַקלעניש

פונעם גייסט האָב איך דאָ פריער אַרויסגעפירט פון אַזוינע סיבות, וואָס איינע פון זיי ברענגט פון זיך אַרויס איין עמאָציע דירעקט און די צווייטע עמאָציע צופעליק. איך האָב דאָס געטון דערפאַר, כדי זיי, אָט די עמאָציעס, צו קאָנען גרינגער אַרויספירן פונעם פריער געזאָגטן; איך לייקן אָבער נישט אָפּ, אַז אָט די וואַקלענישן פונעם גייסט קומען מיינסטנטיילס אויף דורך אַן אָביעקט, וואָס איז די באַווירקנדיקע סיבה פאַר אָט די ביידע עמאָציעס. וואָרום אַזוי ווי דער מענטשלעכער קערפּער איז צונויפגעזעצט אויס זייער אַ סך אינדיווידועלע טיילן פון אַ פאַרשידנאַרטיקער נאַטור, קאָן ער דעריבער דורך איין און דעם זעלבן קערפּער אַפעקטירט ווערן אויף זייער אַ סך און פאַרשידנערליי אופנים; און פאַרקערט ווידער, אַזוי ווי איין און די זעלבע זאַך קאָן אויף פילערליי אופנים אַפעקטירט ווערן, קאָן זי בכן אויך איין און דעם זעלבן קערפּערטייל אַפעקטירן אויף אַ סך און פאַרשידנערליי אופנים. אָט דערפון קאָנען מיר גרינג פאַרשטיין, ווי אַזוי איין און דער זעלבער אָביעקט קאָן זיין די [באַווירקנדיקע] סיבה פאַר אַ סך קאָנפליקטירנדיקע עמאָציעס.

דער מענטש ווערט אַפעקטירט דורכן פאַרשטעלונגס־בילד פון אַ פאַרגאַנגענער אָדער קומענדיקער זאַך מיט פונקט אַזאַ עמאָציע פון פרייד אָדער טרויער, ווי דורכן פאַרשטעלונגס־בילד פון אַן איצטיקער זאַך.

איך רוף דאָ אָן די זאַך אַ פאַרגאַנגענע אָדער אַ קומענדיקע, אויף וויפיל מיר זענען שוין דורך איר אַפעקטירט געוואָרן אָדער וועלן אַפעק־טירט ווערן. למשל, אויף וויפיל מיר האָבן זי שוין געזען אָדער וועלן זי ערשט זען, אויף וויפיל זי האָט אונדז שוין דערקוויקט אָדער וועט אונדז ערשט דערקוויקן, אויף וויפיל זי האָט אונדז שוין געשעדיקט אָדער וועט אונדז ערשט שעדיקן, און אַז. וו. וואָרום אויף וויפיל מיר שטעלן זיך זי פאָר אויף אָט אַזאַ אופן, אויף אָט אַזוי פיל אַפּירמירן מיר איר עקזיסטענץ, דאָס הייסט, דער קערפּער ווערט נישט אַפעקטירט דורך קיין שום עמאָציע וועלכע שליסט אויס די עקזיסטענץ פון דער זאַך, און דעריבער ווערט דער קערפּער אַפעקטירט דורכן פאַרשטעלונגס־בילד פון אָט דער זאַך אויפן זעלבן אופן ווי די זאַך וואָלט פאַקטיש בייגעווען.

אַזוי ווי אָבער ס׳טרעפט געוויינטלעך, אַז יענע וואָס האָבן געהאַט פילערליי דערפאַרונגען זאָלן זיך וואַקלען, כל זמן זיי באַטראַכטן די זאַך ווי אַ קומענדיקע אָדער פאַרגאַנגענע, און מיינסטנטיילס זיין אין ספק איבער איר אויסגאַנג, קומט דעריבער פאָר, אַז עמאָציעס וואָס קומען אויף אויס פאָרשטעלונגס־בילדער וועגן ענלעכע זאַכן, זענען נישט אַזוי באַשטענדיק, נאָר ווערן מיינסטנטיילס געשטערט דורך פאָרשטעלונגס־בילדער פון אַנדערע זאַכן, ביז וואַנעט די מענטשן זענען זיכער וועגן דעם אויסגאַנג פון דער זאַך.

פון דעם, וואָס ס׳איז דאָ איצט געזאָגט געוואָרן, פאַרשטייען מיר וואָס ס׳מיינט האָפענונג, שרעק, צוטרוי, פאַרצווייפלונג, פריידיקייט און אַנטוישונג. האָפענונג איז נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר אַן אומבאַשטענדיקע פרייד, וואָס קומט אויף אויס דעם פאָרשטעלונגס־בילד פון אַ פאַרגאַנגענער אָדער אַ קומענדיקער זאַך, וואָס איבער איר אויסגאַנג מיר זענען נאָך אין צווייפל. אַקעגן ווידער איז שרעק, אומבאַשטענדיקער טרויער, וואָס קומט אויך אויף אויס דעם פאָרשטעלונגס־בילד פון עפּעס־וואָס, בנוגע וועלכן מיר זענען נאָך אין צווייפל. ווייטער, אויב דער עלעמענט פון צווייפל זאָל פון אַט די עמאָציעס אַוועקפאַלן, ווערט דעמאָלט פון האָפענונג צוטרוי און פון שרעק ווערט פאַרצווייפלונג. מיט אַנדערע ווער־טער, פרייד אָדער טרויער קומען אויף אויס דעם פאָרשטעלונגס־בילד וועגן עפּעס־וואָס פאַר וועלכן מיר האָבן זיך געשראָקן אָדער געהאָפט דערויף. פריידיקייט ווידער, איז פרייד וואָס קומט אויף אויס דעם פאַרשטעלונגס־בילד וועגן אַ פאַרגאַנגענער זאַך, וואָס איבער איר אויסגאַנג מיר זענען נאָך אין ספק. אַנטוישונג איז דער טרויער, וואָס איז אַנטקעגנגעשטעלט דער פריידיקייט.

## וועגן דער ווירקונג און קעגנווירקונג פון די עמאָציעס

דער וואָס שטעלט זיך פאָר, אַז דער אָביעקט וועלכן ער האָט ליב ווערט צעשטערט וועט ער ווערן טרויעריק; און אַקעגן ווידער, ווען ער שטעלט זיך פאָר, אַז דער אָביעקט וועלכן ער האָט ליב ווערט אויפגעהיט, וועט ער זיך פרייען.

דער וואָס שטעלט זיך פאָר, אַז דער אָביעקט וועלכן ער האַסט ווערט צעשטערט ווערט ער זיך פרייען.

דער וואָס שטעלט זיך פאָר, אַז דער געליבטער אָביעקט איז אַפעק־טירט מיט פרייד אָדער טרויער, וועט אויך ער אַפעקטירט ווערן מיט פרייד אָדער טרויער; און אָט די אָדער די אַנדערע עמאָציע וועט אין דעם ליבנ־דיקן זיין גרעסער אָדער קלענער, לויט דעם נאָך ווי איינע אָדער די אַנדערע עמאָציע איז גרעסער אָדער קלענער אין דער געליבטער זאַך.

ווען מיר שטעלן זיך פאָר, אַז עמעץ האָט מיט פרייד אַפעקטירט אַן אָביעקט וועלכן מיר האָבן ליב, וועלן מיר אויך צו אים מיט ליבשאַפט אַפעקטירט ווערן. און פאַרקערט ווידער, ווען מיר שטעלן זיך פאָר, אַז יענער האָט דעם אָביעקט וועלכן מיר האָבן ליב מיט טרויער אַפעקטירט, וועלן אויך מיר צו אים מיט פיינטשאַפט אַפעקטירט ווערן.

מיטלייד קאָנען מיר דעפינירן ווי טרויער וואָס קומט אויף איבער אַ צווייטנס אומגליק. מיט וואָס פאַר אַ נאָמען אָבער צו באַצייכענען די פרייד וואָס קומט אויף איבער אַ צווייטנס גליק, ווייס איך נישט.

ווייטער וועלן מיר די ליבשאַפט צו דעם וואָס האָט אַ צווייטן גוטס געטון אָנרופן גינציקייט, און די פיינטשאַפט צו יענעם וואָס האָט אַ צווייטן שלעכטס געטון, וועלן מיר רופן אויפגעבראַכטקייט. דאַרף דאָ אָבער נאָך באַטירט ווערן, אַז נישט נאָר וועקט זיך אין אונדז מיטלייד אויף אַ זאַך וואָס מיר האָבן ליב געהאַט, נאָר אויך אויף אַ זאַך וועלכע מיר האָבן ביז איצט באַטראַכט אָן שום עמאָציע, אויב נאָר מיר מיינען אַז זי איז צו אונדז ענלעך. דעריבער זענען מיר אויך גינציק צו יענעם, וואָס האָט גוטס געטון עמעצן, וואָס איז צו אונדז ענלעך, און פאַרקערט ווידער, ווערן מיר אויפ־געבראַכט אויף דעם וועלכער האָט יענעם, וואָס איז צו אונדז ענלעך געברענגט שאָדן.

דער וואָס שטעלט זיך פאָר אַז דער אָביעקט וועלכן ער האַסט איז מיט טרויער אַפעקטירט, וועט ער זיך פרייען. און פאַרקערט ווידער, ווען ער שטעלט זיך פאָר אַז יענער אָביעקט איז מיט פרייד אַפעקטירט,

וועט ער ווערן טרויעריק. און אַט די אָדער די אַנדערע עמאָציע וועט גרעסער אָדער קלענער זיין, לויט דעם נאָך ווי די אַנטקעגנגעשטעלטע עמאָציע איז גרעסער אָדער קלענער אינעם געהאַסטן אָביעקט.

ווען מיר שטעלן זיך פאָר אַז ווער (עס איז אַפעקטירט מיט פרייד אַן אָביעקט וועלכן מיר האַסן, וועלן מיר צו אים מיט פיינטשאַפט אַפעקטירט ווערן. און פאַרקערט ווידער, ווען מיר שטעלן זיך פאָר אַז ער אַפעקטירט יענעם אָביעקט מיט טרויער, וועלן מיר צו אים מיט ליבשאַפט אַפעקטירט ווערן.

אַט די און ענלעכע עמאָציעס פון האַס געהערן צו קנאה, וועלכע איז נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר דער האַס גופא, אויף וויפיל ער דיספּאָנירט דעם מענטש זיך צו פרייען מיט אַ צווייטנס צרות, און פאַרקערט ווידער, צו זיין טרויעריק איבער יענעמס גליק.

מיר שטרעבן צו אַפירמירן בנוגע זיך אַליין, און בנוגע דעם וואָס מיר האָבן ליב, אַלץ דאָס וואָס וועט, ווי מיר שטעלן זיך פאָר, אַפעקטירן אונדז, אָדער דעם געליבטן אָביעקט, מיט פרייד. און פאַרקערט ווידער, שטרעבן מיר אָפּצואוואַרפן אַלץ דאָס וואָס קאָן, ווי מיר שטעלן זיך פאָר, אַפעקטירן אונדז, אָדער דעם געליבטן אָביעקט, מיט טרויער.

## וועגן איבערשאַצונג און אונטערשאַצונג

מיר שטרעבן צו אַפירמירן בנוגע דעם וואָס מיר האַסן, אַלץ דאָס וואָס וועט אים, ווי מיר שטעלן זיך פאָר, אַפעקטירן מיט טרויער. און פאַר־קערט ווידער, שטרעבן מיר אָפּצואוואַרפן אַלץ דאָס, וואָס וועט אים, ווי מיר שטעלן זיך פאָר, אַפעקטירן מיט פרייד.

דערפון זעען מיר, ווי גרינג ס'קאָן פּאַסירן, אַז דער מענטש זאָל וועגן זיך, אָדער וועגן אַ געליבטן אָביעקט, האָבן אַ סך אַ העכערע מיינונג, און ער זאָל, פאַרקערט ווידער, וועגן דעם אָביעקט, וואָס ער האַסט, האָבן אַ סך אַ נידעריקערע מיינונג. אַט אַזאַ געפיל, ווען ער באַציט זיך אויף אַ מענטשן וואָס האָט וועגן זיך אַ סך אַ העכערע מיינונג, הייסט גאווה, און איז אַ מין שגעון, וואָרום אַט דער מענטש חלומט דעמאָלט מיט אָפענע אויגן, מיינענ־

דיק אַז ער איז בכוח צו טון יענע אַלע זאַכן, וואָס קאָנען אים נאָר איינפאַלן אין דער פאַנטאַזיע, באַטראַכטנדיק זיי דעריבער ווי זיי וואָלטן געווען רעאַל און געפינענדיק אין דעם צופרידנקייט, אַזוי לאַנג ווי ער קאָן זיך נישט פאָרשטעלן עפּעס, וואָס שליסט אויס זייער עקזיסטענץ און וועלכס באַגרע־נעצט זיין קראַפט צו אַקטיוויקייטן. גאווה איז דעריבער, פרייד, וואָס קומט אויף דערפון וואָס דער מענטש האָט וועגן זיך אַ סך אַ העכערע מיינונג. די פרייד, ווידער, וואָס קומט אויף דערפון וואָס דער מענטש האָט וועגן אַ צווייטן אַ העכערע מיינונג, הייסט איבערשאַצונג. און צום לעצט, הייסט די פרייד, וואָס קומט אויף דערפון וואָס דער מענטש האָט וועגן אַ צווייטן אַ סך אַ נידעריקערע מיינונג, אונטערשאַצונג.

## וועגן דער אימיטירונג פון עמאָציעס

וועגן מיר שטעלן זיך פאָר, אַז אַ זאַך וואָס איז צו אונדז ענלעך און צו וועלכער מיר האָבן נאָך ביז אַהער נישט געהאַט קיין שום עמאָציע, איז אַפעקטירט געוואָרן דורך אַן עמאָציע, וועלן אויך מיר דורך אָט דעם אַפעק־טירט ווערן מיט אַן ענלעכער עמאָציע.

אָט די אימיטירונג פון עמאָציעס, ווען זי באַציט זיך אויף טרויער, הייסט זי מיטגעפיל; ווען אָבער זי באַציט זיך אויף באַגער, הייסט זי ריוואַליטעט, וואָס איז נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר דער באַגער פאַר עפּעס־וואָס, וועלכער ווערט אין אונדז געבוירן דורך דעם וואָס מיר שטעלן זיך פאָר, אַז אַנדערע וואָס זענען צו אונדז ענלעך, האָבן דעם זעלבן באַגער.

ווען מיר שטעלן זיך פאָר, אַז ווער עס איז, צו וועמען מיר האָבן ביז אַהער נישט געהאַט קיין שום עמאָציעס, אַפעקטירט וועמען עס איז וואָס איז צו אונדז ענלעך, מיט פרייד, וועלן אויך מיר צו אים מיט ליבשאַפט אַפעקטירט ווערן. און פאַרקערט ווידער, ווען מיר שטעלן זיך פאָר, אַז ער אַפעקטירט יענעם מיט טרויער, וועלן אויך מיר צו אים מיט פיינטשאַפט אַפעקטירט ווערן.

מיר קאָנען אָבער נישט האָסן דעם וואָס וועקט אין אונדז מיטלייד, כאָטש זיינע צרות אַפעקטירן אונדז מיט טרויער.

מיר זוכן, אויף וויפיל נאָר מיר קאָנען צו באַפרייען פון זיינע צרות

דעם אויף ווען מען מיר האָבן מיטלייד. דער דאָזיקער ווילן, אָדער חשק, צו טון גוטס, וואָס קומט אויף אויס מיטלייד צו דעם וועמען מיר ווילן גוטס טון, הייסט וואוילטואונג, און איז נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר דער באַגער וואָס קומט אויף אויס מיטלייד.

מיר שטרעבן צו שטאַנד צו ברענגען אַלץ דאָס וואָס פירט, ווי מיר שטעלן זיך פאָר, צו פרייד; און פאַרקערט ווידער שטרעבן מיר צו דער־ווייטערן אָדער צו צעשטערן אַלץ דאָס וואָס שטעלט זיך אַנטקעגן, ווי מיר שטעלן זיך פאָר, דער פרייד, אָדער וואָס פירט צו טרויער.

מיר וועלן אויך שטרעבן צו טון אַלץ דאָס וואָס מענטשן, ווי מיר שטעלן זיך פאָר, באַטראַכטן מיט פרייד [דאָ און ווייטער דאַרף מען אונטער „מענטשן" פאַרשטיין אַזוינע, וואָס מיר האָבן צו זיי נישט קיין שום באַזונ־דערן געפיל], און ס׳וועט פאַרקערט, אונדז זיין דערווידער צו טון דאָס וואָס איז, ווי מיר שטעלן זיך פאָר, מענטשן דערווידער.

אָט דאָס שטרעבן צו טון עפּעס־וואָס, אָדער עס איבערלאָזן אומגעטון, בלויז צוליב דעם כדי מענטשן צו געפעלן, הייסט יאָגן זיך נאָך כבוד (אָדער זיין אַמביציעז), באַזונדערס ווען אונדזער באַגער צו געפעלן דעם המון איז אַזוי שטאַרק, אַז מיר טון, אָדער לאָזן איבער אומגעטון, זאַכן צו אונדזער אייגענעם, אָדער צו אַ צווייטנס, שאָדן; אין אַנדערע פאַלן ווערט געוויינטלעך אָט דאָס שטרעבן באַצייכנט ווי פריינדלעכקייט. די פרייד ווידער מיט וועלכער מיר שטעלן זיך פאָר די האַנדלונג פון אַ צווייטן, דורך וועלכער ער זוכט אונדז צופרידן צו שטעלן, רוף איך אָן לויב; דער טרויער אָבער, מיט וועלכן מיר קערן זיך אָפּ פון זיין האַנדלונג, רוף איך אָן טאַדל.

ווען עמעץ האָט געטון עפּעס־וואָס, וואָס האָט, ווי ער שטעלט זיך פאָר, אַפעקטירט אַנדערע מיט פרייד, וועט אויך ער מיט פרייד אַפעקטירט ווערן, באַגלייט מיט דער אידעיע וועגן זיך זעלבסט ווי די סיבה [פון אָט דער פרייד]; מיט אַנדערע ווערטער, ער וועט זיך אַליין מיט פרייד באַטראַכטן. אויב ער האָט פאַרקערט ווידער, געטון עפּעס־וואָס, וואָס האָט, ווי ער

שטעלט זיך פאָר, אַפּעקטירט אַנדערע מיט טרויער, וועט אויך ער זיך מיט טרויער באַטראַכטן.

אַזוי ווי ליבע איז פרייד, באַגלייט מיט דער אידעיע וועגן אַן אויסערלעכער סיבה, און האַס איז טרויער, באַגלייט פּונקט אַזוי אויך מיט דער אידעיע וועגן אַן אויסערלעכער סיבה, וועלן דעריבער אָט די פרייד און אָט דער טרויער זיין מינים פון ליבע און האַס. אַזוי ווי אָבער די ווערטער ליבע און האַס ווערן דאָ גענוצט אין זייער באַציאונג אויף אויסער־לעכע אָביעקטן, וועלן מיר דאָ די דאָזיקע עמאָציעס באַצייכענען מיט אַנ־דערע נעמען: פרייד, באַגלייט מיט דער אידעיע וועגן אַן אויסערלעכער סיבה, וועלן מיר רופן כבוד און די איר אַנטקעגנגעשטעלטע עמאָציע טרויער וועלן מיר רופן בושה — דערביי דאַרף פאַרשטאַנען ווערן, אַז אָט דאָס איז אינעם פאַל ווען פרייד אָדער טרויער קומען אויף איבער דעם וואָס דער מענטש גלייבט, אַז ער ווערט געלויבט אָדער געטאַדלט; אַנדערש, ווערט פרייד, באַגלייט מיט דער אידעיע וועגן אַן אויסערלעכער סיבה, גערופן צופרידנקייט מיט זיך זעלבסט, און דער איר אַנטקעגנגעשטעלטער טרויער ווערט גערופן חרטה. אַזוי ווי אָבער ס׳קאָן דאָך טרעפן, אַז די פרייד, מיט וועלכער עמעץ שטעלט זיך פאָר, ער זאָל האָבן אַפּעקטירט אַנדערע, זאָל מעגלעך זיין נישט מער ווי נאָר אין זיין פאָרשטעלונג בלויז, און אַזוי ווי יעדער איינער שטרעבט זיך פאָרצושטעלן וועגן זיך אַלץ דאָס וואָס זאָל אים, לויט זיין פאָרשטעלונג נאָך, מיט פרייד אַפּעקטירן, קאָן דעריבער גאַנץ גרינג טרעפן, אַז דער פּוסטער בעל־גאווה זאָל זיך אַליין גלאָריפיצירן און זיך פאָרשטעלן אַז ער איז ביי אַלעמען אָנגעלייגט, בעת אין דער אמתן איז ער גאָר פאַר אַלעמען אַן אָנשיקעניש.

איז דערפון געדרונגען, אַז יעדער איינער שטרעבט, אויף וויפיל נאָר מעגלעך, אַז אַלע אַנדערע זאָלן אויך ליב האָבן דאָס, וואָס ער אַליין האָט ליב, און האַסן דאָס וואָס ער אַליין האַסט; ווי ס׳גייען די ווערטער פונעם פּאָעט:

האָפן לאָמיר ביינאַנד, ביינאַנד מיר ליבנדיקע זיך שרעקן,
פון אייזן איז דער, ווער ס׳ליבט דאָס, וואָס אַן אַנדערער לאָזט איבער.

(„ליבעס־לידער״ פון אָוויד, גרויסער רוימישער פּאָעט, בוך 2, עלעגיע 19, פערזן 4 און 5).

אַט דאָס שטרעבן צו ברענגען דערצו, אַז יעדער איינער זאָל גוטהייסן אָדער אַפּוואַרפן דאָס, וואָס מ׳האָט אַליין ליב אָדער פיינט איז אין דער אמתן יאָגעניש נאָך כבוד (אָדער אַמביציע); מיר זעען דעריבער, ווי בטבע שטרעבט יעדער איינער דערצו, אַז אַלע אַנדערע מענטשן זאָלן איינאָרדענען זייער לעבן לויט זיין אייגענעם שטייגער נאָך; ווען אַט דאָס שטרעבן איז פונקט אַזוי גלייך ביי אַלעמען, שטייען זיי אַלע איינער דעם אַנדערן אין וועג, און בעת אַלע ווילן געלויבט אָדער געליבט ווערן פון אַלעמען, ווערן זיי זיך גאָר איינער דעם אַנדערן שונאים.

ווען מיר שטעלן זיך פאָר, אַז ווער עס איז האָט הנאה פון עפּעס־וואָס, וואָס נאָר איין־איינציקער מענטש קאָן עס באַזיצן, וועלן מיר שטרעבן צו ברענגען דערצו, אַז ער זאָל יענע זאַך נישט באַזיצן.

דערפון זעען מיר, אַז בכלל גענומען איז דעם מענטשנס נאַטור אַזוי צונויפגעשטעלט צו האָבן מיטלייד אויף יענע וואָס ס׳גייט זיי שלעכט, און מקנא צו זיין יענע וואָס ס׳גייט זיי גוט, און אַלץ גרעסער וועט זיין די פיינטשאַפט, וואָס מערער ער האָט ליב די זאַך וועלכע ער שטעלט זיך פאָר, אַז אַן אַנדערער באַזיצט זי. מיר זעען ווייטער, אַז אויס דער זעלבער אייגנשאַפט פון דער מענטשלעכער נאַטור, פון וועלכער ס׳דרינגט אַרויס, אַז מענטשן זענען בעלי־רחמנות, דרינגט אויך אַרויס, אַז זיי זענען זיך מקנא איינער דעם אַנדערן, און יאָגן זיך נאָך כבוד. צום לעצט, אויב מיר זאָלן לערנען פון דער דערפאַרונג, וועלן מיר אויסגעפינען, אַז זי באַשטע־טיקט דאָס אַלץ, בפרט נאָך ווען מיר האָבן אין זינען די ערשטע יאָרן פון אונדזער לעבן.

וואָרום מיר געפינען ביי קינדער, אַז איבער דעם וואָס זייערע קערפּערס זענען שטענדיק ווי אין אַ גלייכגעוויכט, וועלן זיי לאַכן אָדער וויינען, שוין בלויז דערפאַר ווייל זיי זעען אַנדערע לאַכן אָדער וויינען, ווייטער באַגערן זיי אויך צו אימיטירן וואָס נאָר זיי זעען אַנדערע טוען, און לסוף באַגערן זיי פאַר זיך אַלצדינג וואָס זיי שטעלן זיך פאָר, אַז ס׳פאַרשאַפט אַנדערע הנאה; דאָס אַלץ איז דערפאַר, ווייל די פאָרשטע־לונגס־בילדער פון זאַכן זענען, ווי געזאָגט, מאָדיפיקאַציעס פונעם מענטש־

לעכן קערפּער, אָדער מאָדוסן (אופנים) מיט וועלכע דער מענטשלעכער קערפּער ווערט אַפעקטירט דורך אויסערלעכע סיבות און ווערט דיס־פּאָנירט צו האַנדלען אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדער אופן.

ווען מיר האָבן ליב אַ זאַך וואָס איז צו אונדז ענלעך, שטרעבן מיר, אויף וויפיל נאָר מיר קאָנען, צו ברענגען דערצו, אַז אויך זי זאָל אונדז צוריקצאָלן מיט ליבשאַפט.

וואָס גרעסער ס'איז די עמאָציע מיט וועלכער מיר שטעלן זיך פאָר, אַז אַ געליבטער אָביעקט איז קעגן אונדז אַפעקטירט, אַלץ מערער וועלן מיר זיך גלאָריפיצירן.

ווען עמעץ שטעלט זיך פאָר, אַז דער אָביעקט וועלכן ער האָט ליב האָט זיך פאַרבונדן מיט אַן אַנדערן, מיטן זעלבן אָדער מיט אַ נאָך ענגערן באַנד פון פריינטשאַפט, ווי די וואָס האָט ביז אַהער נאָר אים אַליין גע־הערט, וועט ער צו דעם געליבטן אָביעקט מיט האַס אַפעקטירט ווערן, און דעם אַנדערן מקנא זיין.

דער דאָזיקער האַס צו אַ געליבטן אָביעקט, וואָס איז פאַרבונדן מיט קנאה, ווערט גערופן אייפערזוכט, און איז דעריבער נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר אַ וואַקלעניש אינעם געמיט, וואָס קומט אויף אויס ליבע און האַס גלייכצייטיק, באַגלייט מיט דער אידעיע וועגן אַן אַנדערן, וועמען מ'איז מקנא. ווייטער, וועט דער האַס צום געליבטן אָביעקט זיין אַלץ גרעסער, וואָס גרעסער ס'איז געווען די פרייד מיט וועלכער דער אייפער־זיכטיקער פלעגט געווינטלעך אַפעקטירט ווערן דורך דער קעגנליבע פונעם געליבטן אָביעקט, און אויך לויט די עמאָציעס מיט וועלכע ער איז שוין פריער אַפעקטירט געוואָרן קעגן יענעם מיט וועמען, ער שטעלט זיך פאָר, אַז דער געליבטער אָביעקט איז איצט פאַרבונדן. וואָרום אויב ער האָט יענעם געהאַסט, וועט ער שוין דורך אָט דעם, אויך האַסן דעם געליבטן אָביעקט, דערפאַר ווייל ער שטעלט זיך פאָר, אַז דער געליבטער אָביעקט אַפעקטירט מיט פרייד יענעם וועמען ער האַסט, און אויך דער־פאַר ווייל ער איז געצוואונגען צו פאַרבינדן דאָס פאָרשטעלונגס־בילד

פונעם געליבטן אָביעקט מיטן פאַרשטעלונגס־בילד פון יענעם ווען ער האַסט.

דער דאָזיקער צושטאַנד קומט מיינסטנס פאָר ביי דער ליבע צו אַ פרוי. דער וואָס שטעלט זיך פאָר, אַז די פרוי וואָס ער ליבט גיט זיך איבער צו אַן אַנדערן, וועט ער זיך נישט נאָר ערגערן דערפון וואָס זיין אייגענער באַגער ווערט צוריקגעהאַלטן, נאָר אויך די געליבטע וועט אים ווערן אָפּשטויסנדיק, דורך דעם וואָס ער ווערט געצוואונגען צו פאַרבינדן דאָס פאַרשטעלונגס־בילד פון דער וועמען ער האָט ליב, מיט די שעמעוודיקע טיילן פון אַן אַנדערן. צו אָט דעם דאַרף נאָך צוגעגעבן ווערן, אַז דער אייפערזיכטיקער ווערט מער נישט באַגריסט דורך זיין געליבטער מיט דער זעלבער פריילעכער מינע מיט וועלכער זי פלעגט אים פריער אויפנעמען, און אויך דאָס פאַרשאַפט אים ערגערניש ווי אַ געליבטער.

דער וואָס דערמאָנט זיך אין אַ זאַך וואָס האָט אים אַמאָל פאַרשאַפט פאַרגעניגן, באַגערט ער זי ווידער צו באַזיצן אונטער די אייגענע אומשטענדן, ווי דעמאָלט בעת זי האָט אים צום ערשטן מאָל פאַרשאַפט פאַרגעניגן.

ווען אָבער דער ליבנדיקער זעט, אַז ס׳פעלט אויס איינער פון אָט די אומשטענדן, וועט ער ווערן טרויעריק. דער דאָזיקער טרויער, אויף וויפיל ער באַציט זיך אויפן אויספעל פון דעם וואָס מ׳האָט ליב, ווערט אָנגערופן בענקשאַפט.

## ליבשאַפט און האַס

אַ באַגער וואָס קומט אויף דורך טרויער אָדער פרייד, האַס אָדער ליבע, איז אַלץ גרעסער, וואָס גרעסער ס׳איז די עמאָציע.

ווען אַ מענטש האָט אָנגעהויבן צו האַסן אַן אָביעקט פון זיין ליבע, אַזוי אַז די ליבע איז שוין אין גאַנצן צעשטערט געוואָרן, וועט ביי אַן אַלצאיינער סיבה, זיין האַס צו אָט דעם אָביעקט זיין גרעסער ווי בעת ער וואָלט דעם אָביעקט קיינמאָל נישט ליב געהאַט, און אַלץ גרעסער וועט דער האַס זיין, וואָס גרעסער ס׳איז געווען פריער די ליבע.

דער וואָס האָסט עמעצן, וועט ער שטרעבן צו ברענגען אויף אים שלעכטס, סיידן ער וועט מורא האָבן אַז ס'זאָל אים אַליין דערפון נישט אַרויסקומען קיין גרעסער שלעכטס; און פאַרקערט ווידער, דער וואָס האָט ליב עמעצן, וועט לויטן זעלבן כלל שטרעבן אים גוטס צו טון.

אונטער גוטס פאַרשטיי איך דאָ יעדן מין פרייד, ווי אויך דאָס אַלץ וואָס פירט צו פרייד, בפרט דאָס וואָס דערפילט אונדזערע הייסטע יוואונטשן, וואָסערע זיי זאָלן נישט זיין. אונטער שלעכטס, פאַרשטיי איך יעדן מין טרויער, בפרט דאָס וואָס שטערט די דערפילונג פון אונדזערע וואונטשן. מיר באַגערן נישט אַ זאַך דערפאַר ווייל מיר האַלטן זי פאַר גוט, נאָר פאַרקערט, מיר האַלטן אַ זאַך פאַר גוט, דערפאַר ווייל מיר באַגערן זי; במילא שוין רופן מיר אָן שלעכט דאָס וואָס איז אונדז דערווידער. יעדער איינער דעריבער, אורטיילט אָדער שאַצט אָפּ, לויט זיינע אייגענע געפילן נאָך, וואָס איז גוט און וואָס איז שלעכט, וואָס איז בעסער און וואָס איז ערגער און לסוף, וואָס איז דאָס בעסטע און וואָס איז דאָס ערגסטע. אָט אַזוי האַלט דער וואָס איז זשעדנע נאָך געלט (אָדער קאַרגער), אַז אַ הויפן געלט איז דאָס בעסטע, און דער אויספעל פון געלט איז דאָס ערגסטע. דער ווידער, וואָס יאָגט זיך נאָך כבוד באַגערט קיין זאַך נישט אַזוי פיל ווי צו ווערן גערימט, און שרעקט זיך פאַר קיין זאַך נישט אַזוי פיל, ווי צו ווערן פאַרשעמט. פאַר דעם וואָס איז מקנא דעם צווייטן איז קיין זאַך נישט אַזוי איינגענעם ווי יענעמס אומגליק, און קיין שום זאַך ערגערט אים נישט אַזוי פיל, ווי דעם צווייטנס גליק. אָט אַזוי אורטיילט יעדער מענטש, לויט זיינע עמאָציעס נאָך, צי אַ זאַך איז גוט אָדער שלעכט, ניצלעך אָדער אומניצלעך.

יענע עמאָציע ווידער, וועלכע דיספּאָנירט דעם מענטש אַזוי, ער זאָל נישט וועלן דאָס וואָס ער וויל, אָדער וועלן דאָס וואָס ער וויל גאָר נישט, ווערט אָנגערופן שרעקעוודיקייט, וואָס איז נישט עפּעס אַנדערש ווי פּחד, אויף וויפיל זי באַוועגט דעם מענטש צו ראַטעווען זיך פון אַ שלעכטס וואָס דערוואַרט אים שפּעטער, דורך אַ קלענער שלעכטס. ווען אָבער דאָס שלעכטס פאַר וועלכן ער שרעקט זיך, איז בושה, ווערט דעמאָלט די שרעקעוודיקייט אָנגערופן שעמעוודיקייט. צום לעצט, ווען דער באַגער

צו פאַרמיידן אַ שפּעטערדיקע צרה ווערט צוריקגעהאַלטן דורכן פּחד פאַר אַן אַנדער צרה. אַזוי אַז דער מענטש ווייסט נישט וואָס אויסצוקלויבן. הייסט דעמאָלט דער פּחד דער קאָנסטערנאַציע (איבערגעוועלטיקט פון שרעק), בפרט נאָך וועןביידע צרות פאַר וועלכע ער שרעקט זיך זענען זייער גרויסע.

דער וואָס שטעלט זיך פאָר, אַז ער ווערט געהאַסט פון אַן אַנדערן, און גלייבט דערביי, אַז ער האָט דעם אַנדערן נישט געגעבן קיין שום סיבה פאַר דעם האַס, וועט ער יענעם צוריק האַסן.

שטעלט ער זיך אָבער פאָר, אַז ער האָט געגעבן אַ גערעכטע סיבה פאַר אָט דעם האַס, וועט ער מיט בושה אַפעקטירט ווערן. דאָס דאָזיקע קומט אָבער פאַר זייער זעלטן. דערצו קאָן אַזאַ מין האַס פון איין מענטש צו אַן אַנדערן אויך אויפקומען דורך דעם וואָס איבערן האַס שטרעבט מען צו ברענגען שלעכטס אויף דעם וואָס מ׳האָט פיינט. דער וואָס שטעלט זיך פאָר, אַז ער ווערט געהאַסט דורך אַן אַנדערן, וועט ער זיך יענעם פאָרשטעלן ווי די סיבה פאַר עפּעס אַ שלעכטס, אָדער פאַר טרויער, און וועט דעריבער מיט טרויער אָדער שרעק אַפעקטירט ווערן, באַגלייט מיט דער אידעיע וועגן יענעם וואָס האַסט אים, ווי די סיבה, דאָס הייסט, ער וועט אויך קעגן יענעם מיט האַס אַפעקטירט ווערן.

דער וואָס שטעלט זיך פאָר, אַז עמעץ, וועמען ער האָט ליב, האַסט אים, וועט ער גלייכצייטיק זיין אַ קרבן פון די ביידע קאָנפליקטירנדיקע עמאָציעס — ליבע און האַס. וואָרום אויף וויפיל ער שטעלט זיך פאָר, אַז ער ווערט דורך יענעם געהאַסט, ווערט ער דעטערמינירט יענעם צוריק צו האַסן. אַזוי ווי ער האָט דאָך אָבער (לויט אָט דער הנחה) יענעם ליב, וועט דעריבער די פיינטשאַפט און ליבע אין אים קומען צו אַ קאָנפליקט.

אויב עמעץ שטעלט זיך פאָר, אַז איינער וועמען ער האָט ביז אַהער באַטראַכט אָן קיין שום עמאָציע, האָט אים אויס האַס עפּעס שלעכטס געטון, וועט ער שטרעבן אים באַלד צוריקצוצאָלן מיט שלעכטס.

דאָס שטרעבן צו ברענגען שלעכטס אויף דעם וואָס מיר האַסן,

הייסט כעס; דאָס שטרעבן אָבער צוריקצוצאָלן מיט שלעכטס פאַר שלעכטס, רופט מען נקמה.

ווען עמעץ שטעלט זיך פאָר, אַז ער ווערט דורך אַן אַנדערן גע־ליבט, און גלייבט נישט ער זאָל האָבן געגעבן יענעם אַ וואָסער עס איז סיבה פאַר אָט דער ליבע, וועט ער אויך יענעם צוריקצאָלן מיט ליבשאַפט.

אויב אָבער ער גלייבט, אַז ער האָט געגעבן אַ גערעכטע סיבה פאַר אָט דער ליבשאַפט, וועט ער זיך פילן שטאָלץ; אָט דאָס קומט פאַר זייער אָפט, און דאָס פאַרקערטע דערפון פאַסירט, ווי געזאָגט, ווען עמעץ שטעלט זיך פאָר, אַז ער ווערט געהאַסט דורך אַן אַנדערן. אָט די צווישנ־אַנאַנדיקע ליבשאַפט, און במילא שוין דאָס שטרעבן גוטס צו טון דעם וואָס האָט אונדז ליב, און אויך דאָס וואָס יענער שטרעבט אונדז גוטס צו טון, הייסט אָפּדאַנקען אָדער דאַנקבאַרקייט. ווערט איצט פונעם פריערדיקן קלאָר, אַז מענטשן זענען אַ סך מער גענייגט צו נעמען נקמה ווי צוריק־צאָלן מיט גוטס פאַר גוטס.

דער וואָס שטעלט זיך פאָר, אַז ער ווערט געליבט דורך דעם וועמען ער האַסט, ווערט אין אים די עמאָציעס פון האַס און ליבע גלייכצייטיק קומען צו אַ קאָנפליקט.

אויב האַס וועגט איבער די ליבשאַפט, וועט ער שטרעבן שלעכטס צו טון דעם וואָס האָט אים ליב; אָט די עמאָציע ווערט אָנגערופן אַכזריות, בפרט נאָך, ווען ס׳איז צו גלייבן, אַז דער וואָס האָט אים ליב, האָט נישט געגעבן קיין שום סיבה פאַרן האַס.

יענער וואָס האָט אויס ליבע אָדער אין דער האָפענונג אויף כבוד עמעצן אַ טובה געטון, וועט ווערן טרויעריק, ווען ער וועט זען, אַז די טובה ווערט מיט אומדאַנקשאַפט אָנגענומען.

האַס ווערט דורך קעגנהאַס פאַרמערט, און קאָן, פאַרקערט ווידער, דורך ליבע צעשטערט ווערן.

האַס, וואָס ווערט פולשטענדיק באַזיגט דורך ליבע, גייט איבער אין

ליבשאַפט, און אָט די ליבשאַפט איז דעמאָלט גרעסער, ווי בעת ס׳וואָלט איר נישט פאָראויסגעגאַנגען קיין פיינטשאַפט.

כאָטש דאָס איז אָט אַזוי, וועט דאָך קיינער פונדעסטוועגן נישט שטרעבן צו האַסן וועמען עס איז, אָדער אַפעקטירט צו ווערן מיט טרויער, כדי צו געניסן דערנאָך פון אָט דער גרעסערער פרייד; דאָס הייסט, קיינער וועט נישט באַגערן ס׳זאָל אים פאַרשאַפט ווערן שאָדן, אין דער האָפענונג אַז דער שאָדן זאָל אים דערנאָך גוט געמאַכט ווערן, אָדער האָבן אַ וואונטש שלאַף צו ווערן, אין דער האָפענונג צוריק געזונט צו ווערן. וואָרום יעדער איינער שטרעבט תמיד צו פּרעזערווירן זיין אייגענעם זיין, און אויף וויפיל ער קאָן נאָר, צו באַזייטיקן טרויער. אויב זיך פאָרשטעלן דאָס פאַר־קערטע, דהיינו, אַז אַ מענטש זאָל באַגערן צו האַסן וועמען עס איז, כדי יענער זאָל אים דערנאָך מער ליב האָבן, וועט ער דאָך אלעמאָל האָבן אַ וואונטש צו האַסן עמעצן, מחמת וואָס גרעסער דער האַס, אַלץ גרעסער וועט שפּעטער זיין די ליבשאַפט, און ער וועט דעריבער כסדר שטרעבן דעם האַס אַלץ מערער און מערער צו פאַרגרעסערן, און אויפן זעלבן גרונט, וועט אַ מענטש שטרעבן צו ווערן אַלץ שלאַפער און שלאַפער, כדי דערנאָך, ווען זיין געזונט וועט צוריק אויפגעשטעלט ווערן, צו געניסן פון אַ גרעסערער פרייד; און אָט אַזוי וואָלט ער געשטרעבט שטענדיק שלאַף צו זיין, וועלכס ס׳איז דאָך אַן אַבסורד.

ווען אַ מענטש שטעלט זיך פאָר, אַז אַן אַנדערער וואָס איז צו אים ענלעך, האַסט וועמען עס איז, וועלכער איז אויך צו אים ענלעך, אָבער וועלכן ער האָט ליב, וועט אויך ער יענעם אַנדערן האַסן.

ווען אַ מענטש איז דורך איינעם וואָס געהערט צו אַן אַנדער קלאַס, אָדער צו אַן אַנדער פאָלק מיט פרייד אָדער טרויער אַפעקטירט געוואָרן, באַגלייט מיט דער אידעיע וועגן אָט דער פּערזאָן, אונטערן אַלגעמיינעם נאָמען פון יענעם קלאַס, אָדער פאָלק, ווי די סיבה פאַר דער פרייד אָדער טרויער, וועט ער דעמאָלט נישט נאָר דעם איינעם, נאָר אויך אַלע איבע־ריקע וואָס געהערן צו אָט דעם קלאַס, אָדער פאָלק, ליב האָבן אָדער האַסן.

פרייד וואָס קומט אויף דורך דעם וואָס מיר שטעלן זיך פאָר, אַז דאָס וואָס מיר האָסן איז צעשטערט געוואָרן, אָדער געליטן אַן אַנדער צרה, ברענגט מיט זיך גלייכצייטיק אַ געוויסן טרויער אין געמיט.

וואָרום איטלעכס מאָל ווען מיר דערמאָנען זיך וועגן אָט דעם אָביעקט, באַטראַכטן מיר אים ווי ער וואָלט איצט בייגעווען, אַפילו ווען ער עקזיס־טירט שוין נישט פאַקטיש מער, און אויך דער קערפּער ווערט פונקט אַזוי אַפעקטירט. אויף וויפיל, דעריבער, ס'בלייבט דאָס געדעכעניש וועגן אָט דעם אָביעקט, ווערט דער מענטש דעטערמינירט צו באַטראַכטן אים מיט טרויער; און אַזוי לאַנג ווי דאָס פאָרשטעלונגס־בילד פון יענעם אָביעקט בלייבט אין געדעכעניש, ווערט אָט די דעטערמינירונג צוריקגעהאַלטן דורכן דערמאָנען זיך אין יענע זאַכן וואָס שליסן אויס די עקזיסטענץ פון אָט דעם אָביעקט, אָבער נישט אין גאַנצן באַזייטיקט. דעריבער פרייט זיך דער מענטש נאָר אויף אַזוי פיל אויף וויפיל אָט די דעטערמינירונג ווערט צוריקגעהאַלטן. און אָט דערפאַר קומט ווידער און ווידער צוריק די פרייד איבערן אומגליק פון יענעם אָביעקט וואָס מיר האָסן, איטלעכס מאָל ווען מיר דערמאָנען זיך אין יענעם אָביעקט. וואָרום, ווי שוין געזאָגט, ווען נאָר דאָס פאָרשטעלונגס־בילד פון יענעם אָביעקט ווערט אויפגעוועקט, ווערט דער מענטש דעטערמינירט צו באַטראַכטן אים מיטן זעלבן טרויער, מיט וועלכן ער איז געוואוינט געווען צו באַטראַכטן אים ווען ער האָט נאָך ווירקלעך עקזיסטירט. אַזוי ווי אָבער דער מענטש פאַרבינדט דאָך דאָס פאָרשטעלונגס־בילד פון אָט דעם אָביעקט מיט אַנדערע פאָרשטעלונגס־בילדער, וועלכע שליסן אויס די עקזיסטענץ פון דעם אָביעקט, ווערט די דעטערמינירונג צו טרויער גלייך צוריקגעהאַלטן און דער מענטש פרייט זיך ווידער. און אָט דאָס חזרט זיך איבער אַזוי אָפט ווי דאָס קומט פאָר.

אָט דאָס איז אייגנטלעך די סיבה, פאַרוואָס מענטשן פרייען זיך איטלעכס מאָל ווען זיי דערמאָנען זיך אין אַ לאַנג שוין פאַרגאַנגענער צרה, און פאַרוואָס זיי האָבן ליב צו דערציילן וועגן די געפאַרן פון וועלכע זיי האָבן זיך געראַטעוועט. וואָרום, ווען נאָר זיי שטעלן זיך פאָר אַ געפאַר, באַטראַכטן זיי זי ווי זי וואָלט ערשט באַדאַרפט קומען, און ווערן דאַדורך דעטערמינירט זיך צו שרעקן פאַר איר, אָבער אָט די דעטערמינירונג

ווערט צוריקגעהאַלטן דורך דער אידעיע וועגן דעם ווערן געראַטעוועט, וועלכע איז ביי אים פאַרבונדן מיט דער אידעיע וועגן דער געפאַר פון וועלכער זיי האָבן זיך געראַטעוועט, און אָט דאָס גיט זיי ווידער זיכערקייט און זיי פרייען זיך שוין ווידער.

ליבע אָדער האַס צו פעטערן, למשל, וועלן צעשטערט ווערן, אויב דער טרויער וואָס איז אינעם האַס איינגעשלאָסן, אָדער די פרייד וואָס איז אין דער ליבע איינגעשלאָסן, ווערט פאַרבונדן מיט דער אידעיע וועגן אַן אַנדער סיבה; און אָט דיביידע עמאָציעס [ליבע און האַס], וועלן זיך פאַר־מינערן אויף אַזוי פיל אויף וויפיל מיר שטעלן זיך פאָר, אַז פעטער איז נישט געווען די איינציקע סיבה פאַר דער אָדער דער אַנדערער עמאָציע.

ליבע אָדער האַס צו אַ זאַך וואָס איז, ווי מיר שטעלן זיך פאָר, פריי, מוזן ביי אַלצאיינע באַדינגונגען, זיין גרעסער ווי צו אַ זאַך וואָס האַנדלט אויס נויטווענדיקייט [דאָס הייסט, וואָס איז אומפריי].

דערפון איז געדרונגען, אַז איבער דעם וואָס מענטשן האַלטן זיך פאַר פריי, ליבן זיי מערער אָדער האַסן מערער איינער דעם אַנדערן, ווי אַנדערע זאַכן.

## וועגן סימנים און וועגן אַבערגלויבן

יעטווידע זאַך קאָן דורך צופאַל ווערן די סיבה פאַר האָפענונג אָדער שרעק.

זאַכן וואָס זענען דורך צופאַל די סיבה פאַר האָפענונג אָדער שרעק, רופט מען אַן גוטע אָדער שלעכטע סימנים. אויף וויפיל בכן אַזוינע סימנים זענען די סיבה פאַר האָפענונג אָדער שרעק, אויף אָט אַזוי פיל זענען זיי די סיבה פאַר פרייד אָדער טרויער; במילא שוין באַטראַכטן מיר זיי אויף אָט אַזוי פיל מיט ליבשאַפט אָדער פיינטשאַפט, און שטרעבן אַנטוועדער זיי אַריינצוציען ווי מיטלען פאַר אונדזער האָפענונג, אָדער זיי צו באַזייטיקן ווי שטערונגען, אָדער ווי סיבות פאַר שרעק. דערפון איז ווייטער געדרונגען, אַז מיר זענען בטבע אַזוי איינגעשטעלט, אַז ס'איז אונדז גרינגער צו גלייבן אין דעם אויף וואָס מיר האָפן, און שווערער צו גלייבן אין דעם פאַר וועלכן

מיר שרעקן זיך; אָט דערפאַר שאַצן מיר אָפּ דאָס ערשטע מערער און דאָס אַנדערע מינערער ווי באַרעכטיקט. פון דאַנעט אויס זענען אויפגעקומען די אַלע מינים אַבערגלויבענישן מיט וועלכע די מענטשן ווערן פון אַלע זייטן מוראדיק אַטאַקירט.

דאָך גלייב איך נישט, צי ס׳לוינט זיך די מי דאָ אַנצואווייזן אויף די וואַקלענישן אינעם געמיט, וואָס קומען אויף אויס האָפענונג און שרעק; בכן, איז אויס דער דעפיניציע פון אָט די עמאָציעס געדרונגען, אַז ס׳קאָן נישט זיין קיין האָפענונג אָן שרעק, און קיין שרעק אָן האָפענונג (ווי כ׳האָב עס מער אויספירלעך דערקלערט אויפן געהעריקן אָרט), און ווייטער, אויף וויפיל מיר האָפן אויף עפּעס־וואָס אָדער שרעקן זיך דערפאַר, איז אויף אָט אַזוי פיל האָבן מיר עס ליב אָדער האָסן עס; ס׳וועט דעריבער יעדער איינער קאָנען גרינג אָנווענדן אויף האָפענונג און שרעק דאָס וואָס איך האָב געזאָגט וועגן ליבע און האַס.

## וועגן דער פאַרשידנקייט פון די עמאָציעס

פאַרשידענע מענטשן קאָנען דורך איינעם און דעם זעלבן אָביעקט, אַפעקטירט ווערן אויף פאַרשידענע אופנים, און אויך איין און דער זעלבער מענטש קאָן אין פאַרשידענע צייטן דורך איינעם און דעם זעלבן אָביעקט אַפעקטירט ווערן אויף פאַרשידענע אופנים.

דערפון זעען מיר, ווי אַזוי ס׳קאָן מעגלעך זיין אַז דאָס וואָס איינער האָט ליב זאָל אַן אַנדערער פיינט האָבן, און אַז פאַר דעם פאַר וועלכן איינער שרעקט זיך, זאָל אַן אַנדערער נישט מורא האָבן; אָדער אַז איין און דער זעלבער מענטש זאָל איצט ליב האָבן דאָס וואָס ער האָט פריער פיינט געהאָט, אָדער זיין איצט דרייסט, וואו ער האָט פריער מורא געהאָט, און אַז. וו.,׳ בכן, אַזוי ווי יעדער איינער אורטיילט, לויט זיינע עמאָציעס נאָך, וואָס איז גוט און וואָס איז שלעכט, וואָס איז בעסער און וואָס איז ערגער, איז דערפון געדרונגען, אַז מענטשן קאָנען אין זייערע אורטיילן פונקט אַזוי פאַרשידן זיין, ווי זיי זענען עס אין זייערע עמאָציעס, און אָט דערפון נעמט זיך דאָס, וואָס בעת מיר פאַרגלייכן מענטשן איינעם מיטן אַנדערן, שיידן מיר זיי אונטער צווישן זיך לויט דער פאַרשידנקייט בלויז פון זייערע

עמאָציעס, און מיר באַצייכענען טייל ווי אומדערשראָקענע און אַנדערע ווי שרעקעוודיקע, און ווידער נאָך אַנדערער מיט אַן אַנדער צונאָמען.

## געוואַגטקייט און שרעקעוודיקייט

אַזוי למשל, וועל איך רופן אומדערשראָקן דעם וואָס נעמט גרינג אַ סכנה פאַר וועלכער איך שרעק מיך געוויינטלעך; און אויב איך נעם דערצו נאָך אין באַטראַכט, אַז דער באַגער זיינער שלעכטס צו טון דעם וואָס ער האָסט און גוטס צו טון דעם וואָס ער האָט ליב, ווערט נישט צוריק־געהאַלטן דורך דער מורא פאַר אַ סכנה וואָס שרעקט מיך געוויינטלעך אָפּ, רוף איך אים אַן געוואַגטער. ווי אַ שרעקעוודיקער ווידער, וועט מיר אויס־זען דער וואָס שרעקט זיך פאַר אַ שלעכטס, וואָס איך נעם עס געוויינטלעך גרינג; און אויב איך נעם דערצו נאָך אין באַטראַכט, אַז דער באַגער זיינער ווערט צוריקגעהאַלטן דורך דער מורא פאַר אַ שלעכטס וואָס איז מיך נישט בכוח צוריקצוהאַלטן, וועל איך זאָגן אויף אים אַז ער איז אַ טרוס; און אָט אַזוי וועט יעדער איינער אַרויסטראָגן זיין אורטייל.

## חרטה און צופרידנקייט מיט זיך זעלבסט

צום לעצט, אויס אָט דער נאַטור פון די מענטשן און דער נישט־סטאַבילקייט פון זייערע אורטיילן, ווי אויך דורך דעם וואָס אַ מענטש משפּט אָפט וועגן זאַכן לויט זיינע עמאָציעס נאָך, און אויף וויפיל די זאַכן וועגן וועלכע ער גלייבט אַז זיי ברענגען פרייד אָדער טרויער, און ער שטרעבט זיי דעריבער צו פאַרווירקלעכן אָדער צו באַזייטיקן, זענען אָפט נישט מער ווי איינגערעדטע, וועלן מיר דערפון גרינג קאָנען פאַרשטיין, אַז אַ מענטש קאָן אין פאַרשידענע צייטן זיין אַליין די סיבה סיי פאַר זיין פרייד און סיי פאַר זיין טרויער, אָדער ער קאָן איין מאָל אַפעקטירט ווערן מיט פרייד און אַן אַנדערש מאָל מיט טרויער, באַגלייט מיט דער אידעיע וועגן זיך אַליין ווי די סיבה.

און אָט דערפון ווערט אונדז גרינג צו פאַרשטיין, וואָס אַזוינס ס'איז חרטה און וואָס צופרידנקייט מיט זיך זעלבסט. חרטה איז טרויער, באַגלייט מיט דער אידעיע וועגן זיך אַליין ווי איר סיבה; צופרידנקייט מיט זיך

זעלבסט איז פרייד, באַגלייט מיט דער אידעיע וועגן זיך אַליין ווי איר סיבה, און אַט די עמאָציעס זענען דערפאַר די סאַמע אינטענסיווסטע, ווייל מענטשן גלייבן אַז זיי זענען פריי.

## באַוואונדערונג און גרינגשעצונג

אַן אָביעקט וואָס מיר האָבן אים פריער געזען אינאיינעם מיט אַנדערע, און וועלכער האָט נישט, לויט אונדזער פאָרשטעלונג נאָך, אַ וואָסער עס איז אייגנשאַפט וואָס איז נישטאָ אויך אין אַנדערע, וועלן מיר אים נישט באַטראַכטן אַט אַזוי לאַנג ווי אַזאַ אָביעקט וואָס האָט אין זיך, לויט אונדזער פאָרשטעלונג נאָך, עפּעס־וואָס באַזונדערס.

ווען מיר שטעלן זיך פאָר אַן אָביעקט וועלכן מיר האָבן אים געזען אינאיינעם מיט אַנדערע אָביעקטן, דערמאָנען מיר זיך גלייך אויך אין די אַנדערע אָביעקטן, און מיר גייען גלייך איבער פון דער באַטראַכטונג פון אַט דעם אָביעקט צו דער באַטראַכטונג פון אַן אַנדערן. און אַט דאָס איז דער פאַל מיט אַן אָביעקט וועלכער האָט נישט, לויט אונדזער פאָרשטעלונג נאָך, גאָרנישט אַזוינס וואָס איז אויך נישטאָ אין אַנדערע; וואָרום דערמיט נעמען מיר אָן, אַז מיר זעען נישט אין אַט דעם אָביעקט גאָרנישט אַזוינס, וואָס מיר האָבן שוין נישט געזען אין אַנדערע. אויב מיר נעמען אָן, אַז מיר שטעלן זיך פאָר אין אַ וואָסערן עס איז אָביעקט עפּעס־וואָס באַזונדערס, עפּעס, וואָס מיר האָבן נאָך פריער קיינמאָל נישט געזען, זאָגן מיר דערמיט נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר אַט דאָס: אַז בעת דער גייסט באַטראַכט אַט דעם אָביעקט, האָט ער אין זיך נישט קיין שום אַנדער אָביעקט וואָס זאָל אָפּווענדן זיין באַטראַכטונג פון יענעם אָביעקט און זי [די באַטראַכטונג] ווענדן צו זיך; און ער ווערט דעריבער דעטערמינירט צו באַטראַכטן אַט דעם אָביעקט בלויז. דעריבער קאָנען מיר נישט באַטראַכטן אַן אָביעקט וואָס מיר האָבן אים פריער געזען מיט אַנדערע, און וועלכער האָט נישט, לויט אונדזער פאָרשטעלונג נאָך, אַ וואָסער עס איז אייגנשאַפט וואָס איז אויך נישטאָ אין אַנדערע, ווי אַזאַ אָביעקט וואָס האָט אין זיך, לויט אונדזער פאָרשטעלונג נאָך, עפּעס־וואָס באַזונדערס.

אַט די מאָדיפיקאַציע פונעם גייסט, אָדער אַט די פאָרשטעלונג וועגן

אַ באַזונדערער זאַך, אויף וויפיל זי איז בלויז אינעם גייסט, ווערט גערופן באַוואונדערונג; ווערט זי אָבער אַרויסגערופן דורך אַן אָביעקט וואָס וואַרפט אויף אונדז אַן אַ שרעק, רופט מען זי קאָנסטערנאַציע (איבערגעוועלטיקט פון שרעק), מחמת די באַוואונדערונג פאַרן שלעכטס פאַרכאַפּט אַזוי שטאַרק דעם מענטשנס געדאַנק, אַז ער איז נישט מער בכוח צו טראַכטן וועגן עפּעס אַנדערש, דורך וועלכן ער זאָל זיך קאָנען ראַטעווען פון דער צרה. אויב אָבער דער אָביעקט פאַר באַוואונדערונג איז אַ מענטשנס חכמה, פלייסיקייט, אָדער עפּעס אַנדערש פון אָט דעם מין, איז אויף וויפיל יענער מענטש ווערט באַטראַכט ווי אַזאַ וואָס שטייגט אונדז אַריבער, ווערט אָט די באַוואונדע־רונג גערופן פאַרערונג; אַנדערש איז ווען אַ מענטשנס צאָרן, קנאה, און אַז. וו., איז דאָס וואָס מיר באַוואונדערן, דעמאָלט ווערט אָט די עמאָציע גערופן שוידער. ווייטער, אויב ס'איז די חכמה, פלייסיקייט, און אַז. וו., וואָס מיר באַוואונדערן ביי אַ מענטש וואָס מיר האָבן אים ליב, וועט דורך אָט דעם די ליבשאַפט נאָך גרעסער זיין, און ווען אָט די ליבשאַפט איז פאַר־בונדן מיט פאַרערונג, רופן מיר זי איבערגעגעבנקייט. אויף אָט דעם אייגענעם אופן קאָנען מיר אויך באַנעמען האַס, האָפענונג, צוטרוי און די אַנדערע עמאָצ־יעס וואָס זענען פאַרבונדן מיט באַוואונדערונג; און אָט אַזוי נאָך וועלן מיר קאָנען אַרויספירן מער עמאָציעס ווי די, פאַר וועלכע ס'זענען דאָ אָנגענו־מענע נעמען צו באַצייכענען זיי. דערפון ווערט קלאָר, אַז די נעמען וואָס מ'האָט געגעבן די עמאָציעס, זענען גענומען געוואָרן מערער לויט זייער געוויינטלעכן באַנוץ, ווי לויט אַן אַקוראַטנער קענטעניש פון זייער נאַטור.

פונקט פאַרקערט פון דער באַוואונדערונג איז די גרינגשעצונג, וואָס די סיבה אירע ליגט מיינסטנטיילס אין דעם, אַז ווען מיר זען עמעצן באַ־וואונדערן עפּעס־וואָס, ליב האָבן, אָדער שרעקן זיך פאַר עפּעס, אָדער עפּעס־וואָס זעט אויס ביים ערשטן בליק צו זיין ענלעך צו אַזעלכע זאַכן, וועלכע מיר אַליין באַוואונדערן, האָבן ליב, שרעקן זיך פאַר זיי, און אַז. וו., ווערן מיר צוליב דעם דעטערמינירט אָט די זאַך צו באַוואונדערן, ליב צו האָבן, אָדער זיך צו שרעקן פאַר איר, און אַז. וו.; ווערן מיר אָבער דורכן בייזיין פון דער זאַך גופא, אָדער דורך אַ מער אַקוראַטנער נאָכטראַכטונג וועגן אָט דער זאַך, געצוואונגען צו פאַרלייקענען אין דער זאַך אַלץ דאָס וואָס

קאָן זיין די סיבה פאַר באַוואונדערונג, פאַר ליבע, פאַר שרעק, און אַז. וו.,
ווערט דעמאָלט דער גייסט, דורכן בייזיין פון דער זאַך, דעטערמינירט
צו דענקען גיכער וועגן יענע אייגנשאַפטן וואָס זענען אין אָט דעם אָביעקט
בישטאָ, ווי וועגן די וואָס זענען אין אים יאָ דאָ, כאָטש פון דער אַנדערער
זייט, וואָלט דער גייסט, צוליבן בייזיין פונעם אָביעקט, באַדאַרפט גע־
ווינטלעך קודם באַטראַכטן דאָס וואָס ס'איז אין אים יאָ דאָ.

און נאָך, אַזוי ווי די איבערגעגעבנקייט קומט אויף דורכן באַוואונ־
דערן אַ זאַך וואָס מיר האָבן ליב, קומט פונקט אַזוי אויף שפּאָט אויס גרינג־
שעצונג צו אַ זאַך וואָס מיר האָסן אָדער האָבן פאַר איר מורא, און פאַר־
אַכטונג קומט אויף אויס דער גרינגשעצונג פאַר דער נאַרישקייט, פונקט
ווי פאַרערונג אויס באַוואונדערונג פון דער חכמה. צום לעצט, קאָנען מיר
אויך ליבשאַפט, האָפענונג, כבוד, ווי אויך אַנדערע עמאָציעס באַנעמען אין
פאַרבינדונג מיט גרינגשעצונג, און דערפון אַרויספירן נאָך אַנדערע עמאָצ־
יעס, וועלכע מיר זענען נישט געוואוינט זיי אָפּצושיידן איינע פון דער
אַנדערער דורך אַ וועלכע עס איז באַזונדערע נעמען.

## איינגליבע און דערנידערונג (הכנעה)

ווען דער גייסט באַטראַכט זיך אַליין און זיין קראַפט פאַר אַקטיווקייט,
דערפילט ער אַ פרייד; און אַלץ גרעסער איז אָט די פרייד, וואָס קלערער ער
שטעלט זיך פאָר זיך אַליין און זיין קראַפט פאַר אַקטיווקייט.

די דאָזיקע פרייד פאַרגרעסערט זיך אַלץ מערער, וואָס מערער דער
מענטש שטעלט זיך פאָר, אַז ער ווערט געלויבט דורך אַנדערע. וואָרום,
וואָס מערער דער מענטש שטעלט זיך פאָר, אַז ער ווערט געלויבט דורך
אַנדערע, אַלץ גרעסער איז, לויט זיין פאָרשטעלונג נאָך, די פרייד מיט
וועלכער אַנדערע ווערן דורך אים אַפעקטירט, און דערצו נאָך באַגלייט מיט
דער אידעיע וועגן זיך זעלבסט, ווי די סיבה פאַר דער פרייד; דעריבער
ווערט די פרייד מיט וועלכער ער איז אַפעקטירט, באַגלייט מיט דער אידעיע
וועגן זיך זעלבסט, זיין גרעסער.

דער גייסט שטרעבט זיך פאָרצושטעלן נאָר דאָס, וואָס באַפעסטיקט
זיין קראַפט צו אַקטיווקייט.

ווען דער גייסט שטעלט זיך פאָר זיין אייגענע אָנמאַכט, ווערט ער דורך אָט דעם טרויעריק. דער דאָזיקער טרויער ווערט אַלץ מערער און מערער געגערט, וואָס מערער דער מענטש שטעלט זיך פאָר אַז ער ווערט דורך אַנדערע געטאַדלט.

דער דאָזיקער טרויער באַגלייט מיט דער אידעיע וועגן אונדזער אייגענער אָנמאַכט, ווערט אָנגערופן דערנידערונג (אָדער הכנעה); די פרייד ווידער, וואָס קומט אויף אויס דעם נאָכטראַכטן וועגן זיך זעלבסט, ווערט אָנגערופן אייגנליבע אָדער צופרידנקייט מיט זיך זעלבסט. און אַזוי ווי אָט די פרייד חזרט זיך איבער אַזוי אָפט ווי דער מענטש נעמט נאָכטראַכטן וועגן זיינע אייגענע מעלות אָדער וועגן זיין קראַפט פאַר אַקטיווקייט, נעמט זיך אָט דערפון דאָס וואָס איעדער האָט אַזוי ליב צו דערציילן וואָס פאַר אַ גרויסער אויפטוער ער איז, און רק זיך אויסשטעלן מיט זיינע קערפּער־לעכע ווי מיט זיינע גייסטיקע כוחות, און איבער אָט דעם פאַלן זיך מענטשן איינער דעם אַנדערן צו לאַסט. איז דערפון ווידער אַמאָל געדרונגען, אַז לויט זייער נאַטור נאָך זענען זיך מענטשן מקנא, פרייען זיך איבער די שוואַכקייטן פון זייערס גלייכן, און ווערן טרויעריק איבער יענעמס מעלות. וואָרום איטלעכס מאָל ווען איינער שטעלט זיך פאָר זיינע אייגענע מעשים, ווערט ער מיט פרייד אַפעקטירט, און אַלץ גרעסער איז די פרייד, וואָס מערער פּערפעקטקייט ס׳דריקן אויס, לויט זיין פאָרשטעלונג נאָך, זיינע מעשים, און וואָס דייטלעכער ער שטעלט זיך זיי פאָר, דאָס הייסט, וואָס מערער ער קאָן זיי אויסטיילן פון די מעשים פון אַנדערע, און זיי באַ־טראַכטן ווי אַזוינס און אַזעלכס.

דעריבער וועט אַ מענטש, נאָכטראַכטנדיק וועגן זיך זעלבסט, אַרויס־קריגן די גרעסטע פרייד דעמאָלט ווען ער זעט אין זיך אַ וואָסער עס איז קוואַליטעט וועלכע ער פאַרלייקנט אין אַנדערע. אויב אָבער דאָס וואָס ער אַפירמירט וועגן זיך קאָן צוגערעכנט ווערן צו דער אַלגעמיינער אידעיע וועגן מענטש, אָדער וועגן יעדן לעבעדיקן וועזן, וועט ער זיך שוין נישט אַזוי פיל פרייען; און ער וועט פאַרקערט, ווערן אומעטיק, ווען ער וועט זיך פאָרשטעלן, אַז זיינע מעשים זענען הינטערשטעליק אין פאַרגלייך מיט די מעשים פון אַנדערע. דעם דאָזיקן טרויער וועט ער שטרעבן צו באַזייטיקן

דורכן אויסלייגן פאַלש די מעשים פון מענטשן זיינס גלייכן, אָדער אויף וויפיל נאָר מעגלעך באַפּוצן זיינע אייגענע מעשים.

דערפון ווערט באַשיינפּערלעך קלאָר, אַז מענטשן זענען בטבע גע־נייגט צו שנאה און קנאה, וואָס ווערט דערצו נאָך אַרויסגעהאָלפן דורך דער דערציאונג. מחמת עלטערן זענען געוואוינט אָנצורעגן זייערע קינדער צו גוטע מידות, דורכן סטימולירן אין זיי דאָס געפיל פון כבוד און קנאה.

טאָמער בלייבט נאָך אַלץ די פראַגע: צי באַוואונדערן דען מיר נישט גאַנץ אָפט די גוטע מידות ביי מענטשן און מיר פאַרערן זיי? איז כדי אָט פראַגע צו באַזייטיקן גיב איך דאָ צו אָט דאָס:

קיינער איז נישט מקנא די גוטע מידות ביי אַן אַנדערן, וואָס איז נישט זיינס גלייכן.

מיר פאַרערן אַ מענטש דורכן באַוואונדערן זיין חכמה, קוראַזש, און אַז. וו., דערפאַר ווייל מיר שטעלן זיך פאָר, אַז אָט די אייגנשאַפטן זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר אים אַליין בלויז און האָבן נישט קיין שום געמיינשאַפטלעכס מיט אונדזער אייגענער נאַטור; און מיר זענען זיי דערי־בער נישט מער מקנא, ווי מיר זענען נישט מקנא קיין ביימער פאַר זייער הייך, אָדער לייבן פאַר זייער גבורה.

## די עמאָציעס און זייערע אָביעקטן

די מינים פון פרייד, טרויער, באַגער, און במילא שוין אויך פון יעדער איינער עמאָציע וואָס איז אויס זיי צונויפגעזעצט, ווי וואַקלעניש פונעם גייסט, אָדער יענע עמאָציעס וואָס שטאַמען פון זיי אָפּ, ווי ליבע, האַס, האָפענונג, שרעק, און אַז. וו., זענען אַזוי פיל, וויפיל ס'זענען פאַראַן מינים פון אָביעקטן דורך וועלכע מיר ווערן אַפעקטירט.

צווישן די מינים פון עמאָציעס, וועלכע מוזן זיין אַ היפש ביסל, זענען די וויכטיקסטע: פרעסן, שיכרות, געשלעכטלעכע תאווה, זשעדנעקייט נאָך געלט און יאָגן זיך נאָך כבוד (אָדער אַמביציעזקייט), וואָס זענען נישט מער ווי וואַריאַציעס פון ליבע אָדער באַגער, וועלכע אַנטפּלעקן די נאַטור פון אָט די צוויי עמאָציעס דורך די אָביעקטן אויף וועלכע זיי באַציען זיך. וואָרום מיט פרעסן, שיכרות, געשלעכטלעכע תאווה, זשעדנעקייט נאָך געלט,

יאָגן זיך נאָך כבוד, און אַז. וו., מיינען מיר פּשוט די איבערמעסיקע ליבע אָדער באַגער אַריינצופּרעסן, צו זויפן, צו פאַרן זיך, צו רייכקייט און צו באַ־רימטקייט. דערצו נאָך האָבן נישט צו זיך אָט די עמאָציעס, אויף וויפל מיר שיידן זיי אָפּ פון אַנדערע, בלויז לויטן אָביעקט אויף וועלכן זיי באַציען זיך, קיין שום אַנטקעגנגעשטעלטע עמאָציעס. וואָרום צוריקגעהאַלטנקייט, ניכטערקייט און צניעות, וואָס מיר שטעלן געוויינטלעך אַנטקעגן פרעסן, שיכורן און געשלעכטלעכער תאווה, זענען נישט קיין עמאָציעס אָדער פּאַ־סיווע צושטאַנדן, נאָר ווייזן בלויז אָן אויף דער מאַכט פונעם גייסט צו מעסיקן אָט די אָקאָרשט דערמאָנטע עמאָציעס.

איך קאָן דאָ נישט דערקלערן די פאַרבליבענע מינים פון עמאָציעס (מחמת זיי זענען אַזוי פיל, וויפל מינים פון אָביעקטן ס׳זענען פאַראַן), און וואָלט איך עס אַפילו יאָ געקאָנט, איז עס אָבער נישט נייטיק. וואָרום פאַר אונדזער ציל, און דאָס איז, כדי צו דעטערמינירן די קראַפט פון די עמאָצ־יעס, און די מאַכט פונעם גייסט איבער זיי, איז גענוג צו האָבן אַן אַלגע־מיינע דעפיניציע פון יעדער עמאָציע. ס׳איז פאַר אונדז גענוג, זאָג איך, צו פאַרשטיין די בשותפותדיקע אייגנשאַפטן פון די עמאָציעס און פונעם גייסט, כדי צו קאָנען דעטערמינירן די קוואַליטעט און דעם פאַרנעם פון דער מאַכט פונעם גייסט צו מעסיקן און צוריקצוהאַלטן די עמאָציעס. דעריבער, כאָטש ס׳איז דאָ אַ גרויסער דיפערענץ צווישן דער אָדער יענער עמאָציע פון ליבע, האַס אָדער באַגער, ווי למשל, צווישן דער ליבע צו קינדער און דער ליבע צו אַ ווייב, איז דאָך פאַר אונדז נישט נייטיק קענען צו לערנען אָט די דיפערענצן, אָדער נאָך ווייטער נאָכצופאָרשן די נאַטור און אָפּשטאַם פון אָט די עמאָציעס.

## די אינדיווידואַליטעט פון די עמאָציעס

יעטווידע עמאָציע פון אַיעדן אינדיוווידואום שיידט זיך אונטער פון דער עמאָציע פון אַן אַנדער אינדיווידואום, אויף אַזוי פיל נאָר ווי די עסענץ פון איינעם איז פאַרשידן פון דער עסענץ פונעם אַנדערן.

איז דערפון געדרונגען, אַז די עמאָציעס פון די בעלי־חי וועלכע ווערן גערופן איראַציאָנעלע (וואָרום נאָך דעם ווי מיר האָבן געלערנט

צו קענען דעם אָפּשטאַם פֿונעם גייסט, קאָן שוין מער קיין ספֿק נישט זיין, אַז חיות פֿילן), שיידן זיך אונטער פֿון די מענטשלעכע עמאָציעס אויף אַזוי פֿיל, ווי זייער נאַטור שיידט זיך אונטער פֿון דער מענטשלעכער. אַ פֿערד, ווי אַ מענטש, ווערט געטריבן פֿונעם באַגער זיך צו פּאָרן, כדי צו ברענגען ווייטערדיקע דורות; איז אָבער דער באַגער ביי אַ פֿערד פֿון אַ פֿערדישער נאַטור, בעת דער באַגער ביי אַ מענטש איז פֿון אַ מענטשלעכער נאַטור. און פּונקט אַזוי מוזן אויך אַנדערש זיין די באַגערן און לוסטן ביי אינסעקטן, פֿיש און פֿייגל.

דעריבער, כאָטש אַיעדער אינדיווידואום לעבט צופֿרידן און פֿריידיק מיט דער נאַטור זיינער, דורך וועלכער ער עקזיסטירט, איז דאָס לעבן אָבער מיט וועלכן איטלעכער איז צופֿרידן און פֿון וועלכן ער האָט הנאה, נישט עפּעס אַנדערש  ווי נאָר די אידעיע, אָדער די נשמה פֿון אָט דעם אינדיווידואום; דעריבער איז די פֿרייד פֿון איין אינדיווידואום, לויט איר נאַטור נאָך, פֿאַרשידן פֿון דער פֿרייד פֿונעם אַנדערן אינדיווידואום, אויף אַזוי פֿיל ווי די עסענץ פֿון איינעם איז פֿאַרשידן פֿון דער עסענץ פֿונעם אַנדערן.

און צום לעצט, איז פֿונעם פֿריערדיקן געדרונגען, אַז ס׳איז שוין גאָרנישט אַזוי קליין דער דיפֿערענץ צווישן דער פֿריידיקייט, למשל, וואָס רייסט מיט דעם שיכור, און דער פֿריידיקייט מיט וועלכער ס׳ווערט באַ־ווירקט דער פֿילאָזאָף, וועלכס כ׳האָב דאָ נאָר פֿאַרבייגייענדיק געוואָלט אָנדייטן.

## די עמאָציעס פֿונעם אַקטיוון מענטשן

אַזוי פֿיל וועגן די עמאָציעס וואָס ווערן צוגעשריבן דעם מענטש, אויף וויפֿיל ער איז פּאַסיוו. ס׳בלייבט נאָך איבער צוצוגעבן עטלעכע ווער־טער וועגן יענע עמאָציעס וואָס ווערן אים צוגעשריבן, אויף וויפֿיל ער איז אַקטיוו.

אַחוץ יענער פֿרייד און באַגער וועלכע זענען פּאַסיווקייטן אָדער ליידנשאַפֿטן, זענען דאָ נאָך אַנדערע עמאָציעס פֿון פֿרייד און באַגער וואָס ווערן צו אונדז צוגעשריבן, אויף וויפֿיל מיר זענען אַקטיוו.

צווישן אַלע די עמאָציעס וואָס ווערן צוגעשריבן צום גייסט, אויף וויפיל ער איז אַקטיוו, זענען נישטאָ קיין שום אַזוינע וואָס זאָלן נישט זיין פאַרבונדן מיט פרייד אָדער באַגער.

אַלע די טואונגען, מעשים, וועלכע דרינגען אַרויס אויס עמאָציעס וואָס ווערן צוגעשריבן צום גייסט, צוליב דער קראַפט פון זיין פאַרשטאַנד, רעכן איך צו צו כאַראַקטער־שטאַרקייט, וועלכס איך טייל איין אין קוראַזש און נאָבלקייט. אונטער קוראַזש פאַרשטיי איך דעם באַגער מיט וועלכן איטלעך איינער שטרעבט, לויטן דיקטאַט פונעם שכל בלויז, צו פּרעזערווירן זיין אייגענעם זיין. אונטער נאָבלקייט ווידער, פאַרשטיי איך דעם באַגער מיט וועלכן איטלעך איינער שטרעבט, לויטן דיקטאַט פונעם שכל בלויז צו העלפן זיינע מיטמענטשן און זיך מיט זיי צו פאַרבינדן אין פריינטשאַפט. יענע אַקטיווקייטן, דעריבער, וואָס דער ציל זייערער איז בלויז דער נוצן פאַר דעם וואָס פירט אַדורך אָט די אַקטיווקייטן, רעכן איך צו צו קוראַזש, און די וואָס דער ציל זייערער איז אויך פאַר דער טובה פון אַנדערע, רעכן איך צו צו נאָבלקייט. צוריקגעהאַלטנקייט, ניכטערקייט, נישט פאַרלירן דעם קאָפּ בעת אַ געפאַר, זענען בכן סימנים פון קוראַזש; באַשיידנקייט, מילדקייט און אַז. וו., זענען ווידער מינים פון נאָבלקייט.

* * *

דערמיט, גלייב איך, האָב איך דערקלערט און אָנגעגעבן דורך זייערע ערשטע סיבות, די הויפּט־עמאָציעס און וואַקלענישן פונעם גייסט וועלכע קומען אויף דורך דער צונויפזעצונג פון די דריי פּרימערע עמאָציעס, און זיי זענען, באַגער, פרייד און טרויער. איז אויס דעם פריער געזאָגטן באַשיינפּערלעך קלאָר, אַז מיר ווערן אויף פאַרשידנערליי אופנים אַרומגעשטויסן דורך אויסערלעכע סיבות, און אַזוי ווי כוואַליעס אויפן ים וואָס ווערן געטריבן דורך אַנטקעגנגעזעצטע ווינטן ווערן מיר געשליידערט הין און צוריק, נישט וויסנדיק אונדזער אויסגאַנג און אונדזער גורל.

איך האָב אָבער, ווי געזאָגט, נאָר אָנגעגעבן די סאַמע הויפּט־קאָנפליקטירנדיקע עמאָציעס, נישט אַלע וואָס מ׳וואָלט געקאָנט אָנגעבן. וואָרום גייענדיק מיטן זעלבן וועג ווי דאָ פריער אָנגעצייכנט, וואָלט איך גרינג געקאָנט ווייזן, אַז ליבע איז פאַרבונדן מיט חרטה, מיט פאַראַכטונג,

מיט בושה, און אַז. וו. איך גלייב בכן, אַז אויפן גרונט פונעם געזאָגטן, וועט יעדער איינער צושטימען, אַז די עמאָציעס לאָזן זיך צונויפפּאָרן איינס מיט דאָס אַנדערע אויף אַזוי פיל פאַרשידענע אופנים, און ס׳זאָלן דערפון קאָנען אויפקומען אַזוי פיל וואַריאַציעס, אַז ס׳וואָלט אוממעגלעך געווען אַלע זיי אויסצורעכענען. פאַר מיין ציל אָבער וועט גענוג זיין צו האָבן אויסגערעכנט די סאַמע וויכטיקסטע; צו נעמען אויסרעכענען די רעשט וועלכע כ׳האָב אויסגעלאָזט, וואָלט געווען מער קוריאָזיטעט ווי געברענגט נוצן.

ס׳בלייבט מיר נאָך דאָ צו נאָטירן עטלעכע ווערטער וועגן ליבע: גאַנץ אָפט טרעפט אַז בעת מיר האָבן הנאה פון אַ זאַך צו וועלכער מיר האָבן שטאַרק געגלוסט, נעמט דער קערפּער דורך אָט דער הנאה אָן אַ נייעם צושטאַנד, דורך וועלכן ער ווערט דעטערמינירט אויף אַן אַנדער אופן; און אַנדערע פאָרשטעלונגס־בילדער וועגן זאַכן ווערן אינעם קערפּער אַרויסגערופן, און איבער אָט דעם הייבט דער גייסט אָן זיך פאָרצושטעלן און באַגערן שוין גאָר עפּעס אַנדערש. למשל, ווען מיר שטעלן זיך פאָר עפּעס־וואָס, וואָס פאַרשאַפט אונדז געוויינטלעך הנאה מיט זיין געשמאַק, באַגערן מיר עס צו געניסן, דאָס הייסט, צו עסן עס. בעת אָבער מיר געניסן דערפון פילט זיך אונדזער מאָגן אָן, און דער צושטאַנד פונעם קערפּער ווערט אַן אַנדערער. אויב ס׳זאָל נאָך דעם ווי דער צושטאַנד פונעם קערפּער איז שוין אַן אַנדערער, די פאָרשטעלונג וועגן אָט דעם מאכל וואָס איז פאַר די אויגן, נאָך אַלץ ווערט סטימולירט, און במילא אויך דאָס שטרעבן אָדער דער באַגער צו עסן עס, וועט אָט דער באַגער אָדער דאָס שטרעבן זיין דערווידער יענעם נייעם צושטאַנד פונעם קערפּער. און דאָס בייזיין פון יענעם מאכל, וואָס מיר האָבן פריער אַזוי שטאַרק געגלוסט, וועט אונדז פאַרהאַסט זיין. דער דאָזיקער דערווידערדיקער געפיל ווערט גערופן איבער־דריסיקייט און אָפּשטויסונג.

איך האָב דאָ אויך אויסגעלאָזט די אויסערלעכע מאָדיפיקאַציעס פונעם קערפּער וועלכע מיר קאָנען אָבסערווירן אין אַזוינע עמאָציעס ווי דאָס ציטערן, דאָס בלייך ווערן, דאָס שלוכצן, לאַכן, און דאָס גלייכן, מחמת זיי באַציען זיך בלויז אויפן קערפּער און נישט אויפן גייסט.

צום לעצט, פֿאָדערט זיך צוצוגעבן נאָך עטלעכע פֿאַרנאָטירונגען וועגן די דעפֿיניציעס פֿון די עמאָציעס; איך וועל זיי דאָ דעריבער איבער־חזרן און אויסרעכענען לויט זייער סדר נאָך.

## דעפֿיניציעס פֿון די עמאָציעס

באַגער איז די סאַמע עסענץ פֿונעם מענטש, אויף וויפֿיל ער ווערט באַנומען ווי אַ דעטערמינירטער דורך יעדן איינעם פֿון זיינע מאָדיפֿי־קאַציעס צו אַ וואָסער עס איז אַקטיווקייט, צו טון עפּעס־וואָס.

פֿרייד איז דעם מענטשנס איבערגאַנג פֿון אַ קלענערער פּערפֿעקט־קייט צו אַ גרעסערער.

טרויער איז דעם מענטשנס איבערגאַנג פֿון אַ גרעסערער פּערפֿעקט־קייט צו אַ קלענערער.

באַוואונדערונג איז די פֿאָרשטעלונג וועגן עפּעס־וואָס, דורך וועלכער דער גייסט קומט צו אַ שטילשטאַנד, דערפֿאַר ווייל די פֿאָרשטעלונג וועגן אָט דעם באַזונדערן אָביעקט האָט קיין שום פֿאַרבינדונג נישט מיט אַנדערע פֿאָרשטעלונגען.

איך אָנערקען בלויז דריי פּרימיטיווע אָדער פּרימערע עמאָציעס, און זיי זענען: פֿרייד, טרויער, און באַגער. איך רעד דאָ אויך וועגן באַ־וואונדערונג פּשוט דערפֿאַר, ווייל מ׳איז געוואָרן צוגעוואוינט צו באַציי־כענען מיט אַנדערע נעמען געוויסע עמאָציעס וועלכע שטאַמען אָפּ פֿון די דריי פּרימערע עמאָציעס, ווען זיי באַציען זיך אויף די אָביעקטן וועלכע מיר באַוואונדערן. אָט דאָס איז דער מאָטיוו וואָס באַוועגט מיך נאָך צו־צוגעבן אויך די דעפֿיניציע וועגן גרינגשעצונג.

גרינגשעצונג איז די פֿאָרשטעלונג וועגן עפּעס־וואָס, וואָס באַרירט דעם גייסט אַזוי ווינציק, אַז דאָס בייזיין פֿון אָט דער זאַך פֿירט דעם גייסט זיך גיכער פֿאָרצושטעלן יענע אייגנשאַפֿטן וואָס זענען אין דער זאַך נישטאָ, ווי די וואָס זענען אין איר יאָ דאָ.

די דעפיניציעס פון פאַרעונג און פאַראַכטונג לאָז איך דאָ אויס, ווייל איך ווייס נישט פון קיין עמאָציעס, וואָס שטאַמען פון זיי אָפּ.

ליבע איז פרייד, באַגלייט מיט דער אידעיע וועגן אַן אויסערלעכער סיבה.

האָס איז טרויער, באַגלייט מיט דער אידעיע וועגן אַן אויסערלעכער סיבה.

צונייגונג איז פרייד, באַגלייט מיט דער אידעיע וועגן עפּעס־וואָס, וואָס איז דורך צופאַל די סיבה פאַר פרייד.

אָפּנייגונג איז טרויער, באַגלייט מיט דער אידעיע וועגן עפּעס־וואָס, וואָס איז דורך צופאַל די סיבה פאַר טרויער.

איבערגעגעבנקייט איז ליבע צו דעם וואָס מיר פאַרערן אָדער באַ־וואונדערן.

שפּאָט איז פרייד, וואָס קומט אויף דערפון וואָס מיר שטעלן זיך פאָר, אַז אַן אייגנשאַפט וועלכע מיר פאַראַכטן, איז פאַראַן אין אַן אָביעקט וואָס מיר האָסן.

האָפענונג איז אַן אומבאַשטענדיקע פרייד, וואָס קומט אויף דורך דער אידעיע וועגן אַ קומענדיקער אָדער פאַרגאַנגענער זאַך, וואָס מיר זענען נאָך ביז אַ געוויסער מאָס אין ספק וועגן איר אויסגאַנג.

שרעק איז אַן אומבאַשטענדיקער טרויער, וואָס קומט אויף דורך דער אידעיע וועגן אַ קומענדיקער אָדער פאַרגאַנגענער זאַך, וואָס מיר זענען נאָך ביז אַ געוויסער מאָס אין ספק וועגן איר אויסגאַנג.

זיכערקייט איז פרייד, וואָס קומט אויף דורך דער אידעיע וועגן אַ קומענדיקער אָדער פאַרגאַנגענער זאַך, בנוגע וועלכער יעטווידע סיבה פאַר אַ ספק איז געוואָרן באַזייטיקט.

פאַרצווייפלונג איז טרויער, וואָס קומט אויף דורך דער אידעיע וועגן אַ קומענדיקער אָדער פאַרגאַנגענער זאַך, בנוגע וועלכער יעטווידע סיבה פאַר אַ ספק איז געוואָרן באַזייטיקט.

פריידיקייט איז פרייד, באַגלייט מיט דער אידעיע וועגן עפּעס, וואָס איז פאַרגאַנגען און וועלכס איז געקומען אומגעריכט.

געוויסנס־פּיין איז טרויער, באַגלייט מיט דער אידעיע וועגן עפּעס, וואָס איז פאַרגאַנגען, און וועלכס איז געקומען אומגעריכט.

מיטלייד איז טרויער, באַגלייט מיט דער אידעיע וועגן אַ צרה וואָס איז באַפאַלן עמעצן אַנדערש, וועלכער איז, ווי מיר שטעלן זיך פאָר, אונדזערס גלייכן.

גנעדיקייט איז ליבע צו דעם, וואָס האָט געטון אַ טובה אַ צווייטן.

אויפגעבראַכטקייט איז האַס צו דעם, וואָס האָט געטון שלעכטס אַ צווייטן.

איבערשאַצונג איז צו האַלטן פון עמעצן, אויס ליבע, אַ סך מערער ווי באַרעכטיקט.

אונטערשאַצונג איז צו האַלטן פון עמעצן, אויס האַס, אַ סך וויניקער ווי באַרעכטיקט.

קנאה איז האַס, אויף וויפיל דאָס פּירט אַ מענטשן צו דעם, ער זאָל זיך ערגערן איבער אַ צווייטנס גליק, און פאַרקערט ווידער, זיך פרייען מיט אַ צווייטנס צרות.

סימפּאַטיע איז ליבע, אויף וויפיל זי פּירט אַ מענטשן צו דעם, ער זאָל זיך פרייען מיט אַ צווייטנס גליק, און פאַרקערט ווידער, זיך ערגערן איבער אַ צווייטנס צרות.

צופרידנקייט מיט זיך זעלבסט איז פרייד, וואָס קומט אויף דורך אַ מענטשנס נאָכטראַכטן וועגן זיך און זיין קראַפט צו אַקטיווקייט.

דערנידעריונג (אָדער הכנעה) איז טרויער, וואָס קומט אויף דורך אַ מענטשנס נאָכטראַכטן וועגן זיין אייגענער אָנמאַכט אָדער שוואַכקייט [פונעם קערפּער אָדער גייסט].

חרטה איז טרויער, באַגלייט מיט דער אידעיע וועגן עפּעס אַ טואונג אונדזערער, וועלכע מיר גלייבן אַז מיר האָבן זי געטון דורך דער פרייער אַנטשיידונג פון אונדזער גייסט.

דאַרף דאָ אָבער נאָך באַטירט ווערן, אַז ס׳איז קיין וואונדער נישט, וואָס בכלל געווענען קומט טרויער נאָך אַזוינע טואונגען, וועלכע מיר זענען געוואוינט זיי אָנצורופן מיאוסע מעשים, און פרייד נאָך אַזוינע, וואָס מיר רופן זיי געווינטלעך שיינע מעשים. דאָס דאָזיקע איז דער עיקר אָפּהענגיק פון דער דערציאונג. עלטערן טאַדלען די מעשים פון ערשטן מין און זידלען זייערע קינדער פאַרן באַגייען אַזוינע מעשים, און פאַרקערט ווידער, זיי רעדן זיי צו צו גוטע מעשים און לויבן זיי פאַר אַזוינע מעשים. דאָס האָט געפירט דערצו צו פאַרבינדן מיט יענע מעשים געפילן פון טרויער און מיט די אַנדערע געפילן פון פרייד. דאָס דאָזיקע ווערט אויך באַשטע־טיקט דורך דער דערפאַרונג. וואָרום געוואוינהייט און רעליגיע איז נישט ביי אַלעמען גלייך, נאָר פאַרקערט גאָר, דאָס וואָס איז פאַר איינעם הייליק איז פאַר אַ צווייטן פּראָפאַן, און וואָס ס׳איז פאַר איינעם ערנהאַפטיק איז פאַר אַ צווייטן געמיין. ס׳געווענדט זיך בכן אין דער דערציאונג וואָס איינער האָט געהאַט, צי ער זאָל נאָך אַ וואָסערן ס׳איז אַקט זיינעם חרטה האָבן אָדער זיך גאָר מיט אים אויספיינערן.

גאווה איז צו האַלטן פון זיך, מחמת אייגנליבע, אַ סך מער ווי באַרעכטיקט.

נידערגעשלאָגנקייט (אָדער זעלבסטפאַראַכטונג) איז צו האַלטן פון זיך, מחמת טרויער, אַ סך ווינציקער ווי באַרעכטיקט.

מענטשן זענען געוואוינט אָפט אַנטקעגנצושטעלן נידערגעשלאָגענ־קייט קעגן גאווה, זיי זענען אָבער נישט אי דעם אָפּשטאַם פון אָט די צוויי עמאָציעס ווי אויך נישט זייער נאַטור. וואָרום געווינטלעך רופן מיר

אַן בעל־גאווה אַ מענטש וואָס לויבט זיך אַליין צופיל, וואָס רעדט וועגן קיין שום אַנדער זאַך נישט, ווי נאָר וועגן זיינע גרויסע אויפטועו, און וואָס ביי אַנדערע זוכט ער נאָר פעלערן, וואָס וויל אומעטום זיין דער ערשטער, וואָס בלאָזט פון זיך און פוצט זיך אַזוי, ווי ס'איז דער שטייגער ביי יענע וואָס שטייען אַ סך העכער פון אים. און אַנטקעגן ווידער רופן מיר אַן הכנעהדיק, דערשלאָגן יענעם וואָס רויטלט זיך אָפט פאַר בושה, וואָס גיט אָפט צו זיינע פעלערן, און לויבט אָפט די מעלות און גרויסע מעשים ביי אַנדערע, וואָס מאַכט פּלאַץ פאַר אַלעמען, וואָס גייט מיט אַ געבויגענעם קאָפּ, און זוכט זיך נישט צו פוצן. זענען אָבער אָט די עמאָציעס, זעלבסטפאַראַכטונג, הכנעה און דערשלאָגנקייט, זייער זעלטן, וואָרום די מענטשלעכע נאַטור, באַטראַכט אין זיך אַליין, שטעלט זיך מיטן גאַנצן כוח אַנטקעגן אָט די עמאָציעס. יענע מענטשן דעריבער, וועלכע זענען באַקאַנט ווי זייער הכנעהדיקע אָדער נידערגעשלאָגענע, יאָגן זיך גאָר מייניסטנטיילס גאַנץ באַזונדערס נאָך כבוד און זענען גרויסע בעלי־קנאה.

כבוד איז פרייד, באַגלייט מיט דער אידעיע וועגן אַ וואָסערער ס'איז טואונג אונדזערער, וואָס מיר שטעלן זיך פאָר, אַז זי ווערט געלויבט דורך אַנדערע.

בושה איז טרויער, באַגלייט מיט דער אידעיע וועגן אַ וואָסערער עס איז טואונג אונדזערער, וואָס מיר שטעלן זיך פאָר, אַז זי ווערט געטאַדלט דורך אַנדערע. (ס'איז דאָ נייטיק אָנצואווייזן אויפן דיפערענץ צווישן בושה און שעמעוודיקייט. בושה איז טרויער וואָס קומט נאָך אַן אַקט מיט וועלכן מיר שעמען זיך: שעמעוודיקייט אָבער איז די מורא אָדער פּחד פאַר דער בושה, וועלכע האַלט צוריק דעם מענטש פון באַגיין אַ שענדלעכן אַקט).

דערמיט בין איך פאַרטיק געוואָרן מיט די עמאָציעס פון פרייד און טרויער וועלכע איך האָב מיר דאָ פירגענומען צו דערקלערן. איצט גיי איך איבער צו יענע עמאָציעס וועלכע איך רעכן צו צו באַגער.

באַדויערונג איז דער באַגער אָדער וואונטש צו באַזיצן עפּעס־וואָס, וואָס פון איין זייט ווערט אָט דער באַגער געשטאַרקט דורכן האַלטן זיך אין איין דערמאָנען אָט די זאַך, און פון דער צווייטער זייט ווערט אָט דער באַגער אין דער אייגענער צייט צוריקגעהאַלטן דורכן דערמאָנען זיך אין אַנדערע זאַכן, וועלכע שליסן אויס די עקזיסטענץ פון דער געוואונטשענער זאַך.

עמולאַציע (אַריבעריאָגן) איז דער באַגער צו עפּעס־וואָס, וואָס ווערט אין אונדז אויפגעוועקט איבער דעם וואָס מיר שטעלן זיך פאָר, אַז אויך אַנדערע האָבן דעם אייגענעם באַגער.

דאַנק אָדער דאַנקבאַרקייט (אָפּדאַנקען) איז דער באַגער אָדער אייפער מיט וועלכע מיר באַמיען זיך, אויס ליבע, גוטס צו טון דעם, וואָס האָט אויס פונקט אָט אַזוינע געפילן פון ליבשאַפט אויך אונדז גוטס געטון.

וואוילטאָט איז דער באַגער גוטס צו טון דעם אויף וועמען מיר האָבן מיטלייד.

כעס איז דער באַגער, דורך וועלכן מיר ווערן געשטויסן, אויס האַס, צו ברענגען שלעכטס אויף דעם וואָס מיר האַסן.

נקמה איז דער באַגער, דורך וועלכן מיר ווערן דורך קעגנזייטיקן האַס געשטויסן צו ברענגען שלעכטס דעם וואָס האָט אויך אונדז, אויס פונקט אָט אַזוינע געפילן, שלעכטס געטון.

אַכזריות אָדער ווילדקייט איז דער באַגער, דורך וועלכן אַ מענטש ווערט אויפגערייצט שלעכטס צו טון דעם וואָס מיר האָבן ליב, אָדער האָבן אויף אים מיטלייד. (אַכזריות איז פונקט דאָס פאַרקערטע פון באַרמהערציקייט, וועלכס איז נישט קיין ליידנשאַפט, נאָר די מאַכט פונעם גייסט מיט וועלכער דער מענטש האַלט צוריק זיין כעס און נקמה).

מורא איז דער באַגער צו אַנטרונען פון אַ גרעסערער צרה, וועלכע וואַרפט אויף אונדז אָן אַ שרעק, דורכן באַגעגענען אַ קלענערע צרה.

געוואַגטקייט איז דער באַגער, דורך וועלכן אַ מענטש ווערט אָנגע־רעגט צו טון עפּעס־וואָס, וואָס שטעלט אים אין געפאַר, וואָס אַנדערע מענטשן זיינס גלייכן וואָלטן מורא געהאַט זיך עס אונטערצונעמען.

פּחדנות (שרעקעוודיקייט) ווערט צוגעשריבן צו דעם וואָס דער באַגער זיינער ווערט צוריקגעהאַלטן דורך דער שרעק פאַר אַ געפאַר, וואָס אַנדערע מענטשן זיינס גלייכן דערוועגן זיך איר יאָ אַנטקעגנצוקומען.

קאָנסטערנאַציע (איבערגעוועלטיקט פון שרעק) ווערט צוגעשריבן צו דעם, וואָס דער באַגער זיינער אויסצומיידן אַ צרה, ווערט צוריק־געהאַלטן דורך דעם וואָס ער שטייט און וואונדערט זיך איבער דער צרה, וואָס וואַרפט אויף אים אָן אַ שרעק.

פריינדלעכקייט צו מענטשן אָדער באַשיידנקייט איז דער באַגער צו טון דאָס וואָס זאָל געפעלן מענטשן, און זיך צוריקהאַלטן דערפון וואָס קאָן זיי נישט געפעלן.

אַמביציעזקייט אָדער יאָגן זיך נאָך כבוד איז דער איבערמעסיקער באַגער צו מאַכט און כבוד. (אַמביציעזקייט אָדער יאָגן זיך נאָך כבוד איז דער באַגער דורך וועלכן אַלע עמאָציעס ווערן גענערט און געשטאַרקט; און ס׳איז דעריבער זייער זעלטן, אַז מ׳זאָל אָט די עמאָציע קאָנען ביי־קומען. וואָרום אַזוי לאַנג ווי דער מענטש איז פאַרכאַפּט פון אַ וואָסערן עס איז באַגער, איז ער נויטווענדיק אין דער אייגענער צייט פאַרכאַפּט פון דער אַמביציע. „אויף די בעסטע״, זאָגט ציצעראָ, „ווערן מייניסטנטיילס געפירט דורכן באַגער צו כבוד. און אַפילו די פילאָזאָפן וואָס שרייבן מיט פאַראַכטונג וועגן כבוד, גיבן זיי פונדעסטוועגן אָן זייערע נעמען אויף די ביכער זייערע, און אַז. וו.״).

פרעסן איז דער איבערמעסיקער באַגער אָדער ליבשאַפט צו דער אכילה.

שיכרות איז דער איבערמעסיקער באַגער און ליבשאַפט צום טרונק.

זשעדנעקייט נאָך געלט (אָדער קאַרגשאַפט) איז דער איבערמעסיקער באַגער און ליבשאַפט צו רייכקייט.

לוסט איז דער איבערמעסיקער באַגער און ליבשאַפט צו סעקסועלן פאַרקער. (צי אָט דער באַגער איז איבערמעסיק אָדער נישט, ווערט ער אָבער געוויינטלעך אַלץ אָנגערופן לוסט).

ווייטער האָב איך שוין פריער נאָטירט, אַז מעסיקייט, ניכטערקייט און צניעות ווייזן גיכער אָן אויף דער קראַפט פונעם גייסט ווי אויף אַ פּאַסיווקייט. און הגם ס'קאָן אויך טרעפן אַז אַ זשעדנער נאָך געלט, אַז דער וואָס יאָגט זיך נאָך כבוד, אָדער אַ שרעקעוודיקער זאָלן אויך זיך צוריקהאַלטן פון איבערמעסיקייט אין עסן, טרינקען און סעקסועלן פאַרקער, זענען פונדעסטוועגן זשעדנעקייט, געיעג נאָך כבוד און שרעקעוודיקייט דאָך נישט דער קעגנטייל פון פרעסעריי, שיכרות און אויסגעלאַסנקייט. וואָרום דער זשעדנער מענטש זוכט אָפט זיך אָנצושטאָפּן מיט שפּייזן און זיך אָנגיסן מיט געטראַנקען אויף יענעמס חשבון.

דער וואָס יאָגט זיך נאָך כבוד, דער אַמביציעזער, ווידער, וועט זיך פון קיין שום זאַך נישט צוריקהאַלטן, אויב ער האָט נאָר אַ האָפענונג, אַז זיין נאָכגעבן זיך וועט בלייבן אַ סוד; און אויב ער לעבט צווישן שיכורים און אויסגעלאַסענע, וועט ער, טאַקע דערפאַר ווייל ער יאָגט זיך נאָך כבוד, אַריינגעצויגן ווערן אין אָט די שלעכטע דרכים. דער שרעקעוודיקער ווידער, טוט דאָס וואָס ער וויל נישט טון.

וואָרום, אויב אַפילו אַ זשעדנער, אָדער קאַרגער מענטש זאָל, כדי זיך צו ראַטעווען פון טויט, זיין גאַנץ פאַרמעגן אין ים אַריינוואַרפן, וועט ער אַלץ בלייבן אַ זשעדנער. פונקט אַזוי אויך ווען אַן אויסגעלאַסענער איז פאַראומערט, ווייל ער קאָן זיין לוסט נישט באַפרידיקן, האָט ער דערמיט נאָך נישט אויפגעהערט צו זיין אַן אויסגעלאַסענער. פאַקטיש זענען אָט די עמאָציעס נישט אַזוי פיל פאַרבונדן מיטן אַקט גופא פון פרעסן, זויפן און אַז. וו., ווי מיט דער תאווה און ליבשאַפט פאַר דעם. קיין שום

אַנדער זאַך קאָן זיך נישט אַנטקעגנשטעלן קעגן אָט די עמאָציעס ווי נאַר נאָבלקייט און ווילנסקראַפט, און וועגן אָט דעם וועל איך רעדן דאָ ווייטער.

די דעפיניציעס פון אייפערזוכט און אַנדערע וואַקלענישן פונעם גייסט, וועל איך דאָ פאַרבייגיין מיט שטילשווייגן, אי דערפאַר וואָס זיי קומען אויף דורך דער קאָמבינירונג פון די עמאָציעס וועלכע זענען שוין דאָ פריער באַשריבן געוואָרן, און אי דערפאַר וואָס אַ סך פון זיי האָבן נישט קיין באַשטימטע נעמען, וואָס באַווייזט, אַז פאַר פּראַקטישע צוועקן וועט גענוג זיין צו האָבן וועגן זיי אַן אַלגעמיינע קענטעניש. דערצו ווייזט זיך אַרויס דורך די דעפיניציעס פון יענע עמאָציעס וועלכע איך האָב דאָ דערקלערט, אַז זיי קומען אַלע אויף דורך באַגער, פרייד אָדער טרויער, אָדער בעסער געזאָגט, אַז ס'זענען נישטאָ קיין שום אַנדערע עמאָציעס אַחוץ אָט די דריי, און אַז יעדע איינע פון זיי ווערט געוויינטלעך באַצייכנט מיט פאַרשידנערליי נעמען, לויט דער פאַרשידנקייט פון זייערע פאַרבינדונגען און לויט זייערע אויסערלעכע סימנים.

אויב מיר וועלן זיך איצט גוט נעמען אין זינען אַריין אָט די דריי פּרימערע עמאָציעס, באַגער, פרייד און טרויער און אויך דאָס וואָס איך האָב דאָ פריער געזאָגט וועגן דער נאַטור פונעם גייסט, וועלן מיר קאָנען דעפינירן די עמאָציעס, אויף וויפיל זיי האָבן אַ שייכות צום גייסט בלויז, אויף אָט דעם אופן:

## אַלגעמיינע דעפיניציע פון די עמאָציעס

אַן עמאָציע וואָס ווערט אָנגערופן אַ פּאַסיווקייט פונעם גייסט, איז אַ צעמישטע אידעיע, דורך וועלכער דער גייסט אַפירמירט וועגן זיין קערפּער, אָדער וועגן איינעם פון זיינע טיילן, אַ גרעסערע אָדער קלענערע קראַפט פון עקזיסטענץ, ווי פריער, און וואָס דער גייסט ווערט דורך איר בייזיין דעטערמינירט צו דענקען וועגן איין זאַך מערער ווי וועגן אַן אַנדער זאַך.

און אויף וויפיל די עסענץ פונעם גייסט באַשטייט אין דעם וואָס ער אַפירמירט די אַקטועלע עקזיסטענץ פונעם אייגענעם קערפּער, און

אויך אויף וויפיל מיר פאַרשטייען אונטער פערפעקטקייט די סאַמע עסענץ פון אַ זאַך, איז דערפון געדרונגען, אַז דער גייסט גייט איבער צו אַ גרעסערער אָדער קלענערער פערפעקטקייט, ווען ס׳קומט אים אויס צו אַפירמירן בנוגע זיין קערפּער, אָדער וועגן איינעם פון זיינע טיילן, עפּעס־וואָס, וואָס שליסט אין זיך אין מערער אָדער ווינציקער רעאַליטעט ווי פריער.

ווען, דעריבער, איך האָב פריער געזאָגט, אַז די קראַפט פונעם גייסט צו דענקען פאַרמערט זיך אָדער פאַרמינערט זיך, האָב איך דער־מיט פאַרשטאַנען נישט עפּעס אַנדערש, ווי נאָר דאָס, אַז דער גייסט האָט געפורעמט וועגן זיין קערפּער, אָדער וועגן איינעם פון זיינע טיילן, אַן אידעיע וואָס דריקט אויס מערער אָדער ווייניקער רעאַליטעט, ווי די וועלכע ער האָט פריער אַפירמירט וועגן זיין קערפּער. וואָרום דער ווערט פון אידעיען און די אַקטועלע קראַפט צו דענקען ווערט אָפּגעשאַצט לויטן ווערט פונעם אָביעקט.

---

## עטיק — טייל 3

### אינהאַלט:

**וועגן איבערשאַצונג און אונטערשאַצונג**
(פּראָפּאָזיציע 26)

**וועגן דער אימיטירונג פון עמאָציעס**
(פּראָפּאָזיציעס 27, 28, 29, 30, 31, 32, 33, 34, 35, 36)

**ליבשאַפט און האַס**
(פּראָפּאָזיציעס 37, 38, 39, 40, 41, 42, 43, 44, 45, 46, 47, 48, 49)

**וועגן סימנים און וועגן אַבערגלויבן**
(פּראָפּאָזיציע 50)

**וועגן דער פאַרשידנקייט פון די עמאָציעס**
(פּראָפּאָזיציע 51)

**געוואַגטקייט און שרעקעוודיקייט**
(אָנמערקונג צו פּראָפּאָזיציע 51)

**חרטה און צופרידנקייט מיט זיך זעלבסט**
(אָנמערקונג צו פּראָפּאָזיציע 51)

**באַוואונדערונג און גרינגשעצונג**
(פּראָפּאָזיציע 52)

**אייגנליבע און דערנידערונג (הכנעה)**
(פּראָפּאָזיציעס 53, 54, 55)

**די עמאָציעס און זייערע אָביעקטן**
(פּראָפּאָזיציע 56)

**די אינדיווידואַליטעט פון די עמאָציעס**
(פּראָפּאָזיציע 57)

**די עמאָציעס פונעם אַקטיוון מענטשן**
(פּראָפּאָזיציעס 58, 59)

**דעפיניציעס פון די עמאָציעס**

**אַלגעמיינע דעפיניציע פון די עמאָציעס**

# ע ט י ק

## פ ע ר ט ע ר  ט י י ל

## ווענן דער מענטשלעכער קנעכטשאַפט
## אָדער ווענן דער קראַפט פון די עמאָציעס

---

## פ אָ ר ו ו אָ ר ט

**ווענן פערפעקטקייט און אומפערפעקטקייט,**

**ווענן גוט און שלעכט**

דעם מענטשנס אָנמאַכט צו באַהערשן די עמאָציעס און זיי צו האַמעווען, רוף איך אָן קנעכטשאַפט. וואָרום בעת דער מענטש איז אונטער־געוואָרפן צו זיינע עמאָציעס, איז ער נישט מער ביי זיך אין די הענט, נאָר אין די הענט פונעם גורל, אַזוי אַז ער [דער גורל] געוועלטיקט איבער אים אויף אַזוי פיל, אַז גאַנץ אָפט איז דער מענטש געצוואונגען נאָכצוגיין נאָכן ערגערן, כאָטש ער זעט פאַר זיך דאָס בעסערע. פאַרוואָס דאָס איז אָט אַזוי, און אויך וואָס אַזוינס ס׳איז דאָס גוטע אָדער דאָס שלעכטע וואָס די עמאָציעס האָבן אין זיך, פאַרנעם איך מיך צו ווייזן אין אָט דעם טייל. אָבער איידער איך הייב אָן, וואָלט איך דאָ וועלן געבן עטלעכע אַריינפיר־ווערטער ווענן פערפעקטקייט און אומפערפעקטקייט, ווי אויך ווענן גוט און שלעכט.

ווען ס׳האָט ווער זיך פירגענומען צו מאַכן אַ וואָסער עס איז זאַך, און האָט זי דערפירט צו פערפעקטקייט, וועט נישט נאָר ער אַליין זאָגן אַז דאָס ווערק איז פערפעקט, נאָר אויך יעדער איינער וואָס ווייסט ריכ־טיק, אָדער מיינט אַז ער ווייסט, דעם געדאַנק און ציל פונעם שאַפער פון אָט דעם ווערק.

למשל, אויב ווער עס איז זעט אַ ווערק (וואָס איך נעם אָן אַז ס׳איז נאָך נישט אויסגעפּאַרטיקט געוואָרן), און ער ווייסט אַז דער ציל פונעם שאַפער פון אָט דעם ווערק איז צו בויען אַ הויז, וועט ער זאָגן אַז דאָס ווערק איז אומפּערפעקט, און פאַרקערט ווידער, וועט ער זאָגן אַז ס׳איז פּערפעקט, אַזוי גיך ווי ער וועט זען אַז די אַרבעט איז דערפירט געוואָרן צו יענעם ציל וועלכן דער שאַפער אירער האָט פאַר זיך געשטעלט. אויב ס׳זאָל ווער עס איז אָבער זען אַ ווערק וועלכס ער האָט זיינס גלייכן נאָך קיינמאָל נישט געזען פריער און ווייסט אויך נישט דעם ציל פונעם מייסטער, וועט ער אַוודאי נישט קאָנען וויסן צי אָט דאָס ווערק איז פּערפעקט אָדער אומפּערפעקט. אָט דאָס זעט אויס האָט געזאָלט זיין דער ערשטער באַדייט פון אָט די ווערטער [פּערפעקט און אומפּערפעקט].

נאָך דעם אָבער ווי מענטשן האָבן אָנגעהויבן פורעמען אַלגעמיינע אידעיען, און צוטראַכטן טיפּן פון הייזער, געביידעס, טורעמס און אַז. וו., און טייל טיפּן שטעלן העכער פון אַנדערע, איז געקומען דערצו, אַז יעדער איינער האָט אָנגערופן פּערפעקט דאָס וואָס האָט אים אויסגעזען, אַז ס׳שטימט זיך צונויף מיט דער אַלגעמיינער אידעיע, וועלכע ער האָט זיך געפורעמט וועגן אָט אַזאַ מין זאַך, און פאַרקערט ווידער, אומפּערפעקט דאָס וואָס שטימט זיך ווינציקער צונויף מיט זיין אייגענער קאָנצעפּציע וועגן אַזאַ מין געביידע ווען אַפילו זי איז לויט דער אידעיע פונעם מייסטער געווען שוין פולשטענדיק אויסגעפּאַרטיקט. און אָט דאָס אַפּנים מוז זיין די איינציקע סיבה פאַרוואָס אויך נאַטירלעכע זאַכן, וועלכע זענען דאָך נישט געמאַכט געוואָרן דורך מענטשלעכע הענט, ווערן אויך אָנגערופן פּערפעקט אָדער אומפּערפעקט. וואָרום מענטשן זענען געוואוינט צו פורעמען אַלגעמיינע אידעיען וועגן נאַטירלעכע זאַכן, פונקט ווי זיי טוען עס וועגן געמאַכטע זאַכן, און זיי האַלטן זיך אַזוי אין אָט די אידעיען, גלייך ווי זיי [די נאַטירלעכע זאַכן] וואָלטן געווען מוסטערן פון זאַכן, גלייבנדיק אַז די נאַטור (וועלכע טוט, לויט זייער מיינונג נאָך, קיין שום זאַך נישט אָן אַ וואָסערן עס איז ציל) האָט די דאָזיקע אידעיען אין זינען געהאַט און זיי געהאַלטן פאַר זיך ווי מוסטערן. ווען זיי זען דעריבער, ווי אין דער נאַטור קומט פאָר עפּעס־וואָס, וואָס שטימט זיך ווינציק

וואָס צונויף מיט דער קאָנצעפּציע וואָס זיי האָבן זיך געפֿורעמט וועגן אַט דער זאַך, גלייבן זיי, אַז די נאַטור גופא איז באַגאַנגען אַ פֿעלער, אָדער עפּעס אַ פֿאַרזען, און געלאָזט יענע זאַך אומפּערפֿעקט.

מיר זען בכן, אַז מענטשן זענען געוואוינט אָנצורופֿן נאַטירלעכע זאַכן פּערפֿעקט אָדער אומפּערפֿעקט, גיכער צוליב זייערע פֿאַראורטיילן איידער אויס אמתער קענטעניש פֿון דעם וועגן וועלכן זיי זאָגן זיך אַרויס. ווי איך האָב אָנגעוויזן (אינעם צוגאָב צום ערשטן טייל), איז וואָס נאָך די נאַטור טוט האָט זי דערביי נישט אין זינען קיין שום צוועק, מחמת דאָס אייביקע און אומענדלעכע וועזן, וואָס מיר רופֿן אָן גאָט אָדער נאַטור, איז אַקטיוו מיט דער זעלבער נויטווענדיקייט, ווי יענע דורך וועלכער עס עקזיסטירט. וואָרום ווי איך האָב געוויזן, איז מיט דער זעלבער נויטווענדיקייט פֿון זיין נאַטור דורך וועלכער עס עקזיסטירט [דאָס אייביקע און אומענדלעכע וועזן], איז עס פּונקט אַזוי אויך אַקטיוו. דער שכל, אָדער די סיבה, פֿאַרוואָס גאָט אָדער די נאַטור עקזיסטירט, און דער שכל פֿאַרוואָס ער איז אַקטיוו, איז בכן איינער און דער זעלבער.

דעריבער, אַזוי ווי ער [גאָט אָדער די נאַטור] עקזיסטירט נישט צוליב עפּעס אַ צוועק, איז ער פּונקט אַזוי אויך נישט אַקטיוו צוליב אַ וואָסערן עס איז צוועק; פּונקט ווי פֿאַר זיין עקזיסטענץ איז אויך אַזוי פֿאַר זיין אַקטיווקייט נישטאָ קיין שום פּרינציפּ אָדער צוועק. דאָס אָבער וואָס ווערט גערופֿן די פֿינאַלע סיבה, איז נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר דער מענטשלעכער באַגער, אויף וויפֿיל דער באַגער ווערט באַטראַכט ווי דער פּרינציפּ אָדער די ערשטע סיבה פֿון אַ וואָסער עס איז זאַך. למשל, ווען מיר זאָגן, אַז די וואוינונג איז די פֿינאַלע סיבה פֿאַר דעם אָדער יענעם הויז, מיינען מיר נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר דאָס, אַז דורך דעם וואָס אַ מענטש שטעלט זיך פֿאָר ווי איינגענעם ס'איז דאָס לעבן אין אַ היים, האָט ער אַ באַגער צו בויען אַ הויז. דעריבער איז די וואוינונג, אויף וויפֿיל זי ווערט באַטראַכט ווי אַ פֿינאַלע סיבה, נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר אָט דער באַזונדערער באַגער, וועלכער איז באמת די באַווירקנדיקע סיבה, וואָס ווערט באַטראַכט ווי די ערשטע סיבה, דערפֿאַר ווייל מענטשן זענען, בכלל גענומען, אומוויסנדיק וועגן די סיבות פֿאַר זייערע באַגערן. ס'איז

זיי טאַקע, ווי איך האָב עס שוין נישט איינמאָל געזאָגט, באַוואוסט וואָס ס׳זענען זייערע טואונגען און גלוסטונגען, זיי ווייסן אָבער גאָרנישט וועגן די סיבות וועלכע דעטערמינירן זיי צו באַגערן עפּעס־וואָס. דאָס ווידער, וואָס מענטשן זענען געוואוינט צו זאָגן, אַז די נאַטור באַגייט אַ פעלער אָדער אַ פאַרזען און ברענגט דאַדורך אַרויס אומפּערפעקטע זאַכן, רעכן איך צו צו די איינרעדענישן מיט וועלכע איך גיב מיך אָפּ אינעם צוגאָב צום ערשטן טייל.

פּערפעקטקייט און אומפּערפעקטקייט זענען דעריבער, אין דער אמתן נאָר מאָדוסן פונעם דענקען, דאָס מיינט באַגריפן, וועלכע מיר פורע־מען געוויינטלעך דורכן פאַרגלייכן איינעם מיטן אַנדערן אינדיווידן פונעם זעלבן מין אָדער אַרט; אויס אָט דעם גרונט האָב איך דאָ פריער געזאָגט, אַז אונטער רעאַליטעט און פּערפעקטקייט פאַרשטיי איך איין און די זעלבע זאַך. וואָרום מיר זענען געוואוינט צוריקצופירן אַלע אינדיווידן **אין דער נאַטור צו איין מין**, דאָס מיינט, צו דער קאַטעגאָריע פונעם זיין, צו וועלכער עס געהערן אַבסאָלוט אַלע אינדיווידן אין דער נאַטור.

דעריבער, אויף וויפיל מיר פירן צוריק אינדיווידן אין דער נאַטור צו אָט דער קאַטעגאָריע [צו דער קאַטעגאָריע פונעם זיין], און פאַרגלייכנ־דיק זיי איינס מיט דאָס אַנדערע, געפינען מיר דערביי אויס, אַז טייל פאַרמאָגן מערער פונעם זיין, אָדער רעאַליטעט, ווי אַנדערע. וויטער, אויף וויפיל מיר שרייבן זיי צו עפּעס־וואָס, וועלכס שליסט אין זיך איין נעגאַציע, ווי אַ גרענעץ, אַ סוף, אָנמאַכט און דאָס גלייכן, אויף אָט אַזוי פיל רופן מיר זיי אומפּערפעקט; דערפאַר ווייל זיי אַפעקטירן נישט אונ־דזער גייסט אַזוי פיל ווי יענע וואָס מיר רופן פּערפעקט, און נישט דער־פאַר ווייל ס׳פעלט זיי אויס עפּעס־וואָס, וואָס איז אַ טייל פון זייער נאַטור, אָדער מחמת דעם וואָס די נאַטור האָט געמאַכט אַ פאַרזען. וואָרום צו דער נאַטור פון אַ וואָסער עס איז זאַך קומט גאָרנישט צו מערער פון דעם, וואָס דרינגט אַרויס אויס דער נויטווענדיקייט פון דער נאַטור פון איר באַווירקנדיקער סיבה, און אַלץ דאָס וואָס דרינגט אַרויס אויס דער נויטווענדיקייט פון דער נאַטור פון אַ באַווירקנדיקער סיבה, געשעט נויטוועדיק.

וואָס איז ווידער נוגע די אויסדרוקן גוט און שלעכט, ווייזן זיי נישט אָן אויף קיין שום פּאָזיטיווער קוואַליטעט אין זאַכן, ווען מ׳באַהאַנדלט זיי אין זיך אַליין, נאָר זיי זענען בלויז מאָדוסן פונעם דענקען, אָדער באַגריפן וואָס מיר פורעמען דורכן פאַרגלייכן זאַכן איינע מיט דער אַנדערער. אָט אַזוי קאָן איינע און די זעלבע זאַך אין דער זעלבער צייט זיין גוט, שלעכט און אויך נישט דאָס און נישט דאָס אַנדערע. למשל, מוזיק איז גוט פאַר דעם וואָס איז מעלאַנכאָליש, שלעכט פאַר דעם וואָס איז אין טרויער; פאַר דעם אָבער וואָס איז טויב, איז זי נישט גוט און נישט שלעכט.

אָבער כאָטש דאָס איז אָט אַזוי, מוזן מיר פונדעסטוועגן זיך דאָך האַלטן ביי אָט די אויסדרוקן. וואָרום אויף וויפיל מיר ווילן זיך פורע־מען אַן אידעיע וועגן דעם מענטשן ווי אַ מוסטער־טיפּ פון דער מענטש־לעכער נאַטור, וועט פאַר אונדז ניצלעך זיין זיך צו האַלטן ביי אָט די אויסדרוקן אין זייער פריער־דערמאָנטן זינען. אונטער „גוט" וועל איך דאָ ווייטער פאַרשטיין דאָס, וועגן וועלכן מיר ווייסן זיכער אַז ס׳איז אַ מיטל אַלץ נעענטער צוצוקומען צו יענעם מוסטער פון דער מענטש־לעכער נאַטור וואָס מיר האָבן פאַר זיך אָוועקגעשטעלט. אונטער „שלעכט" ווידער, דאָס וואָס מיר ווייסן זיכער, אַז ס׳איז פאַר אונדז אַ שטער צוצו־קומען צו אָט דעם מוסטער־טיפּ.

ווייטער, וועל איך מענטשן אָנרופן מער פּערפעקט אָדער מער אומ־פּערפעקט, אויף וויפיל זיי קומען צו מערער אָדער ווינציקער צו אָט דעם מוסטער־טיפּ. ס׳דאַרף דאָ אָבער ספּעציעל אָנגעמערקט ווערן, אַז ווען איך זאָג אַז אַ מענטש גייט איבער פון אַ קלענערער צו אַ גרעסערער פּערפעקטקייט, אָדער פאַרקערט, פאַרשטיי איך נישט דערמיט אַז ער האָט אויס איין עסענץ אָדער פאָרם זיך אומגעביטן אין אַן אַנדערער (למשל, אַ פערד וועט פונקט אַזוי צעשטערט ווערן, צי ס׳וועט זיך פאַר־וואַנדלען אין אַ מענטש, אָדער אין אַן אינסעקט), נאָר איך מיין דאָס וואָס מיר באַנעמען, אַז זיין קראַפט צו אַקטיווקייט, אויף וויפיל אָט דאָס ווערט פאַרשטאַנען דורך זיין אייגענער נאַטור, ווערט פאַרמערט אָדער פאַר־מינערט.

און צום לעצט, פאַרשטיי איך, ווי שוין געזאָגט, אונטער פּערפעקט־קייט, בכלל געגומען, די רעאַליטעט, מיט אַנדערע ווערטער, די עסענץ פון איטלעך איינער זאַך, אויף וויפיל זי עקזיסטירט און ווירקט אויף אַ באַשטימטן אופן, נישט נעמענדיק אין באַטראַכט איר דויער. וואָרום מ׳קאָן וועגן קיין שום באַזונדערער זאַך נישט זאָגן, אַז זי איז מער פּערפעקט דערפאַר, ווייל זי האָט איר עקזיסטענץ אָנגעהאַלטן אַ לענגערע צייט. דער דויער פון זאַכן קאָן נישט דעטערמינירט ווערן דורך זייער עסענץ, מחמת די עסענץ פון זאַכן שליסט אין זיך נישט איין קיין פיקסירטן און באַ־שטימטן פעריאָד פון עקזיסטענץ; נאָר יעדע זאַך, צי זי איז מער פּער־פעקט אָדער ווייניקער פּערפעקט, וועט מיט דער זעלבער קראַפט מיט וועלכער זי האָט אָנגעהויבן צו עקזיסטירן, ווייטער קאָנען אָנהאַלטן איר עקזיסטענץ, אַזוי אַז אין אָט דעם זין זענען אַלע זאַכן גלייך.

## דעפיניציעס

אונטער גוט פאַרשטיי איך דאָס בנוגע וועלכן מיר ווייסן זיכער, אַז ס׳איז פאַר אונדז ניצלעך.

אונטער שלעכט פאַרשטיי איך פאַרקערט ווידער דאָס, בנוגע וועלכן מיר ווייסן זיכער, אַז ס׳שטערט אונדז צו האָבן אַ חלק אין אַ וואָסער עס איז גוטס.

אינדיווידועלע זאַכן רוף איך אָן צופעליקע, אויף וויפיל, בעת מיר באַטראַכטן זייער עסענץ בלויז, געפינען מיר גאָרנישט אַזוינס וואָס דאַרף זיי נויטווענדיק אַרויסברענגען, אָדער וואָס דאַרף זיי נויטווענדיק אויסשליסן.

די זעלבע אינדיווידועלע זאַכן רוף איך אָן מעגלעכע, אויף וויפיל, מיר ווייסן נישט ביים באַטראַכטן די סיבות וואָס זענען נייטיק כדי זיי אַרויסצוברענגען, צי אָט די סיבות זענען דעטערמינירט זיי אַרויסצוברענגען.

אונטער אַנטקעגנגעשטעלטע עמאָציעס פאַרשטיי איך דאָ ווייטער, אַזוינע עמאָציעס, וואָס שטויסן דעם מענטש אין פאַרשידענע זייטן, כאָטש זיי קאָנען אויך אַמאָל זיין פון זעלבן מין, ווי למשל צו לעבן אין לוקסוס און קאַרגשאַפט, וואָס ביידע זענען זיי מינים פון ליבע, און זיי זענען זיך נישט אַנטקעגנגעשטעלט לויט זייער נאַטור נאָך, נאָר דורך צופאַל.

וואָס איך פאַרשטיי אונטער אַן עמאָציע צו אַ קומענדיקער, איצטי־קער און פאַרגאַנגענער זאַך, האָב איך שוין פריער דערקלערט [אינעם דריטן טייל].

אונטער צוועק, צוליב וועלכן מיר טוען עפּעס־וואָס, פאַרשטיי איך באַגער.

אונטער טוגנד (גוטע מידות) און קראַפט פאַרשטיי איך איינס און דאָס זעלבע, דאָס הייסט, טוגנד, אויף וויפיל זי באַציט זיך אויפן מענטש, איז זי די סאַמע עסענץ פונעם מענטש, אָדער די נאַטור זיינע, אויף וויפיל ער איז בכוח אַרויסצוברענגען עפּעס־וואָס, וועלכס קאָן בלויז דורך די געזעצן פון זיין אייגענער נאַטור פאַרשטאַנען ווערן.

## אַ ק ס י אָ ם

נישטאָ אין דער נאַטור אַזאַ אינדיווידועלע זאַך, וואָס ס׳זאָל צו איר נישט זיין קיין אַנדער זאַך, וועלכע איז מעכטיקער און שטאַרקער פון איר, דורך וועלכער זי קאָן צעשטערט ווערן.

## פּ ר אָ פּ אָ ז י צ י ע ס

### וועגן דער קראַפט פונעם אמת

דאָס פּאָזיטיווע וואָס געפינט זיך אין אַ פאַלשער אידעיע ווערט נישט באַזייטיקט דורכן בייזיין פון דעם וואָס איז אמת, אויף וויפיל עס איז אמת [אָט דאָס פּאָזיטיווע].

למשל, ווען מיר קוקן אויף דער זון, שטעלן מיר זיך פאָר אַז זי איז פון אונדז אָפּגערוקט אויף אַ וואָסערע צוויי הונדערט פוס; מאַכן מיר בנוגע אָט דעם אַ טעות אַזוי לאַנג ווי מיר ווייסן נישט איר אמתע דיס־טאַנץ. ווען אָבער מיר דערוויסן זיך איר אמתע דיסטאַנץ, ווערט דער טעות באַזייטיקט, אָבער נישט די פאָרשטעלונג, דאָס הייסט, די אידעיע וועגן דער זון, וואָס דערקלערט איר נאַטור אויף אַזוי פיל נאָר ווי דער קערפּער ווערט דורך איר אַפעקטירט. דעריבער, ווען אַפילו מיר ווייסן שוין איר אמתע דיסטאַנץ, וועלן מיר פונדעסטוועגן זיך נאָך אַלץ פאָר־שטעלן אַז די זון איז צו אונדז נאָענט.

וואָרום מיר שטעלן זיך פאָר די זון אַזוי נאָענט צו אונדז, נישט דערפאַר וואָס מיר ווייסן נישט איר אמתע דיסטאַנץ, נאָר דערפאַר ווייל דער גייסט באַנעמט די גרייס פון דער זון אויף אַזוי פיל נאָר ווי דער קערפּער ווערט דורך איר אַפעקטירט. אָט אַזוי איז עס אויך, ווען די שטראַלן פון דער זון פאַלן אויף דער אייבערפלאַך פונעם וואָסער און ווערן רעפלעקטירט אין אונדזערע אויגן, שטעלן מיר זיך פאָר ווי די זון וואָלט געווען אינעם וואָסער, כאָטש ס'איז אונדז באַקאַנט איר ריכטיקע פּאָזיציע. און פונקט אָט אַזוי איז אויך מיט די איבעריקע פאָרשטעלונגען, דורך וועלכע דער גייסט ווערט אָפּגענאַרט, סיי ווען זיי ווייזן אָן אויפן נאַטירלעכן צושטאַנד פונעם קערפּער, אָדער אויף דער פאַרמערונג אָדער פאַרמינערונג פון זיין קראַפט צו אַקטיווקייט, זענען זיי נישט אַנטקעגנ־געשטעלט דעם אמת, און פאַרשווינדן אויך נישט דורך זיין בייזייענדיקייט.

טרעפט אַמאָל ווען אונדזער שרעק פאַר אַ צרה זאָל זיין אַ פאַלשע, וועט אָט די שרעק פאַרשווינדן, ווי נאָר מיר וועלן זיך דערוויסן דעם אמת. ס'טרעפט אָבער אויך דאָס פאַרקערטע, אַז בעת מיר שרעקן זיך פאַר אַ צרה וואָס וועט זיכער קומען זאָל אונדזער שרעק פאַרשווינדן, ווען די נייעס וואָס מיר קריגן איז אַ פאַלשע. אָט אַזוי פאַרשווינדן נישט קיין פאָרשטעלונגען דורכן בייזיין פונעם אמת, אויף וויפיל דאָס איז דער אמת, נאָר דערפאַר וואָס אַנדערע פאָרשטעלונגען, שטאַרקערע פון זיי, קומען אַריין און שליסן אויס די איצטיקע עקזיסטענץ פון דעם וועלכס מיר שטעלן זיך פאָר.

## וועגן דער באַגרענעצטער מאַכט פונעם מענטשן

מיר זענען פּאַסיוו אויף אַזוי פיל נאָר ווי מיר זענען אַ טייל פון דער נאַטור, וואָס קאָן נישט באַנומען ווערן אָן די אַנדערע טיילן.

די קראַפט מיט וועלכער דער מענטש האַלט אָן זיין עקזיסטענץ, איז באַגרענעצט, און ווערט אומענדלעך איבערגעשטיגן דורך דער קראַפט פון אויסערלעכע סיבות.

ס'איז אוממעגלעך אַז דער מענטש זאָל נישט זיין קיין טייל פון דער נאַטור, און ער קאָן אויך נישט אַדורכמאַכן קיין שום אַנדערע פאַר־ענדערונגען, ווי נאָר יענע, וועלכע קאָנען בלויז פאַרשטאַנען ווערן דורך זיין נאַטור ווי זייער אַדעקוואַטע סיבה.

דערפון איז געדרונגען, אַז דער מענטש איז תמיד נויטווענדיק אונטערגעוואָרפן צו ליידנשאַפטן, אַז ער ווערט געשלעפּט נאָך דער אַל־געמיינער אָרדענונג אין דער נאַטור און ער געהאָרכט זי, און אַז ער פּאַסט זיך צו איר צו, אויף וויפיל ס'פאָדערט דאָס די נאַטור פון זאַכן.

## די מאַכט פון איין עמאָציע איבער דער אַנדערער

די קראַפט און פאַרגרעסערונג פון יעטווידער ליידנשאַפט און איר קלאַמערן זיך אין דער עקזיסטענץ, ווערן נישט דעפינירט דורך דער קראַפט מיט וועלכער מיר שטרעבן זיך אָנצוהאַלטן אין דער עקזיסטענץ, נאָר דורך דער קראַפט פון אַן אויסערלעכער סיבה, פאַרגליכן מיט אונדזער אייגענער קראַפט.

די קראַפט פון אַ וואָסער עס איז ליידנשאַפט אָדער עמאָציע קאָן אויף אַזוי פיל איבערשטייגן דעם מענטשנס אַנדערע אַקטיוויקייטן, אָדער זיין מאַכט, אַזוי אַז די עמאָציע זאָל זיך עקשנותדיק איינקלאַמערן אינעם מענטש.

אַן עמאָציע קאָן נישט אַנדערש צוריקגעהאַלטן אָדער צעשטערט

ווערן, סיידן נאָר דורך אַן אַנדער עמאָציע, וואָס איז איר אַנטקעגנגע־שטעלט און איז אַ שטאַרקערע פון איר.

אַן עמאָציע וועגן וועלכער מיר שטעלן זיך פאָר אַז די סיבה אירע געפינט זיך פאַר אונדז אין דער איצטיקער צייט, איז שטאַרקער ווי בעת מיר וואָלטן זיך פאָרגעשטעלט, אַז די סיבה אירע געפינט זיך איצט נישט פאַר אונדז.

מיר ווערן, ווי איך האָב שוין דאָ פריער געזאָגט (אין טייל 3), דורכן פאָרשטעלונגס־בילד פון אַ קומענדיקער אָדער פאַרגאַנגענער זאַך אַפעקטירט מיט דער זעלבער עמאָציע, אַזוי ווי די זאַך וואָס מיר שטעלן זיך פאָר וואָלט זיך געפונען אין דער איצטיקייט. דערביי האָב איך אויס־דריקלעך אָנגעוויזן דערויף, אַז אָט דאָס איז אמת אויף אַזוי פיל נאָר, ווי מיר האָבן אין אויג בלויז דאָס פאָרשטעלונגס־בילד פון דער זאַך, וואָרום די נאַטור פון אַ פאָרשטעלונגס־בילד בייט זיך נישט, צי מיר שטעלן זיך די זאַך יאָ פאָר אין דער איצטיקייט אָדער נישט. איך לייקן אָבער נישט, אַז דאָס פאָרשטעלונגס־בילד ווערט שוואַכער ווען מיר באַ־טראַכטן אַנדערע זאַכן ווי זיי וואָלטן זיך געפונען אין דער איצטיקייט, וועלכע שליסן אויס די איצטיקע עקזיסטענץ פון דער קומענדיקער זאַך.

דאָס פאָרשטעלונגס־בילד פון אַ קומענדיקער אָדער פאַרגאַנגענער זאַך, דאָס הייסט, פון אַ זאַך וואָס מיר באַטראַכטן זי אין פאַרבינדונג מיט דער קומענדיקער אָדער פאַרגאַנגענער צייט, אויסשליסנדיק די איצטיקע צייט, איז ביי גלייכע אומשטענדן שוואַכער ווי דאָס פאָרשטעלונגס־בילד פון עפּעס־וואָס, וואָס געפינט זיך פאַר אונדז איצט; במילא שוין איז די עמאָציע וואָס מ׳פילט צו אַ קומענדיקער אָדער פאַרגאַנגענער זאַך, ביי גלייכע אומשטענדן, ווינציקער אינטענסיוו ווי ס׳איז די עמאָציע וואָס מ׳פילט צו אַ זאַך וואָס געפינט זיך פאַר אונדז איצט.

צו אַ קומענדיקער זאַך, וועגן וועלכער מיר שטעלן זיך פאָר אַז אָט באַלד וועט זי זיין מיט אונדז, ווערן מיר אַפעקטירט מער אינטענסיוו, ווי מיר וואָלטן זיך פאָרגעשטעלט אַז די צייט פאַר איר עקזיסטענץ איז נאָך ווייט אָפּגערוקט פון דער איצטיקייט; און פונקט אַזוי ווערן מיר אַ סך

אינטענסיווער אַפעקטירט דורכן דערמאָנען זיך אין עפּעס, וואָס מיר שטעלן פאָר, אַז ס׳איז נישט לאַנג נאָך ווי ס׳איז פאַרגאַנגען, ווי בעת מיר שטעלן זיך פאָר אַז ס׳איז שוין לאַנג פאַרגאַנגען.

די עמאָציע צו דעם וואָס מיר שטעלן זיך פאָר ווי נויטווענדיק, איז, ביי גלייכע אומשטענדן, אַ סך מער אינטענסיוו ווי צו דעם וואָס איז מעגלעך, אָדער צופעליק, דאָס הייסט, נישט נויטווענדיק.

אַן עמאָציע צו אַ זאַך, וועגן וועלכער מיר ווייסן אַז זי עקזיסטירט נישט אין דער איצטיקער צייט און וועלכע מיר שטעלן זיך זי פאָר ווי אַ מעגלעכע, איז, ביי גלייכע אומשטענדן, מער אינטענסיוו ווי צו אַ צופעליקער זאַך.

אַן עמאָציע צו אַ זאַך, וועגן וועלכער מיר ווייסן אַז זי עקזיסטירט נישט אין דער איצטיקער צייט, און וועלכע מיר שטעלן זיך זי פאָר ווי אַ צופעליקע, איז אַ סך שוואַכער ווי בעת מיר וואָלטן זיך פאָרגעשטעלט אַז די זאַך געפינט זיך איצט פאַר אונדז.

די עמאָציע צו אַ צופעליקער זאַך, וועגן וועלכער מיר ווייסן אַז זי עקזיסטירט נישט אין דער איצטיקער צייט, איז, ביי גלייכע אומשטענדן, שוואַכער ווי די עמאָציע צו אַ פאַרגאַנגענער זאַך.

### די דערקענטעניש ווי אַן עמאָציע און איר אָנמאַכט

דאָס דערקענען דאָס גוטע אָדער דאָס שלעכטע איז נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר די עמאָציע פון פרייד אָדער טרויער, אויף וויפיל מיר זענען זיך באַוואוסט וועגן איר.

די אמתע דערקענטעניש פונעם גוטן און שלעכטן, אויף וויפיל זי איז אַן אמתע, קאָן נישט צוריקהאַלטן קיין עמאָציע, נאָר אויף וויפיל זי [די אמתע דערקענטעניש] ווערט באַטראַכט ווי אַן עמאָציע.

אַ באַגער וואָס קומט אויף אויס אַן אמתער דערקענטעניש פונעם גוטן

און שלעכטן, קאָן אונטערגעדריקט אָדער צוריקגעהאַלטן ווערן דורך אַ סך אַנדערע באַגערן, וועלכע קומען אויף אויס עמאָציעס דורך וועלכע מיר ווערן אַטאַקירט.

אַ באַגער וואָס קומט אויף אויס אַן אמתער דערקענטעניש פונעם גוטן און שלעכטן, איז אויף וויפיל אַט די דערקענטעניש באַציט זיך אויף דער קומענדיקער צייט, קאָן ער [אַט דער באַגער] גרינגער צוריקגעהאַלטן אָדער אונטערגעדריקט ווערן, ווי דער באַגער צו דעם וואָס איז איינגענעם אין איצטיקן מאָמענט.

אַ באַגער וואָס קומט אויף אויס אַן אמתער דערקענטעניש פונעם גוטן און שלעכטן, איז אויף וויפיל אַט די דערקענטעניש באַציט זיך אויף צופעליקע זאַכן, קאָן ער [אַט דער באַגער] אַ סך גרינגער צוריקגעהאַלטן ווערן ווי דער באַגער צו זאַכן וועלכע געפינען זיך איצט פאַר אונדז.

דערמיט, גלייב איך, האָב איך געוויזן די סיבה פאַרוואָס מענטשן ווערן מער באַוועגט דורך אַ מיינונג ווי דורך אמתן פאַרשטאַנד, און פאַרוואָס די אמתע דערקענטעניש פונעם גוטן און שלעכטן רופט אַרויס קאָנפליקטן אינעם גייסט, און ער גיט זיך אָפט אונטער צו יעדן מין ליידנשאַפטן. אַט דערפון אַפּנים שטאַמען עס אָפּ דעם פּאָעטס ווערטער:

„איך זוך דאָס בעסערע און באַגיטיק עס,
נאָכן ערגערן אָבער גיי איך נאָך.״

(אָוויד, גרויסער רוימישער פּאָעט מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק, אין זיין „מעטאַמאָרפאָזן״, בוך 7, פערזן 20—21).

אויך קהלת האָט, ווייזט אויס, אין זינען געהאַט דאָס זעלבע, ווען ער האָט געזאָגט: „ווער ס׳מערט זיין וויסן, דער מערט אויך זיין שמערץ (ויוסיף דעת יוסיף מכאוב״, קהלת, קאַפּיטל 1, פערז 18). איך האָב דאָס נישט געשריבן מיטן ציל כדי צו מאַכן דערפון דעם אויספיר, אַז איגנאָ־ראַנץ איז אַ סך בעסער ווי וויסן, אָדער אַז ס׳איז נישט פאַראַן קיין שום חילוק צווישן אַ פאַרשטענדיקן מענטש און דעם נאַרישן ווען ס׳קומט

צום איינצוזימען די עמאָציעס, נאָר דערפאַר ווייל ס׳איז פּונקט אַזוי נייטיק צו קענען די מאַכט ווי די אָנמאַכט פון אונדזער נאַטור, כּדי צו קאָנען באַשטימען וואָס דער שׂכל קאָן יאָ טון אויף איינצוצוימען די עמאָציעס און וואָס ער איז נישט בכּוח צו טון. אין אָט דעם טייל וועל איך מיך, ווי געזאָגט, אָפּגעבן מיטן מענטשנס אָנמאַכט בלויז. וועגן דער מאַכט ווידער פונעם שׂכל איבער די עמאָציעס, וועל איך מיך פאַרנעמען באַזונדער.

אַ באַגער וואָס קומט אויף אויס פריידיק איז, ביי גלייכע אומשטענדן, שטאַרקער ווי דער באַגער וואָס קומט אויף אויס טרויער.

## דער דיקטאַט פונעם שׂכל

דערמיט האָב איך דערקלערט אין קורצן די סיבות פון דער מענטש־לעכער אָנמאַכט און נישט געזעצטקייט, און פאַרוואָס מענטשן פאָלגן נישט אויס די אָנווייזונגען פונעם שׂכל. ס׳בלייבט איצט פאַר מיר איבער צו ווייזן דעם וועג וועלכן דער שׂכל צייכנט פאַר אונדז אָן, און וועלכע ס׳זענען די עמאָציעס וואָס שטימען זיך צונויף מיט די געזעצן פונעם שׂכל און יענע וועלכע זענען קעגן דעם שׂכל. איידער אָבער איך הייב דאָס אָן אויס־פירלעך צו באַווייזן אויף מיין געאָמעטרישן אופן, וויל איך דאָ פריער אין קורצן אויסלייגן די דיקטאַטן פונעם שׂכל, כּדי ס׳זאָל פאַר איטלעך איינעם גרינג זיין צו פאַרנעמען וואָס איך מיין.

אַזוי ווי דער שׂכל פאָדערט גאָרנישט אַזוינס וואָס איז קעגן דער נאַטור, פאָדערט ער דעריבער, אַז יעדער מענטש זאָל זיך ליב האָבן, זאָל זוכן דאָס וואָס איז פאַר אים ניצלעך — איך מיין דאָס וואָס איז פאַר אים באמת ניצלעך — און ער זאָל באַגערן אַלץ דאָס וואָס פירט דעם מענטש צו אַ גרעסערער פּערפעקטקייט, און ס׳זאָל יעדער איינער, בכלל גענומען, אויף וויפיל נאָר ס׳איז אין אים געווענדט, שטרעבן צו פּרעזערווירן זיין אייגענעם זיין. אָט דאָס איז אַזוי נויטווענדיק אמת, ווי דאָס, אַז דאָס גאַנצע איז גרעסער ווי דער טייל זיינער.

ווייטער, אַזוי ווי טוגנד (גוטע מידות) איז נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר צו האַנדלען לויט די געזעצן פון דער אייגענער נאַטור, און אַזוי

ווי יעדער איינער שטרעבט צו פּרעזערווירן זיין אייגענעם זיין, אויך לויט די געזעצן פון זיין אייגענער נאַטור, איז דערפון געדרונגען: ערשטנס, אַז דער יסוד פאַר דער טוגנד איז דאָס שטרעבן צו פּרעזערווירן דעם אייגענעם זיין; צווייטנס, אַז צו טוגנד דאַרף מען שטרעבן צוליב דער טוגנד אַליין, און אַז ס׳איז נישטאָ נאָך עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל פאַר אונדז זיין טייערער אָדער ניצלעכער, וואָס מיר זאָלן צו אָט דעם מוזן שטרעבן; דריטנס, איז געדרונגען, אַז זעלבסטמערדער זענען שוואַכזיניק, און ווערן אין גאַנצן איבערגעוועלטיקט דורך אויסערלעכע סיבות, וואָס זענען אַנט־קעגנגעשטעלט זייער נאַטור.

ווידער איז געדרונגען, דאָס מיר קאָנען קיינמאָל נישט אויספירן, אַז פאַר דער פּרעזערווירונג פון אונדזער זיין, זאָלן מיר זיך קאָנען באַגיין אָן די אַלע זאַכן וואָס מיר אַליין האָבן זיי נישט, אַזוי אַז מיר זאָלן נישט דאַרפן קומען אין באַרירונג מיט זאַכן וואָס זענען דרויסן פון אונדז. און ווען מיר נעמען דערצו נאָך אין באַטראַכט אונדזער גייסט, זעען מיר אַז אונדזער אינטעלעקט וואָלט זיכער געווען ווינציקער פּערפעקט אויב דער גייסט וואָלט געווען נאָר מיט זיך אַליין, און וואָלט אַחוץ זיך אַליין נישט פאַרשטאַנען גאָרנישט. פאַראַן בכן גאָר אַ סך זאַכן דרויסן פון אונדז אַליין, וואָס זענען פאַר אונדז ניצלעך, וועלכע מיר דאַרפן דעריבער באַגערן. צווישן אָט די זאַכן [וועלכע מיר דאַרפן באַגערן] קאָנען גאָר קיין בעסערע נישט זיין ווי יענע וואָס שטימען אין גאַנצן זיך צונויף מיט אונדזער נאַטור. וואָרום אויב, למשל, צוויי אינדיווידן פון דער זעלבער נאַטור פאַרבינדן זיך צווישן זיך, שטעלן זיי מיט זיך צונויף אַ טאָפּלט שטאַרקערע קראַפט ווי יעדער איינער פון זיי באַזונדער.

ס׳איז פאַרן מענטש, דעריבער, נישטאָ גאָרנישט אַזוינס, וואָס זאָל אים זיין מער ניצלעך ווי דער מענטש — גאָרנישט, זאָג איך, קאָנען מענטשן, פאַר דער פּרעזערווירונג פון זייער זיין, קיין מער ווערטפולס זיך ווינטשן ווי דאָס, אַז אַלע זאָלן אַזוי צונויפשטימען צווישן זיך מיט אַלצ־דינג, אַז ביי אַלע אינאיינעם זאָלן די גייסטער און קערפּערס זיך אַזוי אויספורעמען, ווי זיי וואָלטן געווען אַלע איין איינציקער גייסט און איין איינציקער קערפּער, און אַז אַלע זאָלן מיט איין דעה שטרעבן, אויף

וויפיל ס'איז נאָר מעגלעך, צו פּרעזערווירן זייער זייך, און אַלע זאָלן אין דער אייגענער צייט זוכן דאָס וואָס איז ניצלעך פאַר אַלעמען. איז דערפון געדרונגען, אַז מענטשן וואָס לאָזן זיך פירן פונעם שכל, דאָס הייסט, מענטשן וועלכע זוכן דאָס וואָס איז פאַר זיי ניצלעך לויט דער אָנווייזונג פונעם שכל, גלוסטן נישט פאַר זיך גאָרנישט אַזוינס, וואָס זיי באַגערן נישט אויך פאַר אַלע אַנדערע מענטשן, און זענען דאַדורך אין זייער אויפפיר, במילא שוין גערעכט, ערלעך און ערנהאַפטיק.

אָט דאָס זענען די דיקטאַטן פונעם שכל, אויף וועלכע איך האָב דאָ געוואָלט בקיצור אָנדייטן, איידער איך הייב זיי אָן צו באַווייזן מער אויספירלעך, לויט זייער סדר נאָך. געטון האָב איך עס דערפאַר, כדי, אויב מעגלעך, צו געווינען די ערנסטע באַטראַכטונג פון יענע, וואָס גלייבן אַז דער פּרינציפּ לויט וועלכן יעדער איינער איז מחויב צו זוכן דאָס וואָס איז פאַר אים ניצלעך, איז נישט דער פונדאַמענט פון דער טוגנד און מאָראַלישקייט, נאָר פון אוממאָראַלישקייט. נאָך דעם ווי איך האָב דאָ געוויזן בקיצור אַז די זאַך איז גאָר פונקט פאַרקערט, וועל איך ווייטער אָנגיין מיטן דערווייזן דאָס וואָס איך האָב דאָ געזאָגט, אויפן זעלבן אופן ווי ביז אַהער.

### דאָס שטרעבן זיך צו פּרעזערווירן ווי אַ טוגנד

יעדער מענטש באַגערט נויטווענדיק, לויט די געזעצן פון זיין נאַטור, דאָס וואָס ער האַלט פאַר גוט, אָדער קערט זיך אָפּ פון דעם וואָס ער האַלט פאַר שלעכט.

וואָס מערער יעדער איינער שטרעבט און איז בכוח צו זוכן דאָס וואָס איז פאַר אים ניצלעך, דאָס הייסט, צו פּרעזערווירן זיין אייגענעם זייך, אַלץ מערער איז ער באַשענקט מיט טוגנד (גוטע מידות); און פאַר־קערט ווידער, אויף וויפיל אַ מענטש לאָזט אָדורך צו זוכן דאָס וואָס איז פאַר אים ניצלעך, דאָס הייסט, צו פּרעזערווירן זיין אייגענעם זייך, אויף אָט אַזוי פיל איז ער אָנמעכטיק.

אָט דערפאַר לאָזט קיינער נישט אַדורך צו זוכן זיין אייגענע טובה,

אָדער צו פּרעזערווירן זיין אייגענעם זיין, סיידן ער ווערט איבערגעמעכ־טיקט דורך אויסערלעכע סיבות וואָס זענען אַנטקעגנגעשטעלט זיין נאַטור. קיינער, זאָג איך, קערט זיך נישט אָפּ פון קיין שפּייז אָדער נעמט זיך דאָס לעבן, אויס דער נויטווענדיקייט פון זיין אייגענער נאַטור, סיידן נאָר דעמאָלט ווען ער איז דערצו געצוואונגען דורך אויסערלעכע סיבות. דאָס דאָזיקע קאָן פּאַרקומען אויף פילערליי אופנים.

אַ מענטש מאַכט זיך אַליין דעם טויט, ווייל אַן אַנדערער האָט אים דערצו געצוואונגען, ווען ער האָט אים אַרומגעדרייט זיין רעכטע האַנט אין וועלכער ער האָט צופעליק געהאַלטן אַ שווערד, און אים גענייט אַריינצוזורקן איר שאַרף אין זיין אייגענעם האַרץ אַריין; אָדער ער ווערט, ווי סענעקאַ, דורכן באַפעל פון אַ טיראַן, געצוואונגען זיך צו עפענען די אָדערן, דאָס הייסט, צו באַגעגענען אַ קלענערע צרה כדי צו פאַרמיידן אַ גרעסערע; אָדער, צום לעצט, פאַרהוילענע אויסערלעכע סיבות קאָנען אַזוי צערודערן זיין פאַרשטעלונגס־קראַפט, און אַזוי אַפעקטירן זיין קער־פּער, אַז ער זאָל אָננעמען אַן אַנדער נאַטור, אַן אַנטקעגנגעשטעלטע צו זיין אייגענער, פריערדיקער נאַטור, וועגן וועלכן ס׳קאָן אינעם גייסט קיין שום אידעיע נישט זיין.

אָבער אַז אַ מענטש זאָל אויס דער נויטווענדיקייט פון זיין נאַטור שטרעבן נישט צו עקזיסטירן, אָדער זיך צו פאַרוואַנדלען אין אַן אַנדער פאָרם, איז פּונקט אַזוי אוממעגלעך ווי דאָס, אַז פון גאָרנישט זאָל ווערן עפּעס, ווי יעדער איינער קאָן דאָס איינזען אַריינטראַכטנדיק זיך אַ ביסל אין דעם.

קיינער קאָן נישט באַגערן צו זיין גליקלעך, צו טון גוטס און צו לעבן גוט, ער זאָל אויך גלייכצייטיק נישט באַגערן צו זיין, צו זיין אַקטיוו, און צו לעבן, דאָס הייסט, צו עקזיסטירן אַקטועל.

קיין שום טוגנד קאָן נישט באַנומען ווערן פאַר אָט דעם שטרעבן צו פּרעזערווירן דעם אייגענעם זיין.

דאָס שטרעבן זיך אַליין צו פּרעזערווירן איז דער ערשטער און איינציקער פונדאַמענט פון דער טוגנד. וואָרום גאָרנישט קאָן פריער פאַר

אַט דעם פּרינציפּ באַנומען ווערן, און אַן אַט דעם פּרינציפּ קאָן קיין שום טוגנד נישט זיין.

אויף וויפיל אַ מענטש ווערט דעטערמינירט אַקטיוו צו זיין, צו האַנדלען, דורך דעם וואָס ער האָט אינאַדעקוואַטע אידעיען, קאָן וועגן אים נישט געזאָגט ווערן מיט אַבסאָלוטקייט אַז ער האַנדלט אויס טוגנד. אַט אַזוי קאָן ער באַצייכנט ווערן נאָר אויף וויפיל ער ווערט דעטערמינירט צו האַנדלען דורך דעם וואָס ער פאַרשטייט.

צו האַנדלען אַבסאָלוט אויס טוגנד, איז נישט עפּעס אַנדערש ווי צו האַנדלען לויט די געזעצן פון דער אייגענער נאַטור. מיר האַנדלען אָבער אויף אַזוי פיל נאָר ווי מיר פאַרשטיין. צו האַנדלען דעריבער אויס טוגנד איז איך אונדז נישט עפּעס אַנדערש ווי אַקטיוו צו זיין, צו לעבן און צו פּרעזערווירן אונדזער זיין, אויפן יסוד פונעם זוכן דאָס וואָס איז פאַר אונדז ניצלעך.

צו האַנדלען אַבסאָלוט אויס טוגנד, איז נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר לויטן דיקטאַט פונעם שכל אַקטיוו צו זיין, צו לעבן און צו פּרעזערווירן דעם אייגענעם זיין (די אַלע דריי זאַכן מיינען איינס און דאָס זעלבע), אויפן יסוד פונעם זוכן דאָס וואָס איז פאַר אונדז ניצלעך.

קיין שום מענטש שטרעבט נישט צו פּרעזערווירן זיין אייגענעם זיין צוליב אַ וואָסער עס איז אַנדער זאַך.

איטלעכס שטרעבן וואָס קומט דורכן שכל, פירט נישט צו עפּעס אַנדערש ווי נאָר צום פאַרשטיין, און אויף וויפיל דער גייסט באַנוצט זיך מיטן שכל, זעט ער איין, אַז ס׳איז פאַר אים קיין שום זאַך נישט אַזוי ניצלעך ווי דאָס וואָס פירט צו פאַרשטענדעניש.

אַזוי ווי אַט דאָס שטרעבן פונעם גייסט, אויף וויפיל ער דענקט שכלדיק, דורך וועלכן ער שטרענגט זיך אָן צו פּרעזערווירן זיין אייגענעם זיין, איז נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר די שטרעבונג צו פאַרשטיין, איז דערפון געדרונגען, אַז אַט דאָס שטרעבן צו פאַרשטיין איז דער ערשטער

און איינציקער יסוד פון דער טוגנד. מיר שטרעבן אויך נישט צו עפּעס־וואָס צוליב אַ וואָסערן עס איז צוועק, נאָר פאַרקערט, אויף וויפיל דער גייסט דענקט שכלדיק, קאָן ער נישט באַנעמען קיין שום אַנדער גוטס פאַר זיך, ווי נאָר דאָס וואָס פירט צום פאַרשטייען.

מיר ווייסן וועגן גאָר נישט אַזוינס וואָס זאָל זיין זיכער גוט אָדער שלעכט, סיידן נאָר יענע זאַכן וואָס פירן באמת צום פאַרשטייען, אָדער יענע וואָס זענען בכוח אונדז צוריקצוהאַלטן פונעם פאַרשטייען.

דאָס העכסטע גוטס איז די דערקענטעניש פון גאָט, און די העכסטע טוגנד פונעם גייסט איז צו קענען גאָט.

## גוט איז דאָס וואָס האַרמאָנירט מיט אונדז

יעטווידע אינדיווידועלע זאַך וואָס איר נאַטור איז גאָר אין גאַנצן פאַרשידן פון אונדזער נאַטור, קאָן אי נישט אַרויסהעלפן און אויך נישט צוריקהאַלטן אונדזער קראַפט צו אַקטיווקייט, און ס'קאָן אַבסאָלוט קיין שום זאַך פאַר אונדז נישט גוט זיין אָדער שלעכט זיין, סיידן נאָר ווען זי פאַרמאָגט עפּעס־וואָס געמיינשאַפטלעכס מיט אונדז.

קיין שום זאַך קאָן פאַר אונדז נישט שלעכט זיין דורך דעם וואָס זי האָט געמיינשאַפטלעכס מיט אונדזער נאַטור, נאָר אויף אַזוי פיל ווי זי איז פאַר אונדז שלעכט איז זי אונדז אַנטקעגנגעשטעלט.

אויף וויפיל אַ וואָסער עס איז זאַך שטימט זיך צונויף מיט אונדזער נאַטור, האַרמאָנירט מיט אונדז, אויף אַט אַזוי פיל איז זי נויטווענדיק גוט.
איז דערפון געדרונגען, אַז וואָס מערער אַ זאַך שטימט זיך צונויף מיט אונדזער נאַטור, אַלץ מערער איז זי פאַר אונדז ניצלעך, אָדער אַלץ מערער איז זי פאַר אונדז גוט, און אויך פאַרקערט, וואָס מערער אַ זאַך איז פאַר אונדז ניצלעך, אַלץ מערער שטימט זי זיך צונויף מיט אונדזער נאַטור. וואָרום אויף וויפיל זי שטימט זיך נישט צונויף מיט אונדזער נאַטור איז זי נויטווענדיק פאַרשידן פון אונדזער נאַטור אָדער איז איר אַנטקעגנגע־

שטעלט. איז אויב זי איז פֿאַרשידן פֿון אונדזער נאַטור, קאָן זי דאָך נישט אַנטווערן גוט זיין אָדער שלעכט זיין, אויב אָבער זי איז איר אַנטקעגנגע־שטעלט, וועט זי דאָך אויך זיין אַנטקעגנגעשטעלט צו דעם וואָס שטימט זיך צונויף מיט אונדזער נאַטור, דאָס הייסט, זי וועט זיין אַנטקעגנגעשטעלט דעם גוטן — וואָס עס מיינט, זי וועט שלעכט זיין. קיין זאַך קאָן דעריבער נישט זיין גוט, סיידן נאָר אויף וויפֿיל זי שטימט זיך צונויף מיט אונדזער נאַטור, און אַט דערפֿאַר איז וואָס מערער אַ זאַך שטימט זיך צונויף, האַר־מאָנירט מיט אונדזער נאַטור, אַלץ ניצלעכער איז זי פֿאַר אונדז, און אַט אַזוי אויך פֿאַרקערט.

אויף וויפֿיל מענטשן זענען אונטערגעוואָרפֿן צו אַזוינע עמאָציעס וואָס זענען ליידנשאַפֿטן, קאָן מען וועגן זיי נישט זאָגן, אַז זיי שטימען זיך צונויף, לויט זייער נאַטור נאָך, איינער מיטן אַנדערן.

אָט דאָס איז באַשיינפּערלעך קלאָר. וואָרום ווער ס'זאָגט, אַז ווייס און שוואַרץ שטימען צווישן זיך צונויף בלויז דערמיט וואָס ביידע זענען זיי נישט רויט, אַפּירמירט ער אַבסאָלוט אַז ווייס און שוואַרץ שטימען צווישן זיך צונויף אין קיין שום זאַך נישט. ס'איז פּונקט אַזוי ווי ס'זאָל עמעצער זאָגן, אַז שטיין און מענטש שטימען צווישן זיך צונויף בלויז דערמיט, וואָס ביידע עקזיסטירן זיי אַ באַגרענעצטע צייט, אַז זיי זענען אָנמעכטיק, אָדער אַז זיי עקזיסטירן נישט דורך דער נויטווענדיקייט פֿון זייער אייגענער נאַטור, אָדער צום לעצט, דערמיט וואָס זיי ווערן אומענד־לעך איבערגעשטיגן דורך דער קראַפֿט פֿון אויסערלעכע סיבות, אַפּירמירט ער דערמיט, אַז שטיין און מענטש שטימען צווישן זיך אַבסאָלוט מיט קיין שום זאַך נישט צונויף. וואָרום זאַכן וואָס שטימען צווישן זיך צונויף אין נעגאַציע בלויז, צי אין דעם וואָס זיי האָבן נישט, שטימען צווישן זיך באמת מיט קיין שום זאַך נישט צונויף.

מענטשן קאָנען לויט זייער נאַטור נאָך זיין פֿאַרשידן איינער פֿונעם אַנדערן, אויף וויפֿיל זיי ווערן אַטאַקירט דורך אַזוינע עמאָציעס וואָס זענען ליידנשאַפֿטן [אָדער פּאַסיווע צושטאַנדן]; דערצו קאָן אויך אויף

אַט אַזוי פיל איין און דער זעלבער מענטש [וועלכער ווערט אַטאַקירט דורך ליידנשאַפטן] זיך האַלטן אין איין ענדערן און זיין נישט־סטאַביל.

אויף וויפיל מענטשן ווערן אַטאַקירט דורך עמאָציעס וואָס זענען ליידנשאַפטן, קאָנען זיי זיין אַנטקעגנגעשטעלט איינער דעם אַנדערן.

אַ מענטש, לאָמיר זאָגן, פּעטער, קאָן זיי די סיבה פאַר דעם וואָס פּאַול איז טרויעריק, אויף וויפיל ער האָט אַ געוויסע ענלעכקייט צו אַ זאַך וואָס פּאַול האַסט, צי איבער דעם וואָס פּעטער באַזיצט אַליין עפּעס אַ זאַך וועלכע אויך פּאַול האָט זי ליב, אָדער צוליב אַנדערע סיבות, און דעריבער וועט פּאַול האַסן פּעטערן. און איבער דעם קאָן גאַנץ מעגלעך טרעפן, אַז פּעטער זאָל צוריק האַסן פּאַולן, און זיי וועלן דעריבער איצט שטרעבן צו ברענגען שלעכטס איינער אויפן אַנדערן. און אַזוי ווי די עמאָציע פון טרויער איז תמיד אַ ליידנשאַפט [אָדער אַ פּאַסיווער צושטאַנד], קאָנען דעריבער מענטשן, אויף וויפיל זיי ווערן אַטאַקירט דורך עמאָציעס וועלכע זענען ליידנשאַפטן, זיין אַנטקעגנגעשטעלט איינער דעם אַנדערן.

אויף וויפיל מענטשן לעבן נאָר לויט דער אָנפירונג נאָך פונעם שכל, אויף אַט אַזוי פיל שטימען זיי צווישן זיך נויטווענדיק תמיד צונויף איינער מיטן אַנדערן אין זייער נאַטור.

נישטאָ אין דער נאַטור קיין שום אינדיווידועלע זאַך, וואָס זאָל פאַר אַ מענטשן זיין מער ניצלעך ווי אַ מענטש וואָס לעבט לויט דער אָנפירונג נאָך פונעם שכל. וואָרום פאַרן מענטש איז צום ניצלעכסטן דאָס וואָס שטימט צום מיינסטן זיך צונויף מיט זיין נאַטור, דאָס הייסט (ווי ס'איז פאַרשטענדלעך פון זיך אַליין), דער מענטש. אָבער דער מענטש האַנדלט נאָר דעמאָלט אַבסאָלוט לויט די געזעצן פון זיין נאַטור ווען ער לעבט לויט דער אָנפירונג נאָך פונעם שכל, און אויף אַט אַזוי פיל נאָר שטימט ער תמיד נויטווענדיק זיך צונויף מיט דער נאַטור פון אַן אַנדער מענטש. דעריבער איז צווישן אינדיווידועלע זאַכן קיין שום זאַך נישט מער ניצלעך פאַרן מענטשן, ווי אַ מענטש וואָס לעבט לויט דער אָנפירונג נאָך פונעם שכל.

## דער מענטש איז דעם מענטשן אַ גאָט

ווען יעדער מענטש זוכט דאָס וואָס איז פאַר אים ניצלעך צום מיינסטן, זענען דעמאָלט מענטשן זיך איינער דעם אַנדערן ניצלעך צום מיינסטן. וואָרום וואָס מערער אַ מענטש זוכט דאָס וואָס איז פאַר אים ניצלעך און שטרעבט זיך צו פּרעזערווירן, אַלץ מערער איז ער באַשענקט מיט טוגנד, אָדער וואָס איז דאָס זעלבע, אַלץ מערער איז ער באַשענקט מיט קראַפט צו האַנדלען לויט די געזעצן פון זיין נאַטור, דאָס הייסט, צו לעבן לויט דער אָנפירונג נאָך פונעם שכל. אָבער אַזוי ווי מענטשן שטימען מיינסטנס זיך צונויף אין זייער נאַטור דעמאָלט ווען זיי לעבן לויט דער אָנפירונג נאָך פונעם שכל, וועלן זיי דעריבער זיך איינער דעם אַנדערן אַלץ מערער ניצלעך זיין, דעמאָלט ווען איטלעך איינער וועט צום מיינסטן זוכן דאָס וואָס איז פאַר אים ניצלעך.

דאָס וואָס איך האָב דאָ איצט אָנגעוויזן ווערט אויך באַשטעטיקט אין דער טאָג־טעגלעכער דערפאַרונג דורך אַזוי פיל שלאָגנדיקע באַווייזן, אַז ס׳איז כמעט ביי יעדן אין מויל דאָס ווערטל: „דער מענטש איז דעם מענטשן אַ גאָט.“ דאָך אָבער טרעפט עס זעלטן אַז מענטשן זאָלן לעבן לויט דער אָנפירונג נאָך פונעם שכל, מחמת זאַכן זענען אַזוי איינגעשטעלט צווישן זיי, אַז ווי אַ כלל זענען זיי זיך מקנא און איינער איז דעם אַנדערן אַ לאַסט. דאָך אָבער קאָנען זיי כמעט קיינער נישט איבערטראָגן אַן איינזאַם לעבן, אַזוי אַז יענע דעפיניציע, אַז דער מענטש איז אַ סאָציאַלער בעל־חי, האָט ביי די מיינסטע מענטשן שטאַרק אויסגענומען. און אין דער אמתן קריגן מענטשן אַרויס פונעם סאָציאַלן צוזאַמענלעבן אַ סך מער גוטס ווי שאָדן. מעגן סאַטיריקער אויסלאַכן מענטשלעכע אָנגעלעגנהייטן וויפיל נאָר זייער האַרץ גלוסט, מעגן טעאָלאָגן זידלען, מעגן מעלאַנכאָליקער לויבן וויפיל נאָר זיי קאָנען דאָס אומקולטורעלע, אָפּגעשטאַנענע דאָרפישע לעבן, מעגן זיי מענטשן פאַראַכטן און חיות באַוואונדערן, איז נאָך אָט דעם אַלעמען וועלן זיי פונדעסטוועגן דאָך געפינען, אַז דורך געבן הילף איינער דעם אַנדערן קאָנען מענטשן אַ סך גרינגער זיך איינשאַפן זייערע באַדערפענישן, און אַז נאָר מיט פאַראייניקטע כוחות קאָנען זיי פאַרמיידן די געפאַרן וואָס

לויערן אויף זיי פון אַלע זייטן. שוין אָפּגערעדט דערפון אויף וויפיל חשובער און כדאי ס׳איז פאַר אונדזער דערקענטעניש צו שטודירן די מעשים פון מענטשן ווי פון ווילדע חיות. מער אויספירלעך אָבער וועגן אָט דעם אויף אַן אַנדער אָרט.

דאָס העכסטע גוטס פון יענע וואָס גייען אויפן וועג פון טוגנד איז געמיינשאַפטלעך פאַר אַלעמען, דאָס הייסט, אַלע מענטשן האָבן דערין אַ גלייכן חלק, און אַלע קאָנען דעריבער דערפון גלייך געניסן.

אויב ס׳זאָל ווער פרעגן: ווי וואָלט געווען, ווען דאָס העכסטע גוטס פון יענע וואָס גייען אויפן וועג פון טוגנד וואָלט נישט געווען געמיינ־שאַפטלעך פאַר אַלעמען? וואָלט דערפון זיך דען נישט אַרויסגעדרונגען, ווי דאָ פריער געזאָגט, אַז מענטשן וואָס לעבן לויט דער אָנפירונג נאָך פונעם שכל, דאָס הייסט, אויף וויפל זיי שטימען צווישן זיך צונויף אין דער נאַטור, זאָלן זיין אַנטקעגנגעשטעלט איינער דעם אַנדערן? איז דער ענטפער פאַר אים, אַז נישט דורך צופאַל, נאָר אויס דער סאַמע נאַטור פונעם שכל דרינגט אַרויס, אַז דעם מענטשנס העכסטע גוטס איז געמיינשאַפטלעך פאַר אַלעמען, דערפאַר ווייל אָט דאָס ווערט דעדוצירט, דרינגט זיך אַרויס, אויס דער סאַמע עסענץ פונעם מענטשן, אויף וויפיל זי [די עסענץ] ווערט דעפינירט דורכן שכל; און ווייל דער מענטש וואָלט אי נישט געקאָנט זיין און אי נישט באַנומען ווערן, ווען ער וואָלט נישט געהאַט די קראַפט צו געניסן פון אָט דעם העכסטן גוטס. וואָרום ס׳געהערט צו דער עסענץ פונעם מענטשלעכן גייסט צו האָבן אַן אַדעקוואַטע דערקענטעניש פון גאָטס איי־ביקער און אומענדלעכער עסענץ.

דאָס גוטע וואָס יעדער איינער וועלכער גייט אויפן וועג פון טוגנד באַגערט פאַר זיך, וועט ער עס אויך באַגערן פאַר אַנדערע מענטשן, און דאָס אַלץ מערער, וואָס גרעסער ס׳איז די דערקענטעניש וועגן גאָט וואָס ער האָט.

## שׂכל און טוגנד

דער וואָס שטרעבט, אויס אַן עמאָציע בלויז, צו דעם אַז אַנדערע זאָלן ליב האָבן דאָס וואָס ער אַליין האָט ליב, און אַז די רעשט מענטשן זאָלן לעבן לויט זיין גוסט נאָך, האַנדלט ער דורך אַן אימפּולס בלויז, און מאַכט זיך דאַדורך פֿאַרהאַסט, באַזונדערס ביי יענע וואָס ס׳געפֿעלט זיי גאָר עפּעס אַנדערש, און וועלכע באַמיען זיך אויך פֿון זייער זייט און שטרעבן דערצו, דורך פּונקט אַט אַזאַ אימפּולס, אַז אויך אַנדערע זאָלן לעבן לויט זייער גוסט נאָך.

אַזוי ווי דאָס העכסטע גוטס וואָס מענטשן זוכן אונטער דער אָנ־פירונג פֿון אַן עמאָציע, איז אָפֿט אַזאַ גוטס וואָס נאָר איינער קאָן עס באַזיצן, קומט דעריבער אויס, אַז די וואָס האָבן עס ליב זענען נישט אויסגעהאַלטן אין זייערע צילן. וואָרום בעת ס׳פֿאַרשאַפֿט זיי פֿרייד צו דערציילן גאַנצע גליקן וועגן דער זאַך וואָס זיי האָבן ליב, שרעקן זיי זיך אָבער טאָמער וועט מען זיי טאַקע גלייבן. דער אָבער וואָס שטרעבט צו פֿירן מענטשן אויפֿן וועג פֿון שׂכל, טוט ער עס נישט דורך אַן אימפּולס נאָר מיט פֿריינדלעכקייט און מילדקייט, און איז אין זיינע צילן שטענדיק אויסגעהאַלטן.

ווייטער, אַלץ דאָס וואָס מיר באַגערן און טון, פֿון וועלכן מיר זענען די סיבה, אויף וויפֿיל מיר האָבן די אידעיע וועגן גאָט, אָדער אויף וויפֿיל מיר דערקענען גאָט, רעכן איך צו צו רעליגיע. דעם באַגער אָבער צו טון גוטס אַנדערע, וואָס קומט אין אונדז אויף דורך דעם וואָס מיר לעבן לויט דער אָנפֿירונג נאָך פֿונעם שׂכל, רוף איך אָן מאָראַלישקייט. דעם באַגער ווידער, וועלכער באַוועגט אַ מענטשן וואָס לעבט לויט דער אָנפֿירונג נאָך פֿונעם שׂכל, צו פֿאַרבינדן זיך אין פֿריינטשאַפֿט מיט אַנדערע מענטשן, רוף איך אָן ערנהאַפֿטיקייט. מיט ערנהאַפֿטיקייט מיין איך דאָס וואָס ווערט געלויבט דורך מענטשן וואָס לעבן לויט דער אָנפֿירונג נאָך פֿונעם שׂכל, און פֿאַרקערט ווידער, מיין איך מיט געמיין דאָס וואָס דער־לאָזט נישט צו שליסן קיין פֿריינטשאַפֿט.

אַחוץ דעם האָב איך אויך געוויזן וואָס ס׳זענען די יסודות פון אַ מדינה.

פון דעם וואָס איז דאָ פריער געזאָגט געוואָרן, וועט איצט שוין גרינג זיין צו באַנעמען דעם דיפערענץ צווישן אמתער טוגנד און אָנמאַכט, און דאָס איז, אַז אמתע טוגנד איז נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר צו לעבן לויט דער אָנפירונג נאָך פונעם שכל; בעת אָנמאַכט איז נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר דאָס, וואָס דער מענטש לאָזט זיך פּאַסיוו פירן דורך זאַכן וואָס זענען דרויסן פון אים, און דורך וועלכע ער ווערט דעטער־מינירט צו טון דאָס וואָס ס׳פאָדערט זיך לויטן געמיינשאַפטלעכן צו־שטאַנד פון אויסערלעכע זאַכן, און נישט דאָס וואָס זיין אייגענע נאַטור, באַטראַכט אין זיך אַליין, פאָדערט.

דער געבאָט פונעם שכל צו זוכן דאָס וואָס איז פאַר אונדז ניצלעך לערנט אונדז געוויס, ווי נייטיק ס׳איז פאַר אונדז זיך צו פאַרבינדן מיט אונדזערע מיטמענטשן, נישט אָבער מיט קיין חיות, אָדער מיט זאַכן וואָס די נאַטור זייערע איז אַנדערש ווי די מענטשלעכע נאַטור; דערצו נאָך האָבן מיר דאָס זעלבע רעכט אויף חיות ווי זיי האָבן אויף אונדז. אַזוי ווי איטלעך איינעמס רעכט ווערט דעפינירט דורך זיין טוגנד אָדער דורך זיין מאַכט, האָבן מענטשן אַ ווייט גרעסער רעכט אויף חיות, ווי זיי אויף מענטשן.

דערמיט פאַרלייקן איך פונדעסטוועגן נישט אַז חיות האָבן געפילן; וואָס איך פאַרלייקן יאָ אָבער איז דאָס, אַז ס׳זאָל איבער אָט דעם אונדז נישט דערלויבט זיין צו זאָרגן פאַר אונדזערע באַדערפעניש און זיך מיט זיי באַנוצן ווי אונדז געפעלט, און זיך מיט זיי באַגייען ווי ס׳איז פאַר אונדז צום בעסטן צוגעפּאַסט. וואָרום זייער נאַטור איז נישט ווי אונדזערע, און זייערע עמאָציעס זענען בטבע אַנדערש ווי די מענטשלעכע עמאָציעס.

## גערעכט און אומגערעכט, פאַרברעכן און פאַרדינסט

ס׳בלייבט מיר נאָך איבער צו דערקלערן, וואָס איז גערעכט און וואָס איז אומגערעכט, וואָס איז פאַרברעכן און וואָס איז פאַרדינסט — וואָס איך גיי עס דאָ איצט טון.

יעדער מענטש עקזיסטירט לויטן העכסטן רעכט אין דער נאַטור, און במילא שוין טוט יעדער איינער, לויטן העכסטן רעכט אין דער נאַטור, אַלץ דאָס וואָס דרינגט נויטווענדיק אַרויס פון זיין נאַטור; דערי־בער משפט יעדער מענטש, לויט אָט דעם העכסטן רעכט אין דער נאַטור, וואָס איז גוט און וואָס איז שלעכט, זאָרגט פאַר זיינע נוצן אויף זיין אייגענעם שטייגער, נעמט נקמה פאַר עוולות וואָס מ׳איז אַנטקעגן אים באַגאַנגען, און שטרעבט צו פּרעזערווירן דאָס וואָס ער האָט ליב, און צו צעשטערן דאָס וואָס ער האַסט. וואָלטן מענטשן געלעבט לויט דער אָנ־פירונג נאָך פונעם שכל, וואָלט דאָס דאָזיקע רעכט פאַרמאָגט יעדער איינער, אָן שום שאָדן פאַרן אַנדערן. אַזוי ווי אָבער מענטשן זענען אונ־טערגעוואָרפן צו זייערע עמאָציעס, וואָס שטייגן וויט אַריבער די מענטש־לעכע קראַפט אָדער טוגנד, ווערן זיי אָפט געצויגן אין פאַרשידענע זייטן, און שטעלן זיך איינער קעגן אַנדערן, כאָטש זיי נייטיקן זיך איינער אין דעם אַנדערנס הילף. כדי, בכן, מענטשן זאָלן צווישן זיך לעבן האַרמאָניש און איינער דעם אַנדערן בייהילפיק זיין, איז דעריבער נייטיק, אַז זיי זאָלן אויפגעבן זייער נאַטירלעך רעכט און צוליב זיכערקייט וועגן נישט טון גאָרנישט אַזוינס, וואָס קאָן ברענגען שאָדן זייערע מיטמענטשן. אויף וואָס פאַר אַן אופן ס׳קומט פאַר דאָס וואָס מענטשן, וועלכע זענען נויט־ווענדיק אונטערגעוואָרפן צו זייערע עמאָציעס, זענען נישט סטאַביל און האַלטן זיך אין איין ענדערן, זאָלן זיך געבן זיכערקייט איינער דעם אַנדערן און זיך שענקען צוטרוי — דאָס דאָזיקע ווערט קלאָר דורך אָט דעם: אַזוי ווי אַן עמאָציע קאָן נישט אַנדערש צוריקגעהאַלטן ווערן סיידן נאָר דורך אַן אַנדערער אַ שטאַרקערער פון איר, און אַן איר אַנטקעגנגעשטעל־טער עמאָציע, האַלט זיך דעריבער צוריק יעדער מענטש נישט צו ברענגען שאָדן אַנדערע אויס מורא פאַר אַ גרעסערן שאָדן צו זיך אַליין.

אויף אָט דעם געזעץ קאָן אַ געזעלשאַפט זיך האַלטן פעסט, אַזוי לאַנג ווי זי האַלט אין אירע הענט דאָס רעכט וואָס יעדער מענטש פאַר־מאָגט צו נעמען נקמה פאַר שאָדן, און צו אורטיילן וואָס איז גוט און וואָס איז שלעכט, אַזוי אַז די געזעלשאַפט זאָל אויך האָבן די מאַכט פאַרצו־שרייבן כללים פאַר אַלעמען ווי זיך אויפצופירן אין לעבן, און צו מאַכן

געזעצן און זיי באַפעסטיקן נישט דורך שכלדיקייט, וועלכע איז נישט בכוח צוריקצוהאַלטן די עמאָציעס, נאָר דורכן אַנשרעקן. אָט אַזאַ געזעל־שאַפט, וועלכע איז עטאַבלירט אויף געזעצן און אויף דער מאַכט זיך אויפצוהאַלטן, ווערט אַנגערופן מדינה, און די וואָס לעבן אונטער איר שוץ ווערן אַנגערופן בירגער.

דערפון איז גרינג צו פאַרשטיין, אַז אין נאַטור־צושטאַנד איז נישטאָ גאָרנישט אַזוינס, וואָס זאָל מיט אַלעמענס צושטימונג קאָנען אַנגערופן גוט אָדער שלעכט; וואָרום אין נאַטור־צושטאַנד זאָרגט יעדער איינער נאָר פאַר זיין אייגענעם נוצן בלויז, און ער אַנטשיידעט וואָס איז גוט און וואָס איז שלעכט לויט זיין איינזען, האָבנדיק דערביי אין זינען זיינע אינדיווידועלע נוצן בלויז, נישט זייענדיק צו קיינעם געבונדן דורך קיין שום געזעץ ווי נאָר צו זיך אַליין.

אין נאַטור־צושטאַנד איז דעריבער נישטאָ דער באַגריף פון פאַר־ברעכן, נאָר בלויז אין בירגערלעכן צושטאַנד, וואו ס׳ווערט דורך אַלגע־מיינער צושטימונג אַנטשיידעט וואָס איז גוט און וואָס איז שלעכט, און וואו יעדער איינער מוז אויספאָלגן די אויטאָריטעט פון דער מדינה. פאַרברעכן איז בכן נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר דאָס ווידערשפעניקן, פאַר וועלכן מ׳ווערט באַשטראָפט לויטן רעכט פון דער מדינה בלויז, און פאַרקערט ווידער, ווערט דעם בירגער דאָס אויספאָלגן פאַררעכנט פאַר אַ פאַרדינסט, ווייל ער ווערט דאַדורך געהאַלטן פאַר ראוי צו געניסן פון די נוצן וואָס אַ מדינה ברענגט מיט זיך.

ווייטער, איז אין נאַטור־צושטאַנד קיינער קיין באַלעבאָס נישט איבער אַ וואָסער עס איז זאַך דורך געמיינשאַפטלעכער צושטימונג, און ס׳איז אויך אין דער נאַטור נישטאָ גאָרנישט אַזוינס וועגן וועלכן מ׳זאָל קאָנען זאָגן אַז ס׳געהערט צו אָט דעם מענטש און נישט צו יענעם, נאָר אַלצדינג געהערט צו אַלעמען. ס׳איז דעריבער אין נאַטור־צושטאַנד אומ־מעגלעך גאָר צו באַנעמען אַזאַ מין וואונטש יעדערן אַוועקצוגעבן זיינס, אָדער ביי וועמען עס איז אַוועקנעמען דאָס וואָס געהערט צו אים; מיט אַנדערע ווערטער, אין נאַטור־צושטאַנד קומט נישט פאַר אַזוינס, וואָס מ׳זאָל עס קאָנען אַנרופן גערעכט אָדער אומגערעכט. אָט אַזוינע אידעי׳ען

זענען נאָר מעגלעך אין אַ בירגערלעכן צושטאַנד, וואו דורך געמיינשאַפט־לעכער צושטימונג ווערט אַנטשיידעט וואָס ס׳געהערט דעם און וואָס יענעם.

פון אָט דעם אַלעמען ווערט באַשיינפּערלעך קלאָר, אַז גערעכט און אומגערעכט, פאַרברעכן און פאַרדינסט, זענען אויסערלעכע באַ־צייכענונגען, און נישט קיין אַטריבוטן וואָס דערקלערן די נאַטור פונעם גייסט.

## וועגן דעם ווערט פונעם קערפּער

אַלץ דאָס וואָס דיספּאָנירט אַזוי דעם מענטשלעכן קערפּער, אַז ער זאָל קאָנען אַפעקטירט ווערן אויף פילערליי אופנים, אָדער וואָס מאַכט אים פעאיק צו אַפעקטירן אויסערלעכע קערפּערס אויף פילערליי אופנים, איז פאַרן מענטש ניצלעך; און איז אַלץ מער ניצלעך, וואָס מער פעאיק דער קערפּער ווערט דאַדורך געמאַכט אַפעקטירט צו ווערן אויף פילערליי אופנים, אָדער צו אַפעקטירן אַנדערע קערפּערס; און פאַרקערט ווידער, איז פאַרן מענטשן שעדלעך אַלץ דאָס וואָס פאַרמינערט אָט די פעאיקייט פונעם קערפּער אַפעקטירט צו ווערן, אָדער צו אַפעקטירן אַנדערע קערפּערס.

אַלץ דאָס וואָס פירט צו דער אויפהיטונג פונעם סדר פון באַ־וועגונג און רו, וואָס די טיילן פונעם מענטשלעכן קערפּער האַלטן אָן צווישן זיך, איז גוט; און פאַרקערט ווידער, איז דאָס וואָס פירט צו אַן ענדערונג אינעם סדר פון באַוועגונג און רו צווישן די טיילן פונעם מענטשלעכן קערפּער, שלעכט.

ס׳דאַרף דאָ אָנגעמערקט ווערן, אַז ווי איך פאַרשטיי, שטאַרבט אַפּ דער קערפּער דעמאָלט ווען דער סדר פון באַוועגונג און רו, וואָס די טיילן פונעם מענטשלעכן קערפּער האַלטן אָן צווישן זיך, ווערט גע־ענדערט. וואָרום איך וועל מיך גאָר נישט דערוועגן צו לייקענען אַז אַ מענטשלעכער קערפּער, ווען אַפילו ער האַלט אָן די בלוט־צירקולאַציע און אַנדערע אייגנשאַפטן זיינע, פון וועלכע ער באַשטייט און צוליב וועלכע

ער ווערט באַטראַכט פֿאַר לעבעדיק, קאָן ער, דער מענטשלעכער קערפּער, זיך דאָך פֿאַרענדערן אין אַ טאָטאַל אַנדערער נאַטור, אַ פֿאַרשידענער פֿון זיין אייגענער. נישטאָ קיין שום גרונט וואָס זאָל מיך צווינגען אָנצונעמען, אַז דער קערפּער שטאַרבט נאָר דעמאָלט ווען ער ווערט אַ מת. די דערפֿאַרונג האָט, דאַכט זיך, גאָר עפּעס אַנדערש צו זאָגן. ס׳טרעפֿט דאָך אַמאָל, אַז אַ מענטש מאַכט אַדורך אַזוינע פֿאַרענדערונגען, אַז ס׳וואָלט שווער געווען צו זאָגן, אַז ער איז נאָך אַלץ דער אייגענער.

אָט אַזוי האָב איך געהערט דערציילן וועגן איינעם אַ שפּאַנישן פּאָעט וואָס איז באַפֿאַלן געוואָרן פֿון אַ שלאַפֿקייט, און כאָטש ער איז דערנאָך געקומען צו זיך, האָט ער אָבער אַזוי פֿאַרגעסן זיין גאַנץ פֿריערדיק לעבן, דאָס ער האָט זיך גאָרנישט געוואָלט צוגלייבן, אַז די טעאַטערשטיק און טראַגעדיעס וועלכע ער האָט געשריבן, זענען טאַקע געווען זיינע, און מ׳וואָלט אים מסתמא געקאָנט אָננעמען פֿאַר אַן אויסגעוואַקסן קינד, ווען ער וואָלט דערצו נאָך געווען פֿאַרגעסן זיין מאַמע־לשון. אויב דאָס זעט אויס אומגלויבלעך, טאָ וואָס זאָלן מיר אָבער זאָגן וועגן קינדער? גלייבט דאָך דער דערוואַקסענער מענטש אַז די נאַטור זייערע, די קינדערס, זעט אויס צו זיין אַזוי פֿאַרשידן פֿון זייניקער, אַז מ׳וואָלט אים נישט געקאָנט איינרעדן אַז אויך ער איז אַמאָל געווען אַ קינד, ווען ער וואָלט נישט דורך אַנדערע געקומען צום אויספֿיר וועגן זיך אַליין. כדי אָבער די אַבערגלויביקע נישט געבן קיין שטאָף אויפֿצוהייבן נייע פֿראַגן, וועט דאָס גלייכסטע דאָ זיין איבערצורייסן.

אַלץ דאָס וואָס פֿירט צו אַ שותּפֿותדיקער מענטשלעכער געזעלשאַפֿט, אָדער וואָס ברענגט דערצו אַז מענטשן זאָלן צווישן זיך לעבן האַרמאָניש, איז ניצלעך, און פֿאַרקערט ווידער, איז שלעכט אַלץ דאָס וואָס ברענגט אַריין שטרייטיקייט אין אַ מדינה.

### דער ווערט פֿון פֿרייד און טרויער

פֿרייד פֿאַר זיך אַליין איז נישט שלעכט נאָר גוט, און פֿאַרקערט ווידער, איז טרויער אין זיך אַליין שטענדיק שלעכט.

הייטערקייט קאָן נישט זיין איבערמעסיק, נאָר איז שטענדיק גוט; און פאַרקערט ווידער, איז מעלאַנכאָליע שטענדיק שלעכט.

הייטערקייט איז פרייד, וואָס אויף וויפיל זי באַציט זיך אויפן קערפּער, באַשטייט זי אין דעם וואָס אַלע טיילן פונעם קערפּער ווערן אַפעקטירט אין אַ גלייכער מאָס, דאָס הייסט, דערמיט וואָס די קראַפט פונעם קערפּער צו אַקטיוויקייט ווערט אַזוי פאַרמערט אָדער אַרויסגעהאָלפן, אַז אַלע זיינע טיילן האַלטן צווישן זיך אויף דעם זעלבן סדר פון באַוועגונג און רו. אָט דערפאַר איז הייטערקייט שטענדיק גוט און קאָן נישט זיין איבערמעסיק. מעלאַנכאָליע אָבער איז טרויער, וואָס אויף וויפיל זי באַציט זיך אויפן קערפּער, באַשטייט זי אין דעם וואָס די קראַפט פונעם קערפּער צו אַקטיוויקייט ווערט אַבסאָלוט פאַרמינערט אָדער צוריקגע־האַלטן, און איז דעריבער שטענדיק שלעכט.

לוסטיקייט קאָן זיין איבערמעסיק און זאָל שלעכט זיין; און פאַר־קערט ווידער, קאָן שמערץ אַמאָל גוט זיין, אויף וויפיל לוסטיקייט אָדער פרייד איז אַמאָל שלעכט.

לוסטיקייט איז פרייד וואָס, אויף וויפיל זי באַציט זיך אויפן קערפּער, באַשטייט דערין וואָס איינער אָדער עטלעכע טיילן פונעם קערפּער ווערן אַ סך מער אַפעקטירט ווי די איבעריקע טיילן זיינע. די קראַפט פון אָט דער עמאָציע קאָן אַזוי גרויס זיין, אַז זי זאָל איבער־שטייגן די איבעריקע אַקטיוויקייטן פונעם קערפּער, און זיך אין אים אַזוי עקשנותדיק איינקלאַמערן, אַז זי זאָל שטערן דעם קערפּער צו זיין פעאיק אַפעקטירט צו ווערן אויף אַ סך אַנדערע אופנים. און אָט אַזוי נאָך קאָן לוסטיקייט שלעכט זיין. אַקעגן ווידער, איז שמערץ, באַטראַכט אין זיך אַליין, טרויער, וואָס קאָן נישט גוט זיין. אַזוי ווי אָבער איר קראַפט און פאַרמערונג ווערט, אין פאַרגלייך מיט אונדזער אייגענער קראַפט, דעפינירט דורך דער קראַפט פון אויסערלעכע סיבות, קאָנען מיר דע־ריבער דורך אָט דער עמאָציע באַנעמען אומענדלעכע גראַדן און מאָדוסן וועגן דער קראַפט פון אָט דער עמאָציע; און מיר קאָנען אַזוי נאָך באַ־נעמען אַזאַ מאָדוס אָדער גראַד פון שמערץ וואָס זאָל זיין בכוח צוריקצו־

האַלטן די לוסטיקייט, אַז זי זאָל נישט איבערכאַפּן די מאָס, און ברענגען דערצו, אַז דער קערפּער זאָל נישט ווערן ווינציקער פעאיק אַקטיוו צו זיין; און אויף אַט אַזוי פיל קאָן שמערץ גוט זיין.

## זשעדנעקייט נאָך געלט, גײַעג נאָך כבוד

ליבע און באַגער קאָנען זיין איבערמעסיק.

הייטערקייט וואָס איז, ווי איך האָב געזאָגט, גוט, איז גרינגער צו באַנעמען ווי צו אַבסערווירן. וואָרום די עמאָציעס דורך וועלכע מיר ווערן טאָג־טעגלעך אַטאַקירט באַציען זיך מיינסטנטיילס נאָר צו איין טייל פונעם קערפּער, וועלכער ווערט אַפעקטירט מערער ווי די אַנדערע טיילן; און דעריבער זענען די עמאָציעס מיינסטנס איבערמעסיק, און האַלטן דעם גייסט אַזוי פאַרנומען מיט נאָכטראַכטן וועגן איין אָביעקט, אַז ער איז נישט מער בכוח צו טראַכטן וועגן אַנדערע; און הגם מענטשן זענען אונטערגעוואָרפן צו זייער אַ סך עמאָציעס, און ס׳איז דערפאַר זעלטן אַנצוטרעפן מענטשן וואָס זאָלן שטענדיק אַטאַקירט ווערן דורך איינער און דער זעלבער עמאָציע, פעלן פונדעסטוועגן נישט אַזוינע, וואָס איין און די זעלבע עמאָציע זאָל זיך אין זיי האָבן איינגעקלאַמערט אַזוי עקשנותדיק.

זעען מיר דאָך ווי מענטשן ווערן טיילמאָל אַזוי אַבסאָרבירט אין איין איינציקן אָביעקט, אַז אַפילו ווען דער אָביעקט איז שוין פאַר זיי נישטאָ גאָר מערער, גלייבן זיי נאָך אַלץ אַז זיי האָבן אים פאַר זיך. ווען דאָס טרעפט מיט אַ נישט־שלאָפנדיקן מענטש, זאָגן מיר דעמאָלט אַז ער רעדט פון היץ, אָדער אַז ער איז געררירט פון זינען. פאַר נישט ווינציק פון זינען גערירטע ווערן געהאַלטן יענע וואָס גליען פון ליבע און חלומען טאָג און נאַכט וועגן קיין שום אַנדער זאַך נישט ווי נאָר וועגן זייער געליבטער, אָדער מעטרעסע, ווייל זיי רופן געוויינטלעך אַרויס געלעכטער. ווען אָבער דער קאַרגער טראַכט וועגן קיין שום אַנדער זאַך נישט ווי נאָר וועגן געווינס און געלט, און דער וואָס יאָגט זיך נאָך כבוד טראַכט וועגן קיין שום אַנדער זאַך נישט ווי נאָר וועגן רום, און דאָס גלייכן, האַלט מען זיי נישט פאַר גערירטע פון זינען, ווייל

זיי זענען, בכלל גענומען, שעדלעך, און פאַרדינען זיך מיט רעכט געהאַסט צו ווערן. אין דער אמתן אָבער זענען זשעדנעקייט נאָך געלט, יאָגעניש נאָך כבוד, לוסט, און דאָס גלייכן, מינים פון משוגעת, כאָטש זיי ווערן נישט גערעכנט צווישן קיין קראַנקהייטן.

## אַ לויב דעם פריידיקן לעבן

האַס קאָן קיינמאָל נישט גוט זיין. (דעם מענטש וואָס מיר האַסן שטרעבן מיר צו צעשטערן, דאָס הייסט, מיר שטרעבן צו עפּעס, וואָס איז שלעכט. דעריבער קאָן האַס קיינמאָל נישט גוט זיין).

ס'דאַרף אָבער דאָ נאָטירט ווערן, אַז דאָ און אינעם ווייטערדיקן פאַרשטיי איך אונטער האַס נאָר דעם האַס צו מענטשן.

קנאה, אָפּשפּעטונג, פאַראַכטונג, כעס, נקמה און די אַנדערע עמאָציעס וואָס געהערן צו האַס, אָדער קומען אויף אויס האַס, זענען שלעכט.

אַלץ דאָס וואָס מיר באַגערן מחמת דעם וואָס מיר זענען מיט האַס אַפעקטירט, איז געמיין, און אין אַ מדינה איז עס אומגערעכט.

צווישן אָפּשפּעטן און לאַכן געפין איך אַ גרויסן חילוק. וואָרום לאַכן, ווי אויך שפּאַסן, איז ריינע פרייד, און זענען דעריבער, אויב מ'כאַפּט נאָר נישט איבער די מאָס, אין זיך אַליין גוט. קיין זאַך באמת, אַחוץ פינצטערער און טרויעריקער אָבערגלויבן, פאַרווערט נישט דעם מענטש זיך צו פרייען. דען פאַרוואָס זאָל עס זיין מער געזעצלעך צו שטילן דאָרשט און הונגער ווי צו פאַרטרייבן מעלאַנכאָליע? איך, פון מיין זייט, האָב גע־טראַכט וועגן אָט דעם ענין און בין געקומען צו דער דאָזיקער איבער־צייגונג: קיין גאָטהייט און קיין שום אַנדערער, אַחוץ דעם וואָס איז מקנא אַנדערע, קלויבט נישט קיין נחת פון מיין אָנמאַכט און מוטלאָזיקייט, און רעכנט מיר נישט צו פאַר קיין טוגנד די טרערן, קרעכצן, שרעק און דאָס גלייכן, וועלכע זענען סימנים פון דער שוואַכקייט פונעם גייסט. פאַרקערט, וואָס גרעסער ס'איז די פרייד מיט וועלכער מיר ווערן אַפעקטירט, אַלץ גרעסער איז די פערפעקטקייט צו וועלכער מיר גייען איבער, מיט אַנדערע ווערטער, אַלץ מערער האָבן מיר נויטווענדיקערהייט אַ חלק אין דער געטלעכער נאַטור.

ס׳איז פאַרן חכם דעריבער, צו ציען נוצן פון זאַכן, און אויף וויפיל נאָר מעגלעך פון זיי הנאה האָבן (דערביי אָבער נישט איבערכאַפּן די מאָס, וואָרום דעמאָלט איז עס שוין מער קיין פאַרגעניגן נישט). ס׳איז פאַרן חכם, זאָג איך, מיט אַ מאָס זיך צו דערקוויקן און שטאַרקן מיט געשמאַקע שפּייזן און געטראַנקען, ווי אויך מיט שמעקנדיקע ריחות, מיט דער איידעלער שיינ־קייט פון בליענדיקע פלאַנצן, מיט לייטישער קליידונג, מיט מוזיק, מיט גימנאַסטישע שפּילן, מיט טעאַטער און דאָס גלייכן, אַלץ אַזוינע זאַכן, פון וועלכע יעדער מענטש קאָן פאַר זיך ציען נוצן, אָן שום שאָדן פאַרן אַנדערן.

וואָרום דער מענטשלעכער קערפּער איז צונויפגעזעצט אויס זייער פיל טיילן פון פאַרשידענער נאַטור, וואָס נייטיקן זיך כסדר אין פרישער און פאַרשידנאַרטיקער נאַרונג, כדי דער גאַנצער קערפּער זאָל אין אַ גלייכער מאָס פעאיק זיין אויסצופירן אַלע די אַקטיוויקייטן, וואָס דרינגען אַרויס פון זיין נאַטור, און במילא שוין, כדי ס׳זאָל דער גייסט אין אַ גלייכער מאָס פעאיק זיין צו פאַרשטיין גלייכצייטיק פילערליי זאַכן. אָט אַזאַ לעבנס־שטייגער שטימט זיך דעריבער צום בעסטן צונויף סיי מיט אונדזערע פּרינציפּן ווי אויך מיט דער אַלגעמיינער פּראַקטיק. ס׳איז, בכן, אָט דער לעבנסשטייגער דער בעסטער, אַפילו ווען ס׳וואָלט געווען אַן אַנדערער, און ער דאַרף אויף יעדן אופן רעקאָמענדירט ווערן. און ס׳איז נישט מער נייטיק נאָך קלערער און מער אויספירלעך זיך אָפּצוגעבן דערמיט.

## ליבע פאַר האַס

דער וואָס לעבט לויט דער אָנפירונג נאָך פונעם שכל, שטרעבט אויף וויפיל ס׳איז נאָר מעגלעך, דעם צווייטן פאַר זיין האַס, כעס, גרינג־שעצונג, און אַז. וו., צוריקצוצאָלן מיט ליבשאַפט אָדער מיט איידלקייט.

זענען דאָך אַלע עמאָציעס פון האַס שלעכט; וועט דעריבער דער וואָס לעבט לויט דער אָנפירונג נאָך פונעם שכל שטרעבן, אויף וויפיל ס׳איז אים נאָר מעגלעך, נישט אַטאַקירט צו ווערן דורך די עמאָציעס פון האַס, און וועט במילא שוין שטרעבן דערצו, אַז אויך קיין אַנדערער זאָל נישט ליידן דורך אָט די עמאָציעס. אַזוי ווי אָבער האַס ווערט פאַרמערט דורך האַס פון איינעם קעגן אַנדערן, און קאָן, אַקעגן ווידער, דורך ליבע אויס־

געלאָשן ווערן, אַזוי אַז דער האַס זאָל אין ליבע איבערגיין, וועט דעריבער דער וואָס לעבט לויט דער אָנפירונג נאָך פונעם שכל, שטרעבן צוריקצוצאָלן דעם צווייטן מיט ליבשאַפט פאַר האַס, דאָס הייסט, מיט איידלקייט.

דער וואָס זוכט זיך נוקם צו זיין פאַר באַליידיקונגען מיט האַס, פאַרביטערט ער זיך אַליין דאָס לעבן. און אַקעגן ווידער, ווער ס'באַמיט זיך צו באַזיגן האַס דורך ליבשאַפט, דער קעמפט זיין שלאַכט מיט פרייד און זיכערקייט; ער שטעלט זיך אַנטקעגן אַ סך מענטשן פונקט אַזוי גרינג ווי אַנטקעגן איינעם, און דאַרף ווינציק וואָס אויסקוקן אויף דער הילף פון הצלחה. יענע וואָס ער באַזיגט גיבן זיך אים אונטער מיט פרייד, נישט מחמת דעם וואָס ס'פעלט זיי אויס כוחות, נאָר דורך דער פאַרגרעסערונג פון זייערע כוחות. אָט דאָס אַלץ דרינגט אַרויס מיט אַזאַ קלאָרקייט אויס די בלויזע דעפיניציעס וועגן ליבע און פאַרשטענדעניש, אַז ס'איז דאָ נישט נייטיק אויפצואווייזן דאָס מער אויספירלעך.

## דער ווערט און די ווערטלאָזיקייט פון עמאָציעס

די עמאָציעס פון האָפענונג און שרעק קאָנען נישט אין זיך אַליין גוט זיין.

נישטאָ קיין עמאָציעס פון האָפענונג און שרעק אָן קיין טרויער. וואָרום שרעק איז טרויער, און נישטאָ קיין האָפענונג אָן קיין שרעק. דעריבער קאָנען נישט אָט די עמאָציעס אין זיך אַליין גוט זיין, סיידן נאָר אויף וויפיל זיי זענען בכוח צוריקצוהאַלטן אַן איבערמעסיקע פרייד.

דאַרף מען צו דעם נאָך צוגעבן, אַז אָט די עמאָציעס ווייזן אָן אויף אַן אויספעל פון דערקענטעניש און אויף דער אָנמאַכט פונעם גייסט; און אויס אָט דעם גרונט זענען אויך זיכערקייט, פאַרצווייפלונג, לוסטיקייט און געוויסנספיין סימנים וועגן אַן אויספעל פון גייסטיקער קראַפט. וואָרום כאָטש זיכערקייט און לוסטיקייט זענען עמאָציעס פון פרייד, זענען זיי אָבער דאָך אָן אָנדייט, אַז ס'איז זיי פאַראויסגעגאַנגען טרויער, דאָס מיינט, האָפע־נונג און שרעק. וואָס מערער מיר שטרעבן צו לעבן לויט דער אָנפירונג נאָך פונעם שכל, אַלץ ווינציקער זענען מיר אָפּהענגיק אין דער האָפענונג, שטרעבן מיר זיך צו באַפרייען פון דער שרעק, און זענען בכוח, אויף וויפיל

נאָר מעגלעך, צו באַהערשן אונדזער גורל, און איינצואָרדענען אונדזער לעבן לויט דער זיכערער עצה פונעם שכל.

## איבערשאַצונג און אונטערשאַצונג

די עמאָציעס פון איבערשאַצונג און אונטערשאַצונג זענען תמיד שלעכטע. (וואָרום די דאָזיקע עמאָציעס זענען אַנטקעגנגעשטעלט דעם שכל, און דערפאַר זענען זיי שלעכטע).

איבערשאַצונג קאָן זייער גרינג מאַכן דעם מענטש וואָס ווערט איבערגעשאַצט, פאַר אַ בעל־גאווה.

ווען מיר זעען, אַז אויס ליבשאַפט האַלט פון אונדז ווער עס איז מער ווי באַרעכטיקט, וועלן מיר זיך גרינג גלאָריפיצירן, אָדער מיט פרייד אַפעקטירט ווערן; און מיר וועלן דאָס גוטע וואָס מיר הערן נאָכזאָגן וועגן אונדז, גרינג גלייבן. וועלן מיר במילא שוין אויס ליבע צו זיך, האַלטן פון זיך מערער ווי באַרעכטיקט, דאָס הייסט, מיר וועלן גרינג קומען צו גאווה.

מיטלייד ביי אַ מענטשן וואָס לעבט לויט דער אָנפירונג נאָך פונעם שכל, איז אין זיך אַליין שלעכט און אומניצלעך.

וואָרום מיטלייד איז טרויער, און איז דעריבער אין זיך אַליין שלעכט. דאָס גוטע אָבער וואָס קומט אַרויס פון מיטלייד, דורך דעם וואָס מיר שטרעבן צו באַפרייען פון אַ צרה דעם מענטש וואָס וועקט אין אונדז מיטלייד, באַגערן מיר דאָס צו טון לויטן דיקטאַט פונעם שכל בלויז; און בלויז לויטן דיקטאַט פונעם שכל קאָנען מיר טון עפּעס־וואָס, וועלכס מיר ווייסן מיט זיכערקייט אַז ס׳איז גוט. דעריבער איז מיטלייד ביי אַ מענטש וואָס לעבט לויט דער אָנפירונג נאָך פונעם שכל, אין זיך אַליין שלעכט און אומניצלעך.

איז דערפון געדרונגען, אַז דער מענטש וואָס לעבט לויט דער אָנ־פירונג נאָך פונם שכל, שטרעבט אויף וויפיל נאָר מעגלעך, נישט אויפ־געריירט צו ווערן דורך מיטלייד.

דער וואָס האָט ריכטיק איינגעזען, אַז אַלצדינג דרינגט אַרויס אויס דער נויטווענדיקייט פון דער געטלעכער נאַטור, און געשעט לויט די אייביקע געזעצן און איינשטעלונגען אין דער נאַטור, וועט זיכער נישט געפינען גאָרנישט אַזוינס וואָס זאָל פאַרדינען צו ווערן געהאַסט, אויסגעלאַכט אָדער צו ווערן פאַראַכט, ער וועט קיינעם נישט דאַרפן שענקען קיין מיטלייד, נאָר ער וועט, אויף ווי ווייט ס'גרייכט די קראַפט פון מענטשלעכער טוגנד, שטרעבן צו טון, ווי מ'זאָגט, גוטס און זיך פרייען.

דאַרף מען צו אַט דעם נאָך צוגעבן, אַז דער וואָס ווערט גרינג גערירט דורך דער עמאָציע פון מיטלייד און ווערט באַוועגט דורך אַ צווייטנס צרות אָדער טרערן, טוט אָפט אַפּ מעשים אויף וועלכע ער האָט שפּעטער חרטה, סיי איבער דעם וואָס מיר קאָנען קיינמאָל נישט זיין זיכער, אַז אַ טואונג אַרויסגערופן דורך אַן עמאָציע איז גוט, ווי אויך דערפאַר וואָס מיר ווערן אַזוי גרינג אָפּגענאַרט דורך פאַלשע טרערן. דאָ רעד איך אויסדריקלעך וועגן אַ מענטש וואָס לעבט לויט דער אָנפירונג נאָך פונעם שכל. דער אָבער וואָס ווערט נישט באַוועגט צו העלפן אַנדערע אי נישט לויטן שכל נאָך און אויך נישט אויס מיטלייד, ווערט ער מיט דעכט אָנגערופן אוממענטש, וואָרום ער איז שוין, זעט אויס, נישט מער גאָר ענלעך צו אַ מענטש.

גינציקייט (אָדער גנעדיקייט) איז נישט קעגנעריש צום שכל, נאָר קאָן זיך מיט אים צונויפשטימען און דורך אים אויפקומען.

דער וואָס לעבט לויט דער אָנפירונג נאָך פונעם שכל, באַגערט אויך פאַר אַנדערע דאָס גוטע וואָס ער זוכט פאַר זיך אַליין. דעריבער, ווען ער זעט עמעצן טון גוטס אַן אַנדערן, ווערט דורך אַט דעם זיין אייגענע שטרעבונג גוטס צו טון אַרויסגעהאָלפן; מיט אַנדערע ווערטער, ער וועט זיך פרייען, און אַט די פרייד וועט באַגלייט ווערן מיט דער אידעיע וועגן יענעם וואָס האָט דעם אַנדערן גוטס געטון. און אַט דערפאַר איז ער צו יענעם גינציק.

אויפגעבראַכטקייט, ווי איך האָב עס דעפינירט, איז נויטווענדיק שלעכט. דאַרף דאָ אָבער דאָך אָנגעמערקט ווערן, אַז ווען די העכסטע מאַכט, אין איר וואונטש צו פאַרזיכערן דעם שלום, באַשטראָפט אַ בירגער וואָס

האָט באַוווּלהט אַן אַנדערן, קאָן מען נישט זאָגן אַז זי איז אויף אים אויפ־געבראַכט, וואָרום זי איז נישט דורך האָס אויפגערייצט געוואָרן דעם בירגער צו באַשטראָפן, נאָר אויס דעם געפיל צו טון איר חוב.

צופרידנקייט מיט זיך זעלבסט איז באמת דאָס העכסטע וואָס מיר קאָנען זיך ווינטשן. וואָרום קיינער שטרעבט נישט צו פּרעזערווירן זיין אייגענעם זיין צוליב עפּעס אַ מין ווייטן ציל, און אַזוי ווי אָט די צופרידנ־קייט ווערט דורך לויב אַלץ מערער און מערער געגערט און פאַרשטאַרקט, און זי ווערט, פאַרקערט ווידער, דורך טאַדל אַלץ מערער און מערער גע־שטערט, איז דעריבער רום די סאַמע מעכטיקסטע טרייב־קראַפט צו אַק־טיווקייט, און אַ לעבן פון שאַנד איז כמעט אוממעגלעך איבערצוטראָגן.

דערנידערונג (הכנעה) איז נישט קיין טוגנד, אָדער קומט נישט אויף דורכן שכל.

חרטה איז נישט קיין טוגנד, אָדער קומט נישט אויף דורכן שכל. יענער וואָס האָט חרטה אויף דעם וואָס ער האָט געטון, איז טאָפּלט אומ־גליקלעך אָדער אָנמעכטיק.

אַזוי ווי אָבער מענטשן לעבן זעלטן לויטן דיקטאַט פונעם שכל, ברענגען דעריבער אָט די צוויי עמאָציעס, דאָס הייסט, דערנידערונג און חרטה, ווי אויך האָפענונג און מורא, מער נוצן ווי שאָדן. דעריבער, אויב ס׳קומט שוין יאָ אַמאָל אויס צו זינדיקן, איז שוין בעסער אָט דערמיט צו זינדיקן. וואָרום אויב אַלע מענטשן וואָס גיבן זיך אונטער די עמאָציעס וואָלטן אַלע געווען גלייכע בעלי־גאווה, און אויב זיי וואָלטן זיך פאַר קיין שום זאַך נישט אָפּגעשטעלט און זיך פאַר גאָרנישט געשראָקן — טאָ ווי אַזוי זשע וואָלטן זיי דעמאָלט געקאָנט זיין צונויפגעבונדן צווישן זיך און זיך האַלטן צוזאַמען ?

„שרעקלעך איז דער המון, ווען ער האָט קיין מורא נישט.״ דאַרף מען זיך דערפאַר נישט וואונדערן וואָס די נביאים, וועלכע האָבן נישט פאַר די נוצן פון אַ הייפעלע געזאָרגט, נאָר פאַר אַלעמענס נוצן, האָבן אַזוי שטאַרק געלויבט הכנעה, חרטה און יראת־הכבוד. און אין דער אמתן קאָן מען יענע וואָס זענען אונטערגעוואָרפן צו אָט די עמאָציעס, אַ סך גרינגער

ווי אַנדערע, ברענגען דערצו אַז זיי זאָלן לעבן לויט דער אָנפירונג נאָך פונעם שכל, דאָס הייסט, צו ווערן פריי און צו געניסן אַ לעבן פון גייסטיקן גליק.

## גאווה און נידערגעשלאָגנקייט

עקסטרעמע גאווה אָדער עקסטרעמע נידערגעשלאָגנקייט ווייזן אָן אויף עקסטרעמען נישט קענען זיך אַליין.

עקסטרעמע גאווה אָדער עקסטרעמע נידערגעשלאָגנקייט ווייזן אָן אויף דער עקסטרעמסטער אָנמאַכט פון גייסט.

דער ערשטער יסוד פון דער טוגנד איז צו פרעזערווירן דעם אייגענעם זייך, און אָט דאָס לויט דער אָנפירונג נאָך פונעם שכל. דעריבער, ווער ס׳קען זיך אַליין נישט, קען ער נישט דעם יסוד פון אַלע טוגנדן, און איז במילא שוין אומוויסנדיק וועגן אַלע טוגנדן. ווייטער, צו האַנדלען אויס טוגנד איז נישט עפּעס אַנדערש ווי אַקטיוו צו זיין לויט דער אָנפירונג נאָך פונעם שכל; און ווער ס׳איז אַקטיוו לויט דער אָנפירונג נאָך פונעם שכל, מוז אויך נויטווענדיק וויסן אַז ער האַנדלט לויט דער אָנפירונג נאָך פונעם שכל. דעריבער, ווער ס׳איז עקסטרעם אומוויסנדיק וועגן זיך אַליין, און במילא (ווי כ׳האָב עס דאָ איצט געוויזן) אויך פון אַלע טוגנדן, דער האַנדלט גאַנץ ווינציק אויס טוגנד, דאָס הייסט, ער איז עקסטרעם אָנמעכטיק אינעם גייסט. און אָט דערפאַר ווייזט אָן די עקסטרעמע גאַווה, אָדער עקסטרעמע נידערגעשלאָגנקייט, אויף עקסטרעמער אָנמאַכט אינעם גייסט.

איז דערפון צום קלאָרסטן געדרונגען, אַז די בעלי־גאווה (די גרויס־האַלטער) און די נידערגעשלאָגענע זענען אין דער העכסטער מאָס אונטערגעוואָרפן צו עמאָציעס.

נידערגעשלאָגנקייט קאָן פונדעסטוועגן גרינגער אויסגעבעסערט ווערן ווי גאווה; וואָרום אַזוי ווי גאווה איז אַן עמאָציע פון פרייד און דערשלאָגנקייט איז אַן עמאָציע פון טרויער, איז די פריידיקע עמאָציע דעריבער שטאַרקער פון דער פּיינלעכער.

דער בעל־גאווה (גרויסהאַלטער) האָט ליב די געזעלשאַפט פון אונ־

טערלעקער און חניפהניקעס, ער האַסט אָבער די געזעלשאַפט פון נאָבעלע מענטשן.

גאווה איז פרייד וואָס קומט אויף דערפון וואָס אַ מענטש האַלט פון זיך מערער ווי באַרעכטיקט, און דער בעל־גאווה שטרעבט אַזוי פיל ווי נאָר מעגלעך אונטערצוהאַלטן אָט די אָפּשאַצונג. ער וועט דעריבער ליב האָבן די געזעלשאַפט פון אונטערלעקער און וועט אויסמיידן די געזעלשאַפט פון נאָבעלע מענטשן וואָס שאַצן אים ריכטיק אָפּ.

ס׳וואָלט צו ווייט אַוועקגעפירט אויסצורעכענען דאָ דאָס גאַנצע שלעכטס וואָס גאווה ברענגט מיט זיך, מחמת דעם וואָס דער בעל־גאווה איז אונטערגעוואָרפן צו אַלע עמאָציעס, אָבער צו קיין איינער פון זיי נישט אַזוי ווינציק ווי צו די עמאָציעס פון ליבע און רחמנות. דאַרף דאָ אָבער נישט פאַרשוויגן ווערן דאָס, וואָס מ׳קאָן אויך אָנרופן אַ בעל־גאווה דעם וואָס אונטערשאַצט אַנדערע מענטשן; און אין אָט דעם זינען דאַרף דעריבער גאווה דעפינירט ווערן ווי פרייד וואָס קומט אויף דורך דער פאַלשער מיינונג וואָס אַ מענטש האָט, אַז ער שטייט העכער פון אַנדערע.

נידערגעשלאָגנקייט ווידער, וואָס איז פונקט דאָס פאַרקערטע פון אָט אַזאַ מין גאווה, דאַרף דעפינירט ווערן ווי טרויער, וואָס קומט אויף דורך דער פאַלשער מיינונג וואָס אַ מענטש האָט, אַז ער שטייט נידעריקער פון אַנדערע.

נאָך דעם, ווי מיר האָבן דאָס אַלץ פעסטגעשטעלט, קאָנען מיר איצט גרינג איינזען, אַז דער בעל־גאווה איז נויטווענדיק אַ בעל־קנאה (אַ נישט־פאַרגינער) און האַסט צום שטאַרקסטן יענע מענטשן וואָס ווערן הויך געלויבט פאַר זייער טוגנד (פאַר זייערע גוטע מעשים); און דער האַס זיינער צו זיי לאָזט זיך נישט אַזוי גרינג בייקומען דורך זייער ליב־שאַפט און וואוילטואונג פאַר אים, און ער איז זיך שטאַרק מחיה אין דער געזעלשאַפט פון יענע וואָס באַמקען צו צו זיין שוואַכן גייסט, און אַנשטאָט אים אַרויסצושטעלן פאַר אַ נאַר, מאַכן זיי אים משוגע.

כאָטש נידערגעשלאָגנקייט איז אַן עמאָציע וועלכע איז פונקט דאָס פאַרקערטע פון גאווה, שטייט דאָך דער נידערגעשלאָגענער צום נעענטסטן

צום בעל־גאווה. וואָרום אַזוי ווי זיין טרויער קומט אויף דורכן מאַכן אַ פאַרגלייך צווישן זיין אייגענער אָנמאַכט און דער מאַכט און טוגנד פון אַנדערע, ווערט זיין טרויער געלינדערט, אָדער מיט אַנדערע ווערטער, ער פרייט זיך ווען זיין פאָרשטעלונגס־קראַפט איז פאַרנומען מיט דער נאָכטראַכטונג וועגן פעלערן ביי אַנדערע מענטשן. אָט דערפון אַפּנים איז אויפגעקומען דאָס ווערטל: „צרת רבים חצי נחמה" (פאַרן אומגליקלעכן איז אַ טרייסט צו האָבן שותפים צו זיינע צרות), און ער וועט פאַרקערט ווידער, אַלץ מערער טרויעריק ווערן, וואָס מערער ער וועט גלייבן אַז ער שטייט נידעריקער פון אַנדערע. דעריבער איז קיינער נישט אַזוי שטאַרק גענייגט מקנא צו זיין, ווי די נידערגעשלאָגענע, און דווקא זיי זענען אַזוי שטאַרק להוט נאָכצוקוקן און נאָכצושפּירן נאָך די מענטשלעכע מעשים, כדי צו געפינען ביי זיי פעלערן און נישט כדי זיי אויסצובעסערן, און זיי האַלטן אין איין לויבן די נידערגעשלאָגנקייט און זיך רימען מיט איר, הגם אויך דאָס מיט אַ נידערגעשלאָגענער מינע. דאָס דאָזיקע דרינגט אַרויס אויס אָט דער עמאָציע מיט אַזאַ נויטווענדיקייט, ווי ס'דרינגט אַרויס אויס דער נאַטור פון אַ דרייעק, אַז די דריי ווינקלען זיינע זאָלן גלייך זיין צו צוויי רעכטע ווינקלען.

איך האָב שוין פריער געזאָגט, אַז אָט די און אַנדערע עמאָציעס רוף איך אָן שלעכטע, אויף וויפיל איך האָב אין זינען דאָס בלויז, וואָס איז ניצלעך פאַרן מענטשן. די נאַטור־געזעצן אָבער נעמען אין באַטראַכט די אַלגעמיינע אָרדענונג אין דער נאַטור, פון וועלכער דער מענטש איז נאָר איין טייל אירער. איך האָב דאָס געוואָלט דאָ דערמאָנען נאָר פאַרביי־גייענדיק, כדי ס'זאָל נישט איינפאַלן וועמען עס איז, אַז איך האָב דאָ בעסער געוואָלט דערציילן וועגן די מענטשלעכע פעלערן און וועגן זייערע איראַציאָנעלע מעשים, ווי צו ווייזן די נאַטור און אייגנשאַפטן פון זאַכן. וואָרום ווי איך האָב שוין אינעם פאָרוואָרט צום דריטן טייל געזאָגט, באַטראַכט איך די מענטשלעכע עמאָציעס און זייערע אייגנשאַפטן פּונקט אויפן זעלבן אופן ווי אַנדערע דערשיינונגען אין דער נאַטור. און זיכער ווייזן די מענטשלעכע עמאָציעס אָן אויב נישט אויף דער קראַפט פונעם מענטשן, דאָך אָבער אויף דער קראַפט און קונסט פון דער נאַטור, נישט

ווינציקער ווי פון אַ סך אַנדערע זאַכן וואָס מיר באַוואונדערן און וועלכע מיר באַטראַכטן מיט צופרידנקייט.

איך וועל איצט גיין ווייטער, און וועל ביי יעדער עמאָציע אָנמערקן וועלכע ס'ברענגט דעם מענטשן נוצן און וועלכע ס'ברענגט אים שאָדן.

כבוד איז נישט אַנטקעגנגעשטעלט דעם שכל, נאָר קאָן דורך אים אויפקומען.

דער אַזוי גערופענער פוסטער כבוד, איז צופרידנקייט מיט זיך זעלבסט, וואָס ווערט געגערט דורך דער גוטער מיינונג פונעם ברייטן עולם; הערט אָט די מיינונג אויף, הערט אויך אויף די צופרידנקייט מיט זיך זעלבסט, דאָס הייסט, דאָס העכסטע גוטס וואָס יעדער איינער האָט ליב. אָט דערפון נעמט זיך עס, אַז דער וואָס דער כבוד זיינער הענגט אָפּ אין דער מיינונג פונעם המון, איז טאָג־טעגלעך רק ער ציטערט און פלאָטערט, אַרבעט מעשים און שטרענגט זיך אָן אויפצוהאַלטן זיין גוטן נאָמען. האַלט דאָך דער המון אין איין בייטן זיין מיינונג און איז נישט שטאַנדהאַפטיק, אַזוי אַז אַ גוטער נאָמען וואָס ווערט נישט כסדר אויפגעהאַלטן פאַרגייט גאַנץ גיך.

אַזוי ווי יעדער איינער יאָגט זיך אַריינצוכאַפּן דעם אַפּלאָז פון דער מענגע, רייסט יעדער איינער גרינג אַרונטער דעם גוטן נאָמען פונעם אַנדערן; און אין אָט דעם געראַנגל פאַר דעם וואָס זיי האַלטן פאַרן העכסטן גוטס, ווערט מען אַרומגעכאַפּט מיט אַן אומגעהייערן דראַנג זיך איינער דעם אַנדערן צו אונטערדריקן אויף אַלע מעגלעכע אופנים, און דער לעצטער וואָס קומט אַרויס דער זיגער גרייסט זיך מערער מיט דעם וואָס ער האָט דעם אַנדערן געשעדיקט, ווי דערמיט וואָס ער האָט זיך אַליין געברענגט נוצן. אָט דער סאָרט כבוד אָדער צופרידנקייט, איז אין דער אמתן נישטיק, ווייל ס'איז גאָר קיין צופרידנקייט נישט.

דאָס וואָס דאַרף דאָ נאָטירט ווערן וועגן בושה, קאָן מען גרינג אַרויסדרינגען פון דעם וואָס ס'איז געזאָגט געוואָרן וועגן מיטלייד און חרטה. צו יענעם וועל איך נאָר צוגעבן אָט דאָס נאָך, אַז פונקט ווי מיטלייד, איז אויך בושה, הגם זי איז קיין טוגנד נישט, דאָך אָבער גוט, אויף וויפיל זי

ווייזט אָן דערויף, ווי דער מענטש וואָס ווערט רויט פאַר בושה איז אַדורכגעדרונגען מיט אַ באַגער צו לעבן ערנהאַפטיק, פּונקט אַזוי ווי שמערץ ווערט אָנגערופן גוט, אויף וויפיל ער ווייזט אָן אַז דער באַשע־דיקטער אבר איז נאָך נישט אָפּגעשטאָרבן. דעריבער, כאָטש אַ מענטש וואָס שעמט זיך מיט זיינער אַ האַנדלונג איז טרויעריק, איז ער דאָך מער פּערפעקט פונעם אומפאַרשעמטן, וועלכער האָט גאָר קיין באַגער נישט צו לעבן ערנהאַפטיק.

אָט דאָס זענען די זאַכן וועלכע איך האָב מיר פירגענומען צו באַטירן וועגן די עמאָציעס פון פרייד און טרויער. וואָס איז נוגע די באַגערן, זענען פאַראַן גוטע אָדער שלעכטע, לויט דעם נאָך ווי זיי קומען אין אונדז אויף אויס גוטע אָדער שלעכטע עמאָציעס. און אויף וויפל זיי ווערן אין אונדז געבוירן דורך עמאָציעס וועלכע זענען ליידנשאַפטן, זענען זיי געשלאָגן מיט בלינדקייט, און וואָלטן אויך פון קיין שום נוצן נישט געווען, ווען מ׳וואָלט מענטשן געקאָנט גרינג ברענגען דערצו זיי זאָלן לעבן לויטן דיקטאַט פונעם שכל בלויז, ווי איך וועל עס ווייזן בקיצור.

## מאָטיווירונג דורך ליידנשאַפט און מאָטיווירונג דורכן שכל

צו אַלע די טואונגען צו וועלכע מיר ווערן דעטערמינירט דורכן אַן עמאָציע וועלכע איז אַ ליידנשאַפט, קאָנען מיר אויך אָן איר דורכן שכל דעטערמינירט ווערן.

יעדע האַנדלונג הייסט אַ שלעכטע, אויף וויפיל זי קומט אויף דערפון וואָס מיר ווערן אַפעקטירט דורך אַן עמאָציע פון האַס, אָדער דורך אַ וואָסער עס איז אַנדער שלעכטע עמאָציע. אַזוי ווי אָבער קיין שום האַנדלונג, באַטראַכט אין זיך אַליין, איז נישט גוט אָדער שלעכט (ווי איך האָב עס געוויזן אינעם פאָרוואָרט צו אָט דעם טייל), נאָר איינע און די זעלבע האַנדלונג איז אַמאָל גוט און אַמאָל שלעכט; קאָנען מיר דעריבער צו יענער האַנדלונג וואָס איז אַמאָל שלעכט, אָדער וועלכע קומט אויף דורך אַ שלעכטער עמאָציע, אויך צוגעפירט ווערן דורכן שכל.

דאָס דאָזיקע וועט קלערער ווערן דורך אַ משל. דער אַקט אַ קלאַפּ צו טון, אויף וויפיל ער ווערט באַטראַכט פיזיש, און אויף וויפיל מיר קוקן

זיך בלויז צו צו דעם ווי אַ מענטש הייבט אויף זיין אָרעם, דריקט צונויף זיין פויסט, און לאָזט אַרונטער די גאַנצע האַנט מיט גרויסער קראַפט, איז אַ טוגנד וואָס ווערט באַנומען דורך דער סטרוקטור פונעם מענטשלעכן קערפּער. ווען אָבער אַ מענטש, אויפגערעגט דורך כעס אָדער האַס, ווערט געפירט צונויפצודריקן זיין פויסט, אָדער אַרונטערצולאָזן זיין אָרעם, קומט שוין אָט דאָס פאַר דערפאַר, ווייל איינער און דער זעלבער אַקט קאָן ווערן פאַרבונדן מיט פאַרשידנערליי פאָרשטעלונגס-בילדער פון זאַכן; און אָט דעריבער קאָנען מיר דעטערמינירט ווערן אַדורכצופירן איינעם און דעם זעלבן אַקט, סיי דורך צעמישטע אידעיען, ווי אויך דורך קלאָרע און דייטלעכע אידעיען. איז דערפון באַשיינפּערלעך קלאָר, אַז ווען מענטשן וואָלטן געקאָנט געפירט ווערן דורכן שכל, וואָלט יעטווידער באַגער וואָס קומט אויף דורך אַן עמאָציע וועלכע איז אַ ליידנשאַפט, געוואָרן אומניצלעך. איצט לאָמיר זען, פאַרוואָס אַ באַגער, וואָס קומט אויף דורך אַן עמאָציע וועלכע איז אַ ליידנשאַפט, וואו דער גייסט איז פאַסיוו, ווערט דורך מיר גערופן אַ בלינדער באַגער.

## שכל און באַגער

אַ באַגער וואָס קומט אויף אויס פרייד אָדער טרויער, וועלכער באַציט זיך נאָר אויף איינעם אָדער אויף עטלעכע טיילן פונעם קערפּער, אָבער נישט אויפן גאַנצן קערפּער, איז אָן שום נוצן פאַרן מענטשן ווי אַ גאַנצער.

אַזוי ווי פרייד באַציט זיך מייסטנטיילס אויף איין טייל פונעם קערפּער בלויז, נעמט דעריבער אונדזער באַגער צו פּרעזערווירן אונדזער זייך, געוויינטלעך נישט אין באַטראַכט דאָס געזונט פונעם קערפּער ווי אַ גאַנצער. דאַרף מען צו אָט דעם נאָך צוגעבן, אַז די באַגערן וואָס באַהערשן אונדז רעכענען זיך צום מייסטן נאָר מיט דער איצטיקער צייט און נישט מיט דער קומענדיקער צייט.

אַ באַגער וואָס קומט אויף דורכן שכל, קאָן נישט איבערכאַפּן די מאָס.

אויף וויפיל דער גייסט באַנעמט זאַכן לויטן דיקטאַט פונעם שכל, ווערט ער אַפעקטירט אין אַ גלייכער מאָס, אַלצאיינס צי די אידעיע איז וועגן אַ קומענדיקער, אַ פאַרגאַנגענער, אָדער אַן איצטיקער זאַך.

ווען מיר וואָלטן געקאָנט האָבן אַן אַדעקוואַטע דערקענטעניש וועגן דעם דויער פון זאַכן, און קאָנען מיטן שכל דעטערמינירן די צייטן פאַר זייער עקזיסטענץ, וואָלטן מיר געקאָנט באַטראַכטן קומענדיקע זאַכן מיט דער זעלבער עמאָציע ווי איצטיקע, און דער גייסט וואָלט באַגערט דאָס גוטע, וואָס ער באַנעמט ווי אַזוינס וואָס דאַרף ערשט קומען שפּעטער, אַזוי ווי ס׳וואָלט שוין איצט בייגעווען, און וואָלט במילא שוין נויטווענדיק אַדורכגעלאָזט אַ קלענער גוטס איצט פאַר אַ גרעסער גוטס שפּעטער, און וואָלט ווינציק וואָס באַגערט אַן איצטיק גוטס, וואָס איז אָבער די סיבה פאַר אַ וואָסער עס איז שלעכטס שפּעטער, ווי איך וועל עס דאָ באַלד ווייזן.

מיר קאָנען אָבער וועגן דעם דויער פון זאַכן האָבן נאָר אַ העכסט אינאַדעקוואַטע אידעיע, און די צייטן פאַר זייער עקזיסטענץ קאָנען מיר דעטערמינירן דורך דער פאָרשטעלונגס־קראַפט בלויז, וועלכע ווערט נישט פונקט אַזוי גלייך אַפעקטירט דורכן פאָרשטעלונגס־בילד וועגן אַן איצ־טיקער זאַך ווי וועגן אַ קומענדיקער. אָט דערפון נעמט זיך עס, וואָס די אמתע דערקענטעניש וועלכע מיר האָבן וועגן גוט און שלעכט איז נאָר גאַנץ אַבסטראַקט אָדער אַלגעמיין, און דעם אורטייל וועלכן מיר טראָגן אַרויס וועגן דעם סדר פון זאַכן און דער פאַרבינדונג צווישן זייערע סיבות, כדי צו קאָנען באַשטימען וואָס ס׳איז פאַר אונדז גוט אָדער שלעכט אינעם איצטיקן מאָמענט, איז גיכער די פאָרשטעלונג אונדזערע איידער די רעאַליטעט.

דאַרף דעריבער קיין וואונדער נישט זיין, וואָס אַ באַגער וועלכער קומט אויף דורך אָט אַזאַ מין דערקענטעניש וועגן גוט און שלעכט, אויף וויפל אָט דער באַגער האָט אין זינען די קומענדיקע צייט, קאָן אַ סך גיכער צוריקגעהאַלטן ווערן, ווי דער באַגער צו זאַכן וואָס זענען איינגענעם אין איצטיקן מאָמענט.

דער וואָס ווערט געפירט דורך מורא, און טוט וואָס ס׳איז גוט כדי דאָס שלעכטע צו פאַרמיידן, ווערט נישט געפירט דורכן שכל.

די אַבערגלויביקע, — וואָס ווייסן בעסער ווי צו זידלען פאַר פע־לערן איידער צו לערנען גוטע מידות, און וועלכע באַמיען זיך צו פירן מענטשן נישט דורכן שכל, נאָר כדי זיי צו האַלטן אין צוים, זיי אַזוי אָנשרעקן, אַז יענע זאָלן וויכן פון שלעכטס נישט ווייל זיי האָבן ליב טוגנד, — האָבן קיין שום אַנדער ציל נישט ווי נאָר אויך אַנדערע צו מאַכן אַזוי מיזעראַבל ווי זיי אַליין זענען עס. ס׳איז דעריבער גאָר קיין וואונדער נישט וואָס זיי זענען, בכלל גענומען, פאַר מענטשן אַ לאַסט און ווערן דורך זיי געהאַסט.

דורכן באַגער וואָס קומט אויף דורכן שכל, גייען מיר דירעקט נאָך דעם גוטן, און מיידן אומדירעקט אויס דאָס שלעכטע.

דאָס קאָן אילוסטרירט ווערן דורך אַ משל מיט אַ קראַנקן און אַ געזונטן. דער קראַנקער שלינגט אַרונטער דאָס וואָס איז אים דערווידער, אויס מורא פאַרן טויט, דער געזונטער אָבער האָט הנאה פון זיין עסן און געניסט אַזוי נאָך בעסער פונעם לעבן, ווי בעת ער וואָלט מורא געהאַט פאַרן טויט, און געזוכט אים דירעקט צו פאַרמיידן. פונקט אָט אַזוי ווערט דורכן שכל בלויז געפירט דער ריכטער, וואָס פאַרמשפט צום טויט אַ שול־דיקן פאַרברעכער, נישט אויס האַס אָדער כעס, און אַז. וו., נאָר אויס ליבע צום עפנטלעכן וואוילזיין.

די דערקענטעניש פונעם שלעכטן, איז אַן אינאַדעקוואַטע דער־קענטעניש.

די דערקענטעניש פונעם שלעכטן איז דער טרויער זעלבסט, אויף וויפיל מיר זענען זיך באַוואוסט וועגן אָט דעם. אָבער טרויער איז אַן איבערגאַנג צו אַ קלענערער פערפעקטקייט, וואָס קאָן איבער אָט דעם נישט פאַרשטאַנען ווערן דורך דער עסענץ זעלבסט פונעם מענטשן. און אָט דערפאַר איז עס אַ ליידנשאַפט (אָדער אַ פּאַסיווקייט פונעם גייסט) וואָס הענגט אָפּ פון אינאַדעקוואַטע אידעיען, און במילא שוין איז די דערקענטעניש פונעם שלעכטן אינאַדעקוואַט.

דערפון איז געדרונגען, אַז ווען דער מענטשלעכער גייסט וואָלט געהאַט נאָר אַדעקוואַטע אידעיען בלויז, וואָלט ער נישט געפורעמט קיין שום קאָנצעפּציע וועגן שלעכטס.

אונטער דער אָנפירונג פונעם שכל קלויבן מיר אויס צווישן צוויי גוטע זאַכן דאָס גרעסערע גוטס, און צווישן צוויי שלעכטע זאַכן דאָס קלע־נערע שלעכטס.

מיר וועלן אונטער דער אָנפירונג פונעם שכל אויסקלויבן דאָס קלענערע שלעכטס ווי דאָס וואָלט געווען אַ גרעסער גוטס, און מיר וועלן אַדורכלאָזן דאָס קלענערע גוטס וואָס קאָן ווערן די סיבה פאַר אַ גרעסער שלעכטס. וואָרום דאָס שלעכטע וואָס ווערט דאָ אָנגערופן אַ קלענער שלעכטס, איז אין דער אמתן גוט, און דאָס קלענערע גוטס איז אין דער אמתן שלעכט. מיר וועלן דעריבער אויסקלויבן דאָס ערשטע און אַדורכלאָזן דאָס צווייטע.

אונטער דער אָנפירונג פונעם שכל שטרעבן מיר צו אַ גרעסער שפּעטערדיק גוטס איידער צו אַן איצטיק קלענער גוטס, און צו אַן איצטיק קלענער שלעכטס איידער צו אַ שפּעטערדיק גרעסער שלעכטס.

מיר וועלן אונטער דער אָנפירונג פונעם שכל שטרעבן צו אַן איצטיק קלענער שלעכטס, וואָס איז די סיבה פאַר אַ שפּעטערדיק גרעסער גוטס, און מיר וועלן אַדורכלאָזן אַן איצטיק קלענער גוטס, וואָס איז די סיבה פאַר אַ שפּעטערדיק גרעסער שלעכטס.

ווען מ'פאַרגלייכט אָט די ווערטער מיט דעם וואָס איך האָב געזאָגט אין אָנהייב פון אָט דעם טייל, וועט גרינג זיין איינצוזען דעם דיפערענץ צווישן אַ מענטש וואָס ווערט געפירט דורך אַן עמאָציע אָדער אַ מיינונג בלויז, און איינעם וואָס ווערט געפירט דורכן שכל. דער ערשטער, צי ער וויל יאָ אָדער נישט, טוט זאַכן וועגן וועלכע ער איז אין גאַנצן אומוויסנדיק; דער צווייטער אָבער הערט זיך צו קיינעם נישט צו, נאָר צו זיך אַליין, און טוט נאָר דאָס וועלכס ער ווייסט אַז ס'איז פון ערשטער וויכטיקייט אינעם לעבן, און וועלכס ער באַגערט איבער אָט דעם צום מיינסטן. דעריבער רוף איך דעם ערשטן אַ קנעכט און דעם צווייטן אַ פרייען. וועגן די גע־

וואוינהייטן און לעבנס־אויפפיר פונעם פרייען וועט איצט כדאי זיין צו זאָגן עטלעכע ווערטער.

## דער פרייער מענטש

דער פרייער מענטש טראַכט וועגן קיין זאַך נישט אַזוי ווינציק ווי וועגן טויט, און זיין חכמה באַשטייט נישט אינעם נאָכטראַכטן וועגן טויט נאָר וועגן לעבן.

פאַרן פרייען מענטש, דאָס הייסט, פאַר דעם וואָס לעבט לויטן געבאָט פונעם שכל בלויז איז דער פחד פאַרן טויט נישט זיין וועגווייזער, נאָר ער באַגערט דירעקט דאָס גוטע, דאָס הייסט, ער באַגערט אַקטיוו צו זיין, צו לעבן, און צו פרעזערווירן זיין אייגענעם זיין אויפן יסוד פונעם זוכן דאָס וואָס איז פאַר אים ניצלעך. אָט דערפאַר טראַכט ער וועגן קיין שום זאַך נישט אַזוי ווינציק ווי וועגן טויט, און זיין חכמה איז אינעם נאָכ־טראַכטן וועגן לעבן.

וואָלטן מענטשן געבוירן געוואָרן פריי, וואָלטן זיי, אַזוי לאַנג ווי זיי בלייבן פריי, נישט געפורעמט קיין שום קאָנצעפּציע וועגן גוט און שלעכט.

פריי, האָב איך געזאָגט, איז דער וואָס ווערט בלויז דורכן שכל געפירט. ווער, דעריבער, ס׳ווערט געבוירן פריי און בלייבט פריי, האָט נישט קיין שום אַנדערע ווי נאָר אַדעקוואַטע אידעיען. אָט דערפאַר האָט ער קיין שום קאָנצעפּציע נישט וועגן שלעכט, און במילא שוין אויך נישט וועגן גוט (וואָרום גוט און שלעכט זענען צווישן זיך פאַרבונדן — איינס איז די צווייטע זייט פונעם אַנדערן).

די טוגנד פונעם פרייען מענטש ווייזט זיך אַרויס פונקט אַזוי גרויס אינעם פאַרמיידן געפאַרן ווי אינעם בייקומען זיי.

צוריקצוציען זיך אין דער ריכטיקער צייט, ווערט דעריבער דעם פרייען מענטש פאַררעכנט פאַר פונקט אַזאַ גרויסן קוראַזש ווי צו קעמפן; מיט אַנדערע ווערטער, דער פרייער מענטש ווייזט אַרויס פונקט אַזאַ

קוראַזש אָדער באַרעכנטקייט, סיי ווען ער ווילט אויס צו קעמפן אָדער זיך צוריקצוציען.

מיט קוראַזש פאַרשטיי איך דעם באַגער מיט וועלכן איינער שטרעבט צו פּרעזערווירן זיין אייגענעם זיין לויטן געבאָט פונעם שכל. מיט געפאַר אָבער פאַרשטיי איך דאָס אַלץ וואָס קאָן פירן צו אַ צרה, ווי צו טרויער, האָס, שטרייטיקייט, און דאָס גלייכן.

דער פרייער מענטש וואָס לעבט צווישן אומוויסנדיקע באַמיט זיך, אויף אַזוי פיל ווי נאָר מעגלעך, אויסצומיידן זייערע טובות.

יעדער איינער אורטיילט לויט זיין אייגענער דיספּאָזיציע, וואָס ס'איז גוט. דער אומוויסנדיקער דעריבער, ווען ער טוט עמעצן אַ טובה, וועט ער זי אָפּשאַצן לויט זיין דיספּאָזיציע נאָך, און ווען ער זעט, אַז דער וועמען ער האָט געטון די טובה שאַצט זי אָפּ ווינציקער ווי ער האָט זיך פאַר־געשטעלט, וועט ער טרויעריק. דער פרייער מענטש ווידער, שטרעבט זיך צו פאַרבונדן מיט אַנדערע מענטשן אין פריינטשאַפט, אָבער זיי נישט צוריקצאָלן פאַר זייערע טובות פונקט אָט דאָס וואָס איז לויט זייער גוסט נאָך, נאָר צו פירן זיך און אַנדערע לויטן פרייען אורטייל פונעם שכל, און צו טון דאָס נאָר, וואָס ער אַליין אָנערקענט ווי דאָס בעסטע. דעריבער וועט דער פרייער מענטש, אויף וויפיל נאָר מעגלעך, שטרעבן אויסצומיידן די טובות זייערע, כדי דורך די אומוויסנדיקע נישט געהאַסט צו ווערן, און כדי נישט צו דאַרפן נאָכגעבן די באַגערן זייערע, נאָר ער וועט זיך צו־האַרכן צום שכל בלויז.

איך זאָג, אויף אַזוי פיל ווי נאָר מעגלעך, וואָרום אפילו ווען זיי זענען אומוויסנדיקע מענטשן, זענען זיי אָבער דאָך מענטשן וואָס קאָנען אין אַ נויטפאַל ברענגען מענטשלעכע הילף, און קיין גרעסערס דערפון קאָן גאָר נישט זיין. אָט דערפאַר קאָן אָפט טרעפן, אַז ס'זאָל ביי זיי נייטיק זיין אָנצונעמען אַ טובה, און במילא שוין זיי אָפּדאַנקען לויט זייער גוסט נאָך. מ'דאַרף נאָך צוגעבן, אַז ביים אָפּזאָגן זיך פון זייערס אַ טובה, זאָל מען זיין זייער געהיטן, אַז ס'זאָל נישט אויסזען ווי מיר וואָלטן זיי גרינג־שעצן, אָדער ווי מיר וואָלטן צוליב קאַרגשאַפט געציטערט, טאָמער וועלן

מיר זיי דאַרפֿן צוריקצאָלן מיט אַ טובה פאַר אַ טובה, און זיי געבן דערמיט אַ גרונט זיך צו באַליידיקן, בעת מיר ווילן דאָס גאָר פאַרמיידן. ביים וויכן דעריבער פון טובות, זענען מיר אָבער מחויב צו נעמען אין באַטראַכט דאָס וואָס איז ניצלעך און בכבודיק.

נאָר פרייע מענטשן קאָנען זיך ריכטיק דאַנקבאַר זיין איינער דעם אַנדערן.

נאָר פרייע מענטשן זענען זיך באמת ניצלעך איינער דעם אַנדערן און פאַרבינדן זיך צווישנאַנאַנד מיט די שטאַרקסטע באַנדן פון פריינט־שאַפט, און נאָר זיי שטרעבן איינער ווי אַלע מיט איבערגעגעבענער ליב־שאַפט גוטס צו טון איינער דעם אַנדערן. דעריבער קאָנען נאָר פרייע מענטשן ריכטיק דאַנקבאַר זיין איינער דעם אַנדערן.

יענע דאַנקבאַרקייט וועלכע ס׳האָבן איינער פאַרן אַנדערן מענטשן, וואָס ווערן דורך בלינדן באַגער געפירט, איז מייגסטנס גיכער עפּעס אַ מין געשעפטס־אָפּמאַך, אָדער גלאַט גאָרנישט־מיינענדיקע רייד, איידער ריינע דאַנקבאַרקייט. אומדאַנקבאַרקייט ווידער, איז קיין עמאָציע נישט. דאָך איז אומדאַנקבאַרקייט געמיין, ווייל זי ווייזט מייגסטנס אָן דערויף, אַז דער מענטש איז אָן אַ מאָס אַפּעקטירט דורך האַס, כעס, גאווה אָדער זשעדנעקייט, און דאָס גלייכן.

דער אָבער וואָס ווייסט נישט, צוליב זיין נאַרישקייט, ווי צוריק אָפּצוצאָלן פאַר טובות, איז נישט אומדאַנקבאַר, און אוודאי איז דאָס נישט דער וואָס ווערט נישט באַוועגט דורך די געשאַנקען פון אַ קורטעזאַן צו דינען איר לוסט, אָדער דורך מתנות פון אַ גנב זיינע גנבות צו פאַרדעקן, און דאָס גלייכן: פאַרקערט גאָר, אָט דאָס ווייזט אָן אַז ער האָט אַ שטאַנד־האַפטיקן גייסט, אַז ער לאָזט זיך נישט אונטערקויפן דורך קיין שום געשאַנקען, צו שעדיקן זיך אָדער די געזעלשאַפט.

דער פרייער מענטש האַנדלט קיינמאָל נישט שווינדלעריש, נאָר תמיד מיט ערלעכקייט.

אויב אַ פרייער מענטש וואָלט, אויף וויפיל ער איז פריי, געטון עפּעס־וואָס מיט שווינדל, וואָלט ער דאָך דאָס געטון לויטן דיקטאַט פונעם

שכל (וואָרום נאָר אין אָט דעם זינען רופן מיר אים פריי); און ס׳וואָלט דעריבער געווען אַ טוגנד צו האַנדלען שווינדלעריש, און במילא וואָלט פאַר יעדן איינעם, כדי צו פּרעזערווירן זיין אייגענעם זיין, געווען מער ניצלעך צו האַנדלען שווינדלעריש, דאָס הייסט (ווי ס׳איז קלאָר פון זיך אַליין), ס׳וואָלט פאַר מענטשן געווען מער ניצלעך מיט ווערטער בלויז צונויפשטימען צווישן זיך און מיט זייערע מעשים זיין איינער אַנטקעגן אַנדערן, וואָס ס׳איז דאָך אַן אַבסורד. דעריבער האַנדלט דער פרייער מענטש קיינמאָל נישט שווינדלעריש, נאָר תמיד מיט ערלעכקייט.

דער מענטש וואָס ווערט געפירט דורכן שכל, איז מער פריי אין אַ מדינה, וואו ער לעבט אונטער אַ געמיינשאַפטלעכן געזעץ־סיסטעם, ווי אין איינזאַמקייט, וואו ער איז נישט אונטערגעוואָרפן צו קיין שום געזעץ און פאָלגט נאָר אויס זיך אַליין.

אָט דאָס און ענלעכע אָבסערווירונגען, וואָס איך האָב געמאַכט וועגן אמתער מענטשלעכער פרייהייט, רעכן איך צו צו גייסטיקער שטאַרקייט, דאָס הייסט, צו קוראַזש און צו נאָבלקייט פון כאַראַקטער. איך האַלט אָבער נישט, אַז ס׳איז דאָ נייטיק אָנצואווייזן באַזונדער אויף אַלע אייגנשאַפטן פון גייסטיקער שטאַרקייט, און נאָך אַ סך ווינציקער איז דאָ נייטיק אויפצואווייזן, אַז דער גייסטיק־שטאַרקער איז קיינעם נישט קיין שונא, איז אויף קיינעם נישט אין כעס, איז קיינעם נישט מקנא, איז אויף קיינעם נישט אויפגעבראַכט, אונטערשאַצט קיינעם נישט, און ווינציקער ווי אַלץ איז ער אַ בעל־גאווה. אויף אָט דעם און אויף אַלץ וואָס האָט אַ שייכות צום אמתן לעבן און רעליגיע, האָב איך שוין פריער אָנגעוויזן, און דאָס איז, אַז האָס קאָן מען מיט ליבע בייקומען, און אַז יעדער איינער וואָס ווערט געפירט דורכן שכל, באַגערט אויך פאַר אַנדערע דאָס גוטע וואָס ער פאַרלאַנגט פאַר זיך אַליין.

ס׳דאַרף דאָ נאָך צוגעגעבן ווערן, אַז דער גייסטיק־שטאַרקער מענטש האָט פריער פאַר אַלץ תמיד אין זינען, אַז אַלצדינג דרינגט אַרויס אויס דער נויטווענדיקייט פון דער געטלעכער נאַטור; און דערפאַר איז אַלץ דאָס וועגן וועלכן ער דענקט אַז ס׳איז שעדלעך און שלעכט, און וועלכס

ס׳זעט אים דערצו נאָך אויס צו זיין אומטאַראַליש, אָפּשיילעך, אומגערעכט און געמיין, אַז אָט דאָס אַלץ נעמט ביי אים אָן אַזאַ מין אויסזען, בלויז איבער זיין אייגענעם צעשויבערטן, צעברעקלטן און צעמישטן באַנעם פונעם אוניווערס.

אָט דערפאַר שטרעבט ער פריער פאַר אַלץ צו באַנעמען זאַכן ווי זיי זענען אין זיך אַליין און צו באַזייטיקן די שטערונגען צו אַן אמתער דערקענטעניש. אַזוינע שטערונגען זענען: האַס, כעס, קנאה, אָפּשפּעטן, גאווה און נאָך עמאָציעס פון אָט דעם מין, וועלכע איך האָב שוין פריער דערמאָנט. דערפאַר שטרעבט ער, ווי שוין פריער געזאָגט, אויף וויפיל דאָס איז נאָר אין זיינע מעגלעכקייטן, גוטס צו טון און גיין זיין וועג אין פרייד.

ווי ווייט אָבער ס׳גרייכט די מענטשלעכע טוגנד כדי אים צוצופירן צו אָט דעם דאָזיקן, און אין וואָס ס׳איז איר כוח — וועל איך ווייזן אין קומענדיקן טייל.

## צוגאָב

### וועגן דעם ריכטיקן אויפפיר אין לעבן

דאָס וואָס איך האָב דאָ אין דעם טייל געזאָגט וועגן דעם ריכטיקן אויפפיר אין לעבן, איז נישט געווען איינגעאָרדנט אויף אַזאַ אופן, אַז מ׳זאָל עס מיט איין בליק קאָנען אַרומכאַפּן, נאָר איז דאָ און דאָרט אַזוי דערוויזן געוואָרן, אַז איך זאָל קאָנען גרינג אַרויספירן איין פּראָפּאָזיציע אויס דער אַנדערער. האָב איך דעריבער באַשטימט זיי אַלע דאָ צונויפצונעמען און זיי פאַרלייגן אין זייערע וויכטיקסטע הויפּט־פונקטן.

1. אַלע אונדזערע שטרעבונגען אָדער באַגערן דרינגען אַזוי אַרויס אויס דער נויטווענדיקייט פון אונדזער נאַטור, אַז זיי קאָנען פאַרשטאַנען ווערן אַנטוועדער דורך אָט דער נאַטור אַליין, ווי זייער סאַמע נאָענטסטע סיבה, אָדער אויף וויפיל מיר זענען אַ טייל פון דער נאַטור, וואָס קאָן נישט אַדעקוואַט באַנומען ווערן דורך זיך אַליין, אָן שום אַנדערע אינדיווידן.

2. באַגערן וואָס דרינגען אַרויס אויס אונדזער נאַטור אויף אַזאַ אופן אַז זיי קאָנען נאָר דורך איר אַליין פאַרשטאַנען ווערן, זענען אַזוינע באַגערן וואָס באַציִען זיך אויפן גייסט, אויף וויפיל ער ווערט באַנומען ווי באַשטייענדיק אויס אַדעקוואַטע אידעיִען. די איבעריקע באַגערן אָבער באַ־ציִען זיך אויפן גייסט, נאָר אויף וויפיל ער באַנעמט זאַכן אינאַדעקוואַט, און זייער קראַפט און פאַרמערונג קאָן נישט דורך דער מענטשלעכער מאַכט דעפינירט ווערן, נאָר דורך דער מאַכט פון די זאַכן וואָס זענען דרויסן פון אונדז. אַט דערפאַר הייסן מיט רעכט די ערשטע באַגערן אַק־טיוּוקייטן אָדער האַנדלונגען און די איבעריקע — ליידנשאַפטן אָדער פּאַסיוּוקייטן; וואָרום די ערשטע באַגערן ווייזן תּמיד אָן אויף אונדזער מאַכט, און די לעצטע, פאַרקערט ווידער, ווייזן אָן אויף אונדזער אָנמאַכט און צעבראָקלטער דערקענטעניש.

3. אונדזערע אַקטיוּוקייטן, אָדער האַנדלונגען, דאָס הייסט, יענע באַגערן וואָס ווערן דעפינירט דורך דער מאַכט פונעם מענטשן, אָדער דורכן שׂכל, זענען תּמיד גוט. די רעשט אָבער קאָנען פּונקט אַזוי זיין גוט ווי שלעכט.

4. אין לעבן איז דעריבער פריער פאַר אַלץ ניצלעך, צו דערפירן אונדזער אינטעלעקט, אָדער שׂכל, צו פּערפעקטקייט, אויף וויפיל ס׳איז נאָר פאַר אונדז מעגלעך, און אין אַט דעם בלויז באַשטייט דעם מענטשנס העכסטע גליק אָדער גייסטיקע גליקלעכקייט. וואָרום גייסטיק גליק איז נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר די באַרואיקונג פונעם געמיט, מנוחת הנפש, וואָס קומט אויף אויס דער אינטואיטיווער דערקענטעניש פון גאָט; צו דערפירן דעם אינטעלעקט צו פּערפעקטקייט, צו שלימות, איז נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר צו פאַרשטייען גאָט, גאָטס אַטריבוטן און די מעשׂים וואָס דרינגען נויטווענדיק אַרויס אויס זיין נאַטור. דער סאַמע לעצטער ציל פונעם מענטשן וואָס ווערט דורכן שׂכל געפירט, דאָס הייסט, זיין העכסטער באַגער, דורך וועלכן ער זוכט אַלע אַנדערע באַגערן צו רעגולירן, איז נאָר דער וואָס פירט אים דערצו, אַז ער זאָל האָבן אַן אַדעקוואַטע קאָנ־

צעפּציע וועגן זיך, און וועגן אַלע די זאַכן וואָס זיין אינטעליגענץ קאָן נאָר אַרומכאַפּן.

5. ס׳איז נישטאָ דעריבער קיין שכלדיק לעבן אָן אינטעליגענץ, און זאַכן זענען נאָר אויף אַזויפיל גוט אויף וויפיל זיי העלפן דעם מענטש הנאה צו האָבן פונעם אינטעלעקטועלן לעבן, וואָס ווערט דעפינירט דורך אינטעליגענץ. און פאַרקערט ווידער, ווערט אַלץ דאָס וואָס שטערט דעם מענטש צו ברענגען זיין שכל צו פּערפעקטקייט און הנאה צו האָבן פון אַ שכלדיק לעבן, אָנגערופן שלעכט.

6. אַזוי ווי אָבער אַלץ דאָס פון וועלכן דער מענטש איז די באַ־ווירקנדיקע סיבה, איז נויטווענדיק גוט, קאָן דעריבער דעם מענטשן נישט אַנדערש טרעפן קיין שלעכטס, ווי נאָר דורך אויסערלעכע סיבות; דאָס הייסט, אַז אויף וויפיל ער איז אַ טייל פון דער גאַנצער נאַטור, איז די מענטשלעכע נאַטור גענייט אויסצופאָלגן אירע געזעצן און מוז זיך צו איר צופּאַסן אויף כמעט אומענדלעכע אופנים.

7. ס׳איז אויך אוממעגלעך אַז דער מענטש זאָל נישט זיין קיין טייל פון דער נאַטור, און זאָל נישט אויספאָלגן איר אַלגעמיינע אָרדענונג. ווען אָבער דער מענטש ווערט אַריינגעוואָרפן צווישן אינדיווידן וואָס די נאַטור זייערע שטימט זיך צונויף מיט זיין אייגענער נאַטור, וועט דורך אָט דעם די קראַפט זיינע צו אַקטיווקייט אַרויסגעהאָלפן און גענערט ווערן. און פאַרקערט ווידער, אויב ער געפינט זיך צווישן אַזוינע וואָס שטימען גאָר ווינציק צונויף זיך מיט זיין נאַטור, וועט ער נישט קאָנען זיך כמעט צופּאַסן צו זיי, אויב ער אַליין וועט נישט אַדורכמאַכן גרויסע פאַרענדערונגען.

8. אַלץ דאָס אין דער נאַטור וואָס מיר האַלטן עס פאַר שלעכט, אָדער וואָס קאָן אונדז שטערן אין אונדזער עקזיסטענץ, און צו געניסן פון אַ שכלדיק לעבן, דאַרפן מיר שטרעבן צו באַזייטיקן עס אויף אַזאַ אופן

וואָס זעט אונדז אויס דער זיכערסטער. און פאַרקערט ווידער, אַלץ דאָס וואָס מיר האַלטן אַז ס'איז גוט אָדער ניצלעך פאַר דער פּרעזערווירונג פון אונדזער זיין, און וואָס מאַכט אונדז פעאיק צו געניסן פון אַ שכלדיק לעבן, דאַרפן מיר זיך עס צואייגענען פאַר אונדזער נוצן און עס פאַר־ווענדן אויפן בעסטן אופן פאַר אונדז. איטלעך איינער, אָן שום אויסנאָם, דאַרף, לויטן העכסטן רעכט אין דער נאַטור, טון אַלץ דאָס וואָס ער ווייסט, ווי ער דענקט, קאָנען נוצן זיינע אינטערעסן.

9. קיין שום זאַך קאָן זיך נישט מער צונויפשטימען מיט דער נאַטור פון אַ וואָסער עס איז זאַך, ווי די אַנדערע אינדיווידואומס פונעם זעלבן מין; דעריבער, איז פאַר דער פּרעזערווירונג פון זיין אייגענעם זיין און כדי צו געניסן פון אַ שכלדיק לעבן, פאַרן מענטש קיין שום זאַך נישט מער ניצלעך, ווי זיין מיטמענטש וואָס ווערט געפירט דורכן שכל. ווייטער, אַזוי ווי צווישן אינדיווידועלע זאַכן ווייסן מיר נישט וועגן קיין שום אַנדער זאַך, וואָס איז מער ווערטפול ווי אַ מענטש וואָס ווערט געפירט דורכן שכל, קאָן בכן קיינער נישט בעסער אַרויסווייזן די גרייס פון זיין קונסט און פון זיין טאַלענט, ווי נאָר דורכן דערציען מענטשן אַזוי, אַז זיי זאָלן קומען דערצו, צו לעבן לויטן דיקטאַט פונעם שכל בלויז.

10. אויף וויפיל מענטשן קאָנען זיך נישט פאַרטראָגן איינס דאָס אַנדערע, מחמת קנאה, אָדער דורך אַ וואָסער עס איז אַנדערער עמאָציע פון האַס, אויף אַט אַזוי פיל זענען זיי זיך איינס דאָס אַנדערע אַנטקעגנ־געשטעלט, און מוזן במילא שוין אַלץ מערער זיך שרעקן פאַר יענע וואָס זענען שטאַרקער פון זייערע מיטמענטשן.

11. געמיטער ווערן דאָך אָבער נישט דורך געווער איינגענומען, נאָר דורך ליבשאַפט און נאָבלקייט.

12. איבער אַלץ איז פאַר מענטשן ניצלעך צו זיין פאַרבונדן צווישן זיך דורך זייער לעבנס־שטייגער, און זיך איינס מיט דאָס אַנדערע פאַר־

קניפּן מיט אַזוינע בענדער, וואָס וועלן, ווי זיי האַלטן, זיין צום בעסטן צוגעפּאַסט זיי צונויפצובינדן אין איין בונד, און בכלל צו טון אַלצדינג וואָס קאָן נאָר דינען פאַר דער באַפעסטיקונג פון פריינטשאַפט.

13. פאַר דעם אָבער פאָדערט זיך געשיקטקייט און צו זיין כסדר אויף דער וואַך. זענען דאָך מענטשן נישט־געזעצט (מחמת זייער ווינציק צווישן זיי לעבן לויט די פאַרשריפטן פונעם שכל), און דערצו זענען זיי זיך מייקנסטנס מקנא איינס דאָס אַנדערע, און זענען מער גענייגט צו נקמה ווי צו מיטגעפיל. ס'פאָדערט זיך דעריבער אַ היפש ביסל כאַראַקטער־שטאַרקייט צו נעמען יעדן איינעם ווי ער איז, און זיך היטן נישט איבער־צונעמען זייערע עמאָציעס. יענע אָבער וואָס זוכן ביי מענטשן רק חסרו־נות, און ווייסן בעסער ווי מענטשן צו שעלטן און זידלען פאַר זייערע שלעכטע מידות, איידער מיט זיי איינצוקנעלן גוטע מידות, און וועלן גיכער צעברעכן מענטשלעכע געמיטער איידער זיי צו שטאַרקן, אָט די זענען אַ לאַסט אי פאַר זיך און אי פאַר אַנדערע. דערפאַר טאַקע האָבן אַ סך, מחמת צו גרויסער אומגעדולד און דורך פאַלשן רעליגיעזן ברען, געוואָלט ליבערשט לעבן צווישן חיות ווי צווישן מענטשן. זיי זענען געגליכן צו יענע יינגלעך אָדער יוגנטלעכע, וואָס נישט קאָנענדיק מיט אַ רואיק געמיט פאַרטראָגן די שטראָף־רייד פון די עלטערן, פאַרלאָזן זיי זייערע היימען, לויפן אַוועק צום מיליטער און גיבן זיך אָפּ פאַר סאָלדאַטן, אויסוויילנדיק די שוועריקייטן פון מלחמה און דעספּאָטישער דיסציפּלין, איידער די היימישע קאָמפאָרטן און דעם טאַטנס שטראָף־רייד, און וועלן אויף זיך לאָזן אַרויפ־לייגן וואָס נאָר פאַר אַ לאַסט, אַבי זיך אָפּצורעכענען מיט די עלטערן.

14. כאָטש ווי אַ כלל ווערן מענטשן אין אַלצדינג געפירט דורך זייערע אייגענע באַגערן אָדער גלוסטונגען, ברענגט זיי דאָך דאָס געזעל־שאַפטלעכע צוזאַמענלעבן פיל מערער געווינסן ווי שאָדן. איז דעריבער שוין פאַר זיי בעסער געדולדיק אַריבערצוטראָגן די עוולות אַנטקעגן זיי, און מיט פליס זיך ווידמען צו דעם אַלעם וואָס דינט דער איינשטעלונג פון האַרמאָניע און פריינטשאַפט.

15. אַלץ דאָס וואָס געהערט צו גערעכטיקייט, יושר און ערנ־האַפטיקייט, פירט צו האַרמאָניע אָדער שלום. וואָרום נישט נאָר ווערן מענטשן געקרענקט דערפון וואָס איז אומגערעכט אָדער אומיושרדיק, נאָר אויך פון דעם וואָס ווערט געהאַלטן פאַר געמיין, אָדער ווען עמעץ ווייזט אַרויס אומאַכטונג צו די אַנגענומענע זיטן אין זייער געזעלשאַפט. כדי אָבער צו געווינען ליבשאַפט, זענען ספּעציעל נייטיק יענע אייגנשאַפטן וואָס ווייזן אַ צונייגונג צו רעליגיאָזיטעט און מאָראַלישקייט.

16. ווייטער איז האַרמאָניע אָדער שלום אָפט אויך דער רעזולטאַט פון מורא; זענען אָבער אָפט אַזאַ מין האַרמאָניע אָדער שלום נישט קיין זיכערע. צו דעם דאַרף נאָך דאָ צוגעגעבן ווערן, אַז מורא קומט אויף אויס דער אָנמאַכט פונעם גייסט, און האָט דערפאַר קיין שום שייכות נישט מיטן באַנוץ פונעם שכל, פונקט ווי מיטלייד, הגם זי טראָגט אין זיך אַ געוויסע ענלעכקייט צו מאָראַלישקייט.

17. מענטשן ווערן אויך איבערגעוואונען דורך אַן אָפענער האַנט, בפרט צווישן יענע, וואָס האָבן נישט די מיטלען זיך איינצושאַפן דאָס נייטיקסטע אויף אויפצוהאַלטן זיך ביים לעבן. דאָך אָבער, אויסצושטרעקן הילף יעדן איינעם נויטבאַדערפטיקן, איז ווייט איבער די כוחות און דעם נוצן פון אַן איינצלנער פּערזאָן. וואָרום די רייכקייט פון אַ וואָסערן עס איז איינצלנעם מענטשן איז ווייט־ווייט נישט גענוגנדיק צו באַפרידיקן אַלעמען. צו דעם זענען די כאַראַקטער־פעאיקייטן פון אַן איינציקן מענטש צו באַגרענעצט, אַז ער זאָל זיך מיט אַלע מענטשן קאָנען פאַרבינדן אין פריינטשאַפט. צו זאָרגן פאַר די אָרעמע איז דעריבער דער חוב פון דער געזעלשאַפט ווי אַ גאַנצע, און געהערט נאָר צום אַלגעמיינעם וואוילזיין.

18. ביים אָננעמען טובות און ביים צוריק אָפּדאַנקען פאַר די טובות, מוז אונדזער זאָרג אַ גאַנץ אַנדערע זיין.

19. די זינלעכע ליבע, ווייטער, דאָס הייסט, די לוסט זיך צונויפצו־

פֿאַרן וואָס קומט אויף אויס קערפּערלעכער שיינקייט און בכלל יעדע סאָרט ליבע וואָס אָנערקענט פֿאַר זיך אַן אַנדער סיבה ווי די פֿרייהייט פֿונעם גייסט, גייט גרינג איבער אין האַס, אויב נישט — וואָס איז נאָך ערגער — אין אַ מין שגעון; און פּירט דעמאָלט מער צו שטרייטיקייטן ווי צו האַרמאָניע.

20. וואָס איז נוגע דעם חתונה האָבן, איז עס זיכער אַז דאָס שטימט זיך צונויף מיטן שכל, אויב דער באַגער פֿאַר פיזישער פֿאַראייניקונג ווערט נישט בלויז דורך קערפּערלעכער שיינקייט אַרויסגערופֿן, נאָר אויך דורכן באַגער קינדער צו געבערן און זיי צו דערציען צו חכמה, און דערצו נאָך ווען ביידנס ליבע, די ליבע צווישן מאַן און ווייב, האָט ווי איר סיבה נישט בלויז קערפּערלעכע שיינקייט, נאָר אויך די פֿרייהייט פֿון גייסט.

21. אויך חניפה ברענגט האַרמאָניע, אָבער נאָר דורכן העס־לעכן פֿאַרברעכן פֿון קנעכטישקייט, אָדער דורך פֿאַלשקייט. וואָרום קיינער ווערט נישט אַזוי געפֿאַנגען דורך חניפה ווי דער בעל־גאווה וועלכער וויל זיין דער ערשטער, וואָס ער איז עס אָבער נישט.

22. אין נידערגעשלאָגנקייט שטעקט אַ פֿאַלשער שיין פֿון מאָראַ־לישקייט און רעליגיאָזיטעט. און הגם נידערגעשלאָגנקייט איז פּונקט דאָס פֿאַרקערטע פֿון גאווה, איז פֿונדעסטוועגן דער נידערגעשלאָגענער צום נעענטסטן צום בעל־גאווה.

23. אויך בושה ביישטייערט צו האַרמאָניע, אָדער צו שלום, אָבער נאָר אין אַזוינע זאַכן וואָס לאָזן זיך נישט אויסבאַהאַלטן. ווייטער, אַזוי ווי בושה איז אַן אופֿן פֿון טרויער, האָט זי קיין שום שייכות נישט מיטן שכל.

24. די איבעריקע עמאָציעס פֿון טרויער וואָס דער מענטש איז זיי אונטערגעוואָרפֿן, זענען דירעקט אַנטקעגנגעשטעלט דער גערעכטיקייט, ערנהאַפֿטיקייט, יושר, מאָראַלישקייט און רעליגיע; און כאָטש אויבנאויפֿיק קאָן זיך אויסדאַכטן, אַז אויפֿגעבראַכטקייט טראָגט אין זיך עפּעס אַ שיין

פון יושר, דאָך אָבער לעבט מען אָן שום געזעץ, דאָרט וואו יעדן איינעם איז דערלויבט אַרויסצוטראָגן אַן אורטייל איבער דעם אַנדערנס מעשים, און אַליין אויסטיילן גערעכטיקייט פאַר זיך און פאַר אַנדערע.

25. באַשיידענער אויפפיר, עניוות, דאָס הייסט, דער באַגער צו געפעלן מענטשן, ווען דאָס ווערט דעטערמינירט דורכן שכל, ווערט עס צוגעשריבן צו מאָראַלישקייט. אויב אָבער דאָס קומט אויף דורך אַן עמאָציע, איז עס זוכן כבוד, אָדער דער באַגער דורך וועלכן מענטשן רייצן אויף מיינסטנטיילס שטרייטיקייטן און קריגערייען, אונטער דער פאַלשער מאַסקע פון מאָראַלישקייט. וואָרום דער וואָס באַגערט אַנדערע אַרויסצוהעלפן מיט אַן עצה אָדער מיט מעשים, אַזוי אַז זיי זאָלן קאָנען אינאיינעם מיט אים געניסן פונעם העכסטן גוטס, וועט פריער פאַר אַלץ זיך באַמיען צו געווינען זייער ליבשאַפט, און נישט ברענגען זיי צו באַוואונדערונג, כדי צו רופן די לערע אויף זיין נאָמען, און בכלל נישט געבן קיין גרונט פאַר קנאה. ווייטער, וועט ער אין זיינע שמועסן זיך אויסהיטן נישט צו דערציילן וועגן אַנדערע מענטשנס פעלערן, און וועט שטאַרק אַכטונג געבן צו רעדן ווינציק־וואָס וועגן דער מענטשלעכער אָנמאַכט, ער וועט אָבער יאָ ברייט אַרומרעדן וועגן דער מענטשלעכער טוגנד, אָדער וועגן זיין מאַכט און וועגן דעם אופן דורך וועלכן די מאַכט זיינע קאָן ווערן מער פערפעקט, שלימות־דיק, כדי מענטשן זאָלן באַוועגט ווערן, אויף וויפיל נאָר ס׳ליגט אין זייערע הענט, צו לעבן לויט די פאַרשריפטן פונעם שכל, נישט אויס מורא אָדער ווידערווילן, נאָר אויס דער עמאָציע פון פרייד בלויז.

26. אַחוץ דעם מענטשן ווייסן מיר נישט וועגן קיין שום אַנדער אינדיווידועלן וועזן אין דער נאַטור, וואָס מיר זאָלן זיך קאָנען דערפרייען מיטן גייסט זיינעם, און זיך מיט אים קאָנען פאַרבינדן אין פריינטשאַפט אָדער אין אַ וואָסערן עס איז אַנדער מין פאַרקער. דעריבער פאָדערט נישט פון אונדז דאָס געזעץ וועגן אונדזער אייגענעם נוצן, אַז מיר זאָלן פּרעזער־ווירן עפעס־וואָס, וואָס עקזיסטירט אין דער נאַטור, אַחוץ דעם מענטשן; דערצו לערנט אונדז אויך דאָס דאָזיקע געזעץ, צו פּרעזערווירן אָט די

זאַך אָדער זי צעשטערן, לויט דער פאַרשידנקייט בלויז פונעם נוצן וואָס זי האָט, און אויפן בעסטן אופן זי צופּאַסן פאַר אונדזערע באַדערפענישן.

27. דעם נוצן וואָס מיר ציען פון זאַכן וואָס זענען דרויסן פון אונדז, איז אַחוץ די דערפאַרונג און קענטעניש וועלכע מיר קריגן דורכן אָבסערווירן זיי און דורכן פאַרוואַנדלען זיי פון איין פאָרם אין אַן אַנדער פאָרם, איז דער עיקר דערפון, דאָס פּרעזערווירן פונעם קערפּער. אויס אָט דעם שטאַנדפּונקט, זענען פון סאָמע ערשטער ניצלעכקייט יענע זאַכן וואָס קאָנען אַזוי קרעפטיקן און דערנערן דעם קערפּער, אַז אַלע זיינע טיילן זאָלן ריכטיק קאָנען אויספירן זייערע פונקציעס. וואָרום וואָס מערער דער קערפּער איז פעאיק צו קאָנען אַפעקטירט ווערן אויף פילערליי אופנים און צו קאָנען אויף פילערליי אופנים אַפעקטירן אויסערלעכע קערפּערס, אַלץ מערער איז דער גייסט פעאיק צו דענקען. ווייזט זיך אָבער אַרויס, אַז זייער ווינציק אַזוינע מיני זאַכן זענען פאַראַן אין דער נאַטור. דעריבער איז פאַר דער ריכטיקער דערנערונג פונעם קערפּער נייטיק צו באַנוצן אַ סך נאַרונגס־מיטלען פון פאַרשידנאַרטיקער נאַטור. וואָרום דער מענטשלעכער קערפּער איז צונויפגעזעצט אויס אַן אַ שיעור טיילן פון אַ פאַרשידענער נאַטור, וואָס נייטיקן זיך תמיד אין פאַרשידנאַרטיקער נאַרונג, כדי דער גאַנצער קערפּער זאָל אין אַ גלייכער מאָס זיין פעאיק צו טון אַלץ דאָס, וואָס קאָן זיך אַרויסדרינגען אויס זיין נאַטור, און במילא אויך כדי דער גייסט זאָל אין אַ גלייכער מאָס זיין פעאיק צו באַנעמען אַ סך זאַכן.

28. כדי אָבער די אַלע נאַרונגס־מיטלען זיך צו פאַרשאַפן, וואָלטן נישט געקלעקט די כוחות פון יעדן איינעם באַזונדער, ווען מענטשן וואָלטן זיך נישט איינער דעם אַנדערן אַרויסגעהאָלפן. נו, אַזוי ווי אָבער געלט האָט אונדז באַזאָרגט מיט אַן אויסטויש־מיטל פאַר אַלצדינג, איז דערפון געקומען דאָס, וואָס דאָס פאַרשטעלונגס־בילד פון געלט זאָל צום מייסטן פאַרנעמען דעם גייסט פון ברייטן עולם, ווייל זיי קאָנען זיך נישט אויסמאָלן אַ וואָסער עס איז מין פרייד, וואָס זאָל נישט באַגלייט ווערן מיט דער אידעיע וועגן געלט ווי איר סיבה.

29. אַט דאָס איז אַ שלעכטע מידה נאָר ביי יענע, וואָס יאָגן זיך נאָך געלט נישט אויס נויט, אָדער כדי זיך איינצושאַפן די נייטיקע לעבנס־מיטלען, נאָר ווייל זיי האָבן זיך אויסגעלערנט די קונץ ווי אָנצוזשעבערעווען אַ פאַרמעגן, מיט וועלכן זיי גרייסן זיך אַזוי. זיי דערנערן טאַקע זייערע קערפּערס לויט געוואוינהייט, אָבער נאָר קאַרגלעך, ווייל זיי גלייבן, אַז זיי פאַרלירן אַזוי פיל פון זייער מאַיאָנטעק, וויפיל זיי גיבן אויס פאַר דער אויפהאַלטונג פון זייער קערפּער. יענע אָבער וואָס ווייסן דעם אמתן נוצן פון געלט, און מעסטן אָפּ די גרייס פון זייער פאַרמעגן לויט זייערע באַדערפעענישן בלויז, יענע לעבן צופרידן מיט ווינציק.

30. אַזוי ווי, בכן, יענע זאַכן זענען גוט, וואָס העלפן אַרויס די פאַרשידענע טיילן פונעם קערפּער צו מאַכן זיי מסוגל אויסצופירן זייערע פונקציעס, און אַזוי ווי פרייד באַשטייט אינעם פאַרמערן אָדער אינעם אַרויסהעלפן דעם מענטשנס קראַפט, אויף וויפיל ער איז צונויפגעזעצט פון גייסט און קערפּער, איז דערפון געדרונגען, אַז אַלץ דאָס וואָס פירט צו פרייד איז גוט. זעענדיק אָבער ווי זאַכן אַרבעטן נישט מיטן ציל צו געבן אונדז פרייד, און אַז זייער קראַפט צו אַקטיוויקייט איז נישט אַזוי איינגעשטעלט צו דינען אונדזערע נוצן, און אַזוי ווי פרייד באַציט זיך מייַנסטנטיילס אויף איין טייל פונעם קערפּער מערער ווי אויף די אַנדערע טיילן, קאָנען דעריבער די מייַנסטע עמאָציעס פון פרייד (אויב דער שכל און דאָס אויג זאָלן נאָר דעריבער נישט זיין אויף דער וואַך), און במילא אויך די באַגערן וואָס קומען דורך זיי אויף, איבערכאַפּן די מאָס. דאַרף מען דאָ צו אָט דעם נאָך צוגעבן, אַז פאַר דער וויכטיקסטער האַלטן מיר יענע עמאָציע, וואָס איז איינגענעם אינעם איצטיקן מאָמענט, מיר קאָנען אָבער נישט דורך פונקט אָט אַזאַ עמאָציע אינעם גייסט אָפּשאַצן דאָס וואָס דאַרף ערשט קומען.

31. אָבערגלויבן אָבער האַלט, זעט אויס, פאַרקערט גאָר, אַז גוט איז דאָס אַלץ וואָס ברענגט צו טרויער, און שלעכט איז דאָס וואָס ברענגט צו פרייד. אָבער קיינער, ווי שוין פריער געזאָגט, סיידן נאָר דער בעל־קנאה, פרייט זיך נישט איבער מיין אָנמאַכט און מיינע צרות. וואָרום וואָס

גרעסער ס'איז די פרייד מיט וועלכער מיר ווערן אַפעקטירט, צו אַן אַלץ גרעסערער פּערפעקטקייט, שלימות, גייען מיר איבער, און במילא שוין האָבן מיר אַן אַלץ גרעסערן חלק אין דער געטלעכער נאַטור. קיין שום פרייד קאָן קיינמאָל נישט שלעכט זיין, כל זמן זי ווערט רעגולירט דורך אַן אמתער פאַרשטענדעניש פון אונדזערע נוצן. און פאַרקערט ווידער, ווער ס'ווערט דורך שרעק געפירט און טוט וואָס ס'איז גוט, נאָר כדי אויסצומיידן דאָס שלעכטע ווערט ער נישט געפירט דורכן שכל.

32. די מענטשלעכע קראַפט אָבער איז זייער באַגרענעצט, און ווערט דורך דער קראַפט פון אויסערלעכע סיבות אומענדלעך איבערגעשטיגן; מיר האָבן דעריבער נישט קיין אַבסאָלוטע מאַכט צוצופּאַסן פאַר אונדזער נוצן די זאַכן וואָס זענען דרויסן פון אונדז. דאָך אָבער וועלן מיר מיט אַ רואיק געמיט איבערטראָגן אַלץ דאָס, וואָס טרעפט אונדז און וואָס איז אַנטקעגן די פאָדערונגען וועלכע ס'שטעלן אונדז אונדזערע אייגענע נוצן, אַזוי לאַנג ווי מיר ווייסן ביי זיך אַז מיר האָבן געטון אונדזער חוב, און אַז די קראַפט וואָס מיר פאַרמאָגן איז נישט געווען גענוגנדיק צו געבן אונדז דעם כוח פולשטענדיק צו פאַרמיידן דאָס וואָס האָט אונדז געטראָפן, האָבנדיק דערביי אין זינען, אַז מיר זענען נאָר איין טייל פון דער אוניווערסאַלער נאַטור, און אַז מיר זענען אונטערגעוואָרפן איר אָרדענונג.

אויב מיר וועלן אָט דאָס אַלץ קלאָר און דייטלעך פאַרשטיין, וועט יענער טייל אין אונדזער נאַטור וועלכער ווערט דעפינירט ווי פאַרשטאַנד, אָדער אינטעליגענץ, מיט אַנדערע ווערטער, דער בעסערער טייל אין אונדז, מיט אָט דעם דאָזיקן צופרידן זיין און וועט שטרעבן אָנצוהאַלטן אָט די צופרידנקייט.

וואָרום אויף וויפיל מיר זענען פאַרשטענדיקע ברואים, קאָנען מיר נישט פאַרלאַנגען עפּעס אַנדערש, ווי נאָר דאָס וואָס איז נויטווענדיק, און מיר קאָנען בכלל זיך נישט אַבסאָלוט צופרידנשטעלן מיט קיין שום אַנדער זאַך ווי נאָר מיט דעם וואָס איז אמת. דעריבער, אויף וויפיל מיר פאַרשטייען אָט דאָס אַלץ ריכטיק, אויף אָט אַזויפיל וועט האַרמאָנירן דאָס שטרעבן פונעם בעסערן טייל אין אונדז מיטן סדר פון דער נאַטור ווי אַ גאַנצע.

# עטיק — טייל 4

## א י נ ה אַ ל ט:

וועגן דעם ווערט פונעם קערפּער
(פראָפּאָזיציעס 38, 39, 40)

דער ווערט פון פרייד און טרויער
(פראָפּאָזיציעס 41, 42, 43)

זשעדנעקייט נאָך געלט, גײַיעג נאָך כבוד
(פראָפּאָזיציע 44)

אַ לויב דעם פריידיקן לעבן
(פראָפּאָזיציע 45)

ליבע פאַר האַס
(פראָפּאָזיציע 46)

דער ווערט און די ווערטלאָזיקייט פון עמאָציעס
(פראָפּאָזיציע 47)

איבערשאַצונג און אונטערשאַצונג
(פראָפּאָזיציעס 48, 49, 50, 51, 52, 53, 54)

גאווה און נידערגעשלאָגנקייט
(פראָפּאָזיציעס 55, 56, 57, 58)

מאָטיווירונג דורך ליידנשאַפט און מאָטיווירונג דורכן שכל
(פראָפּאָזיציע 59)

שכל און באַגער
(פראָפּאָזיציעס 60, 61, 62, 63, 64, 65, 66)

דער פרייער מענטש
(פראָפּאָזיציעס 67, 68, 69, 70, 71, 72, 73)

וועגן דעם ריכטיקן אויפפיר אין לעבן
(צוגאָב)

## ע ט י ק
### פינפטער טייל

### וועגן דער מאַכט פונעם אינטעלעקט
### אָדער וועגן דער פרייהייט פונעם מענטשן

---

## פ אָ ר וו אָ ר ט

**די מאַכט איבער די עמאָציעס לויט די סטאָאיקער**
**און לויט דעקאַרטן**

איך גיי איצט איבער צו יענעם טייל פון דער עטיק, וואָס גיט זיך אָפּ מיטן אופן, אָדער וועיזט דעם וועג, וואָס פירט צו פרייהייט. אין אָט דעם טייל וועל איך רעדן וועגן דער מאַכט פונעם שכל און אויפוויזן ווי גרויס ס'איז דער כוח וואָס דער שכל האָט איבער די עמאָציעס, און ווייטער, וואָס אַזוינס ס'איז פרייהייט פון גייסט אָדער גייסטיק גליק. דערפון וועלן מיר איינזען אויף וויפיל דער חכם איז מעכטיקער פונעם איגנאָראַנט. ווי אַזוי אָבער און אויף וואָס פאַר אַן אופן דער אינטעלעקט דאַרף ווערן פּערפעקט, שלימותדיק, און מיט וואָס פאַר אַ קונסט ער דאַרף זאָרגן פאַרן קערפּער, כדי ער זאָל ווי געהעריק אויספילן זיינע פונקציעס, געהערט נישט אַהער: מחמת אָט דאָס האָט צו טון מיט דער מעדיצין און דאָס פריערדיקע מיט דער לאָגיק.

דאָ וועל איך דעריבער, ווי געזאָגט, רעדן בלויז וועגן דער מאַכט פונעם גייסט, אָדער שכל, און וועל קודם כל ווייזן ווי גרויס ס'איז דער כוח זיינער, און וואָס פאַר אַ מין איבערהערשאַפט ער האָט איבער די עמאָציעס זיי צוריקצוהאַלטן און צו איבערוועלטיקן. וואָרום אַז מיר האָבן נישט קיין אַבסאָלוטע איבערהערשאַפט איבער די עמאָציעס, האָב איך שוין פריער געוויזן.

ס׳זענען די סטאָאיקער געווען מיט דער מיינונג, אַז די עמאָציעס זענען אַבסאָלוט אָפּהענגיק אין אונדזער פרייען ווילן, אַז מיר זענען זיי אַבסאָלוט בכוח צו באַהערשן. האָט זיי אָבער דאָס אַנטקעגנשטעלן זיך פון דער דערפאַרונג, און בשום אופן נישט פון זייערע פּרינציפּן, דאָך זיי געצווינגען זיך מודה צו זיין, אַז ס׳פאָדערט זיך נישט ווינציק געניטשאַפט און אָנשטרענגונג, כדי די עמאָציעס צוריקצוהאַלטן און זיי צו איבער־וועלטיקן. ס׳האָט ווער (אויב מיין זכרון דינט מיר) געפּרואווט דאָס באַווייזן דורך אַ משל מיט צוויי הינט, איינער אַ פאַרהיימישטער הונט און דער אַנדערער אַ יאָגד־הונט. ער האָט, נעמלעך, נאָך גרויס אָנשטרענגונג גע־קאָנט ברענגען דערצו, אַז דער פאַרהיימישטער הונט זאָל זיך צוגעוויינען צו יאָגד, און דער יאָגד־הונט זאָל, פאַרקערט ווידער, זיך אויפהערן יאָגן נאָך האָזן.

אָט די מיינונג [פון די סטאָאיקער] האָט אויך דעקאַרט נישט ווייניק באַגינציקט. האָט ער דאָך געהאַלטן, אַז די נשמה, אָדער דער גייסט, איז גאַנץ באַזונדערס פאַראייניקט מיט אַ באַשטימטן טייל פונעם מוח, מיטן אַזוי־גערופענעם צירבל־דריז, און אַז דורך זיין פאַרמיטלונג שפּירט דער גייסט אַלע באַוועגונגען וואָס ווערן אַרויסגערופן אינעם קערפּער, ווי אויך אין דרויסנדיקע אָביעקטן און דער גייסט קאָן, בלויז דורך זיין ווילן, באַוועגן דעם קערפּער אויף פאַרשידנערליי אופנים. דער דאָזיקער דריז הענגט, לויט דעקאַרטס מיינונג נאָך, אין מיטן מוח אַזוי, אַז ער קאָן דורך דער מינדסטער באַוועגונג פון די לעבנס־גייסטער באַוועגט ווערן. ווייטער קאָנסטאַטירט ער, אַז אָט דער דריז, איז אין מיטן מוח אויפגעהאָנגען אויף אַזוי פיל פאַרשידנערליי אופנים, וויפיל ס׳זענען פאַרשידן די אופנים דורך וועלכע דער לעבנס־גייסט שטויסט אים, און אַז צו דעם נאָך ווערן אין אָט דעם דריז איינגעדריקט אַזוי פיל פאַרשידענע שפּורן, זויפיל ס׳זענען די פאַרשידענע דרויסנדיקע אָביעקטן וועלכע שטויסן צו אים די לעבנס־גייסטער.

ווייטער האַלט ער, אַז איעדער וואונטש, אָדער ווילן, פונעם גייסט איז בטבע פאַרבונדן מיט אַ וואָסער עס איז באַוועגונג פונעם דריז. אַזוי למשל, אויב עמעץ האָט דעם ווילן צו קוקן אויף אַ וויטן אָביעקט,

וועט אַט דער ווילן פירן דערצו, אַז דאָס שוואַרצאַפּל פונעם אויג זאָל זיך אויסברייטערן; אויב אָבער ער טראַכט בלויז אויסצוברייטערן דאָס שוואַרצאַפּל, כדי צו האָבן אַט דעם ווילן, וועט דערפון גאָרנישט אַרויס־קומען. וואָרום די באַוועגונג פונעם דריז, וואָס דינט צו שטויסן די לעבנס־גייסטער קעגן דעם אָפּטישן נערוו, אַז ער זאָל אין אַן אויגנבליק אויסברייטערן אָדער צונויפציען דאָס שוואַרצאַפּל, איז דורך דער נאַטור נישט פאַרבונדן מיטן ווילן אויסצוברייטערן אָדער צונויפצוציען עס, נאָר בלויז מיטן ווילן צו קוקן אויף ווייטע אָדער נאָענטע אָביעקטן. צום לעצט, נעמט ער אָן, אַז הגם יעטווידע באַוועגונג פון אַט דעם דריז זעט אויס צו זיין פאַרבונדן דורך דער נאַטור, זינט דעם אָנהייב פון אונדזער לעבן, מיט אַ באַשטימטן געדאַנק אונדזערן, קאָנען אַט די באַוועגונגען דאָך אָבער דורך געוואוינהייט זיך אויך פאַרבינדן מיט אַנדערע געדאַנקען; וואָס ער האָט געזוכט צו דערווייזן אין זיין שריפט „די ליידנשאַפטן פון דער נשמה", ערשטן טייל, אַרטיקל 50.

אַט דערפון קומט דעקאַרט צום אויספיר, אַז ס׳איז נישטאָ אַזאַ גייסט וואָס זאָל אַזוי שוואַך זיין, אַז ער זאָל ביי גוטער אָנפירונג זיך נישט קאָנען דערשלאָגן צו אַבסאָלוטער הערשאַפט איבער זיינע ליידנשאַפטן. וואָרום זיי [די ליידנשאַפטן] זענען לויט זיין דעפיניציע נאָך „פּערצעפּ־ציעס, אָדער שפּירונגען, אָדער באַוועגונגען פון דער נשמה, וואָס באַציען זיך גאַנץ באַזונדער אויף איר, און וועלכע" — מערקט אייך נאָר! — „ווערן אַרויסגעברענגט, אויפגעהאַלטן און פאַרשטאַרקט דורך אַ וואָסער־רער עס איז באַוועגונג פון די לעבנס־גייסטער" (זע אַרטיקל 27, טייל 1, אין דעקאַרטס שריפט „די ליידנשאַפטן פון דער נשמה"). אַזוי ווי אָבער מיר קאָנען איעדן ווילן פאַרבינדן מיט יעטווידער באַוועגונג פונעם דריז, און במילא אויך פון די לעבנס־גייסטער, און אַזוי ווי די דעטערמינירונג פון אונדזער ווילן הענגט אין גאַנצן אָפּ אין אונדזער מאַכט, וועלן מיר דעריבער נאָר דעמאָלט דערגרייכן צו דער אַבסאָלוטער הערשאַפט איבער אונדזערע ליידנשאַפטן, ווען מיר וועלן אונדזער ווילן דעטערמינירן דורך זיכערע און פעסטע אורטיילן, לויט וועלכע מיר ווילן דירעקטירן אונדזערע טואונגען אין לעבן, און ווען מיר וועלן מיט אַט די אורטיילן

פאַרבינדן די באַוועגונגען פון יענעליידנשאַפטן וועלכע מיר ווילן האָבן.

דאָס איז די מיינונג פון אַט דעם באַרימטן מאַן (אויף וויפיל איך נעם עס אַרויס פון זיינע אייגענע ווערטער). איך וואָלט קוים געקאָנט גלייבן, אַז די דאָזיקע מיינונג קומט פון אַזאַ גרויסן מאַן, ווען זי וואָלט נישט געווען אַזוי חריפותדיק. איך קאָן מיך באמת נישט גענוג אָפּ־וואונדערן אויף אַט דעם פילאָזאָף, וואָס האָט זיך פעסט פירגענומען נישט צו מאַכן קיין שום אַנדערע אויספירן, ווי נאָר אויס פרינציפּן וואָס זענען פאַרשטענדלעך פון זיך אַליין, און גאָרנישט צו אַפּירמירן ווי נאָר דאָס וואָס ער נעמט אויף קלאָר און דייטלעך, און וועלכער האָט אַזוי פיל בלאַמירט די סכאָלאַסטיקער, דערפאַר וואָס זיי האָבן טונקעלע זאַכן געוואָלט דערקלערן דורך פאַרהוילענע קוואַליטעטן, — אַז ער אַליין זאָל אויפשטעלן אַזאַ היפּאָטעזע, וואָס איז מער פאַרהוילן איידער אַלע פאַר־הוילענע קוואַליטעטן?

וואָס, פרעג איך, פאַרשטייט ער אייגנטלעך אונטער פאַראייניקונג פון גייסט און קערפּער? איך מיין, וואָס פאַר אַ קלאָרער און דייטלעכער קאָנצעפּציע האָט ער וועגן אַ געדאַנק וואָס איז אויפן ענגסטן אופן פאַר־אייניקט מיט אַ וואָסערן עס איז טיילכל פון מאַטעריע? איך וואָלט זייער געוואונטשן, ער זאָל דאָ די פאַראייניקונג האָבן דערקלערט דורך איר נעענטסטער סיבה. האָט ער אָבער דעם גייסט באַנומען אַזוי פיל אַנדערש ווי דעם קערפּער, אַז ס'איז פאַר אים אוממעגלעך געווען, סיי פאַר אַט דער פאַראייניקונג אַזוי גוט ווי פאַרן גייסט גופא, אָנצוגעבן אַפילו איין איינצלנע סיבה, נאָר ער איז געווען געניט צוריקצוגיין צו דער סיבה פונעם גאַנצן אוניווערס, דאָס הייסט, צו גאָט. ווייטער וואָלט איך שטאַרק אַ בעלן געווען צו וויסן, וויפיל גראַדן פון באַוועגונג קאָן עס דער גייסט צוטיילן יענעם צירבל־דריז, און ווי גרויס איז דער כוח זיינער צו האַלטן אים אין אַ הענגענדיקן צושטאַנד? וואָרום איך וויים נישט, צי אָט דער דריז קאָן גיכער אָדער פּאַמעלעכער אַרומבאַוועגט ווערן דורכן גייסט ווי דורך די לעבנס־גייסטער, און צי די באַוועגונגען פון די ליידנשאַפטן, וועלכע מיר האָבן ענג פאַרבונדן מיט פעסטע אורטיילן, קאָנען נישט אַמאָל צוריק אָפּגעריסן ווערן פון אָט די אורטיילן דורך קערפּערלעכע

סיבות; פון וועלכן ס׳לאָזט זיך אַרויסדרינגען, אַז אַפילו ווען דער גייסט זאָל זיך האָבן פעסט פאַרנומען צו גיין אַנטקעגן אַ געפאַר און זאָל מיט אָט דעם באַשלוס פאַרבינדן די באַוועגונג פון קוראַזש, קאָן דער דריז אָבער, זעענדיק די געפאַר, קומען דאָך אין אַזאַ מין שוועבנדיקן צושטאַנד, אַז דער גייסט זאָל נישט קאָנען טראַכטן וועגן עפעס אַנדערש, ווי נאָר וועגן מאַכן פליטה. און באמת, אַזוי ווי ס׳איז נישטאָ קיין שום פאַרבינדונג צווישן ווילן און באַוועגונג, קאָן פונקט אַזוי אויך נישט זיין קיין פאַר־גלייכעניש צווישן דער מאַכט אָדער כוחות פונעם גייסט און דער מאַכט אָדער כוחות פונעם קערפער, און במילא שוין קאָנען די כוחות פון איינעם אין קיין שום פאַל נישט דעטערמינירט ווערן דורך די כוחות פונעם אַנדערן. דאַרף מען אַגב צו דעם נאָך צוגעבן, אַז אָט דער דריז געפינט זיך גאַרנישט אַזוי סיטואירט אין מיטן מוח, אַז ער זאָל אַזוי גרינג און אויף אַזוי פיל פאַרשידנערליי אופנים זיך קאָנען אַרומבאַ־וועגן, און אויך נישט אַלע נערוון ציען זיך ביז די אויסהוילונגען אינעם מוח.

איך לאָז לסוף אויס אַלץ דאָס, וואָס ער האָט אָנגעגעבן וועגן דעם ווילן און זיין פרייהייט, נאָך דעם ווי איך האָב שוין גענוג און איבערגענוג נאָכגעוויזן אַז דאָס איז פאַלש.

דעריבער, אַזוי ווי די מאַכט פונעם גייסט, ווי איך האָב שוין דאָ פריער געוויזן, ווערט דעפינירט דורך דער אינטעליגענץ, דאָס הייסט, דורך פאַרשטענדעניש, וועלן מיר דורך דער דערקענטעניש פונעם גייסט בלויז באַשטימען די הייל־מיטלען פאַר די עמאָציעס — הייל־מיטלען וועלכע יעדער מענטש קען זיי, ווי איך גלייב, פון דערפאַרונג, אָבער וועלכע ער אָבסערווירט זיי נישט אַקוראַטנע און זעט זיי נישט קלאָר, און בלויז אויס אָט דער דערקענטעניש פונעם גייסט וועל איך אַרויספירן אַלץ דאָס וואָס געהערט צו גייסטיק גליק.

# פּ ר אָ פּ אָ ז י צ י ע ס

**דאָס בייקומען די ליידנשאַפטן דורכן דערקענען זיי**

פּונקט אַזוי ווי די געדאַנקען און די אידעיען וועגן זאַכן זענען איינגעאָרדנט און פאַרבונדן אינעם גייסט, אַזוי אויך זענען די מאָדי־פיקאַציעס פונעם קערפּער, אָדער די פאָרשטעלונגס־בילדער וועגן זאַכן, פּונקט אָט אַזוי איינגעאָרדנט און פאַרבונדן אינעם קערפּער.

ווען מיר באַזייטיקן אַ באַאומרואיקונג אינעם גייסט, אָדער אַן עמאָציע, פונעם געדאַנק וועגן אַן אויסערלעכער סיבה און פאַרבינדן זי [די עמאָציע] מיט אַנדערע געדאַנקען, וועלן דעמאָלט די ליבשאַפט אָדער דער האַס צו אָט דער אויסערלעכער סיבה, ווי אויך די וואַקלעניש אינעם גייסט וואָס קומט אויף אויס אָט די עמאָציעס, צעשטערט ווערן.

אַן עמאָציע וועלכע איז אַ ליידנשאַפט, הערט אויף אַ ליידנשאַפט צו זיין אַזוי גיך ווי מיר פורעמען וועגן איר אַ קלאָרע און דייטלעכע אידעיע.

איז דערפון געדרונגען, אַז אַן עמאָציע איז אַלץ מערער אונטער אונדזער קאָנטראָל, און אַלץ ווינציקער ליידט פון איר דער גייסט, וואָס מערער מיר קענען די עמאָציע.

נישטאָ אינעם קערפּער אַזאַ מאָדיפיקאַציע, וועגן וועלכער מיר זאָלן נישט קאָנען פורעמען אַ וואָסער עס איז קלאָרע און דייטלעכע אידעיע.

איז דערפון געדרונגען, אַז ס׳איז נישטאָ קיין שום עמאָציע, וועגן וועלכער מיר זאָלן נישט קאָנען פורעמען אַ וואָסערע עס איז קלאָרע און דייטלעכע קאָנצעפּציע. וואָרום אַן עמאָציע איז די אידעיע וועגן אַ מאָדי־פיקאַציע אינעם קערפּער און מוז דעריבער ווי אַזאַ אין זיך איינשליסן אַ וואָסער עס קלאָרע און דייטלעכע קאָנצעפּציע.

אַזוי ווי ס׳איז נישטאָ גאָרנישט אַזוינס וואָס ס׳זאָל דערפון נישט

אַרויסדרינגען אַ וואָסער עס איז עפעקט, און אַזוי ווי מיר פאַרשטייען קלאָר און דייטלעך אַלץ דאָס וואָס דרינגט אַרויס אויס אַן אידעיע וועלכע איז אין אונדז אַדעקוואַט, איז דערפון געדרונגען, אַז איטלעך איינער האָט די מאַכט קלאָר און דייטלעך צו פאַרשטיין זיך און זיינע עמאָציעס, אויב נישט אַבסאָלוט איז ווינציקסטנס טיילווייז, און במילא שוין ברענגען דערצו ער זאָל צו זיי וואָס ווינציקער זיין אונטערגעוואָרפן.

כדי אָט דאָס צו דערגרייכן, דאַרפן מיר ספּעציעל ווענדן אונדזערע אָנשטרענגונגען, דער עיקר דערויף, אויף וויפיל נאָר מעגלעך קלאָר און דייטלעך צו דערקענען יעדע איינע עמאָציע, כדי דער גייסט זאָל אָט אַזוי נאָך, דורך דער עמאָציע, ווערן דעטערמינירט צו דענקען וועגן יענע זאַכן וועלכע ער נעמט אויף קלאָר און דייטלעך, און אין וועלכע ער געפינט פולשטענדיקע באַפרידיקונג; און כדי אויך די עמאָציע גופא זאָל אָט אַזוי נאָך אָפּגעטיילט ווערן פונעם געדאַנק וועגן אַן אויסערלעכער סיבה און זיך פאַרבינדן מיט אמתע געדאַנקען.

דורך אָט דעם וועט נישט נאָר ליבע, האָס, און אַז. וו., צעשטערט ווערן, נאָר ס'וועלן אויך די גלוסטענישן, אָדער באַגערן, וואָס קומען געוויינטלעך אויף דורך אָט אַזוינע עמאָציעס, נישט קאָנען איבערכאַפּן די מאָס.

דאַרף דאָ אָבער ספּעציעל אָנגעמערקט ווערן, אַז די גלוסטעניש דורך וועלכער דער מענטש ווערט באַצייכנט ווי אַן אַקטיווער, און יענע דורך וועלכע ער ווערט באַצייכנט ווי אַ פּאַסיווער (אָדער ליידנדיקער), איז איינע און די זעלבע. למשל, איך האָב געוויזן אַז די מענטשלעכע נאַטור איז אַזוי איינגעשטעלט, אַז יעדער איינער שטרעבט צו דעם, דאָס זיינע מיטמענטשן זאָלן לעבן לויט זיין גוסט נאָך; ביי אַ מענטש אָבער וואָס ווערט נישט געפירט דורכן שכל, ווערט אָט די גלוסטעניש אַ ליידנשאַפט וואָס ווערט אָנגערופן געיעג נאָך כבוד, און שיידט זיך נישט מיט קיין סך אָפּ פון גאווה; און פאַרקערט ווידער — ביי אַ מענטש וואָס לעבט לויטן געבאָט פונעם שכל, איז אָט די גלוסטעניש אַן אַקטיווקייט, אָדער טוגנד, וואָס ווערט אָנגערופן מאָראַלישקייט.

אויף אָט דעם אופן, זענען אַלע גלוסטענישן, אָדער באַגערן, נאָר

אויף אַזוי פילליידנשאַפטן, אויף וויפיל זיי קומען אויף אויס אינאַדעקוואַטע אידעיען, און זיי ווערן צוגערעכנט צו טוגנד אויב זיי ווערן אויפגעוועקט, אָדער קומען אויף, אויס אַדעקוואַטע אידעיען. וואָרום אַלע די באַגערן דורך וועלכע מיר ווערן דעטערמינירט צו טון עפּעס־וואָס, קאָנען אויפקומען פּונקט אַזוי אויס אַדעקוואַטע אידעיען ווי אויס אינאַדעקוואַטע. און מ׳קאָן גאָרנישט טראַכטן וועגן קיין מער אויסגעצייכנטן הייל־מיטל פאַר די עמאָציעס, וועלכער געפינט זיך אין אונדזער מאַכט, ווי דער וואָס באַשטייט אין אַן אמתן דערקענען פון די עמאָציעס. וואָרום דער גייסט האָט קיין שום אַנדער מאַכט נישט, ווי נאָר יענע צו דענקען און צו פורעמען אַדעקוואַטע אידעיען, ווי איך האָב עס דאָ פריער שוין געוויזן.

אַן עמאָציע צו אַ זאַך וועלכע מיר שטעלן זיך זי פאָר גלאַט אַזוי, נישט ווי אַ נויטוועדיקע, אָדער ווי אַ מעגלעכע, צי ווי אַ צופעליקע, איז, ביי גלייכע אומשטענדן, גרעסער ווי אַלע אַנדערע עמאָציעס.

אַן עמאָציע צו אַ זאַך וועלכע מיר שטעלן זיך זי פאָר ווי אַ פרייע, איז גרעסער ווי די עמאָציע צו אַ נויטוועדיקער זאַך, און איז במילא שוין נאָך גרעסער ווי די עמאָציע צו אַ זאַך וועלכע מיר שטעלן זיך זי פאָר ווי אַ מעגלעכע אָדער אַ צופעליקע. זיך פאָרצושטעלן אָבער אַ זאַך ווי אַ פרייע, קאָן נישט זיין עפּעס אַנדערש, ווי נאָר זיך פאָרשטעלן זי גלאַט אַזוי, בעת מיר ווייסן גאָרנישט וועגן די סיבות וועלכע האָבן זי דעטערמינירט אַקטיוו צו זיין. דעריבער איז אַן עמאָציע צו אַ זאַך וועלכע מיר שטעלן זיך זי פאָר גלאַט אַזוי, ביי גלייכע אומשטענדן, גרעסער ווי די עמאָציע צו אַ נויטוועדיקער, מעגלעכער אָדער צופעליקער זאַך, און איז במילא שוין די גרעסטע פון אַלע עמאָציעס.

דער גייסט האָט אַ גרעסערע מאַכט איבער די עמאָציעס און איז צו זיי אַלץ ווינציקער אונטערגעוואָרפן, אויף וויפיל ער פאַרשטייט אַלע זאַכן ווי נויטוועדיקע.

וואָס מערער אָט דאָס וויסן אַז זאַכן זענען נויטוועדיק, ווערט אָנגעווענדט אויף אינדיווידועלע זאַכן, וועלכע מיר שטעלן זיך זיי פאָר

וואָס דייטלעכער און לעבעדיקער, אַלץ גרעסער איז די מאַכט פונעם גייסט איבער די עמאָציעס, ווי דאָס ווערט אויך באַשטעטיקט דורך דער דערפאַרונג. מיר זעען דאָך, אַז דער טרויער איבער אַ וואָסערן עס איז פאַרלוירענעם גוטס ווערט געמילדערט, אַזוי גיך ווי דער מענטש וואָס האָט עס פאַרלוירן, זעט איין אַז אָט דאָס גוטס האָט בשום אופן נישט גע־קאָנט אויפגעהאַלטן ווערן. אָט אַזוי, זעען מיר אויך, אַז קיינער האָט נישט קיין רחמנות אויף אַ קליין קינד איבער דעם וואָס ס׳קאָן נישט רעדן, גיין, דענקען שכלדיק, און דערצו נאָך איבער דעם וואָס ס׳לעבט אַפּ עטלעכע יאָר כמעט אָן שום באַוואוסטזיין וועגן זיך זעלבסט. וואָלטן אָבער מייסטע מענטשן געקומען אויף דער וועלט דערוואַקסענע, און נאָר איינער אָדער אַ צווייטער וואָלטן געבוירן געוואָרן ווי קינדער, וואָלט דע־מאָלט איטלעכער געהאַט רחמנות אויף די קינדער. וואָרום מ׳וואָלט דעמאָלט די קינדהייט נישט באַטראַכט ווי עפּעס, וואָס איז נאַטירלעך און נויטווענדיק, נאָר ווי אַ פעלער אָדער אַן אומגליקלעכער צופאַל אין דער נאַטור. מ׳וואָלט דאָ געקאָנט נאָטירן נאָך פאַלן פון אָט אַזאַ סאָרט.

עמאָציעס וואָס קומען אויף דורכן שכל אָדער ווערן דורך אים אַרויסגערופן, זענען, אויב מ׳נעמט אין באַטראַכט צייט, שטאַרקער ווי יענע עמאָציעס וואָס ווערן צוגעשריבן צו אינדיווידועלע אָביעקטן, וועלכע מיר באַטראַכטן זיי ווי זיי וואָלטן איצט נישט געווען פאַר אונדז.

וואָס מערער ס׳זענען די סיבות וואָס ווירקן גלייכצייטיק, דורך וועלכע אַן עמאָציע ווערט אַרויסגערופן, אַלץ גרעסער און שטאַרקער איז די עמאָציע.

אַן עמאָציע וואָס ווערט צוגעשריבן צו אַ סך און פאַרשידנערליי סיבות, וועלכע דער גייסט באַטראַכט זיי גלייכצייטיק מיט דער עמאָציע זעלבסט, איז ווייניקער שעדלעך, און מיר זענען צו איר ווייניקער אונטערגעוואָרפן און ווערן דורך יעדער איינער פון אירע סיבות ווייני־קער אַפעקטירט, ווי מיר וואָלטן אַפעקטירט געוואָרן דורך אַן אַנדער

עמאַציע, פּונקט אַזאַ מעכטיקע, וועלכע ווערט צוגעשריבן צו איינער אָדער צו עטלעכע סיבות בלויז.

אַזוי לאַנג ווי מיר ווערן נישט אַטאַקירט דורך עמאָציעס וואָס זענען אַנטקעגנגעשטעלט אונדזער נאַטור, האָבן מיר די מאַכט איינצו־אָרדענען און פאַרבינדן די מאָדיפיקאַציעס פון אונדזער קערפּער אין צונויפשטימונג מיט דער אָרדענונג אינעם אינטעלעקט (פאַרשטאַנד).

עמאָציעס וואָס זענען אַנטקעגנגעשטעלט אונדזער נאַטור, דאָס הייסט, זיי זענען שלעכטע, זענען שלעכט אויף אַזוי פיל נאָר ווי זיי שטערן דעם גייסט צו פאַרשטיין. אַזוי לאַנג אָבער ווי מיר ווערן נישט אַטאַקירט דורך עמאָציעס וואָס זענען אַנטקעגנגעשטעלט אונדזער נאַטור, ווערט די מאַכט פונעם גייסט מיט וועלכער ער שטרעבט צו פאַרשטיין זאַכן נישט געשטערט, און אַט אַזוי לאַנג האָט ער די מאַכט צו פורעמען קלאָרע און דייטלעכע אידעיען און זיי אַרויסצופירן איינער אויס דער אַנדערער; און ס׳איז שוין במילא אין אונדזער מאַכט אַט אַזוי לאַנג איינצואָרדענען און פאַרבינדן די מאָדיפיקאַציעס פון אונדזער קערפּער אין צונויפשטימונג מיט דער אָרדענונג אינעם אינטעלעקט.

דורך אָט דער קראַפט ריכטיק איינצואָרדענען און צו פאַרבינדן די קערפּערלעכע מאָדיפיקאַציעס, קאָנען מיר קומען דערצו, אַז מיר זאָלן נישט גרינג אַפעקטירט ווערן דורך שלעכטע עמאָציעס. וואָרום ס׳פאָדערט זיך אַ גרעסערע קראַפט צוריקצוהאַלטן עמאָציעס וואָס זענען איינגעאָרדנט און פאַרבונדן אין צונויפשטימונג מיט דער אָרדענונג אינעם אינטעלעקט, ווי אַזוינע וואָס זענען מטושטש און אומזיכער.

דאָס בעסטע דעריבער, וואָס מיר קאָנען טון, כל זמן מיר האָבן נישט קיין פּערפעקטע קענטעניש פון אונדזערע עמאָציעס, איז צוצו־טראַכטן אַ ריכטיקן אויפפיר אין לעבן, אָדער פעסטע לעבנס־כללים, און זיי איינקריצן אין אונדזער געדעכעניש, און זיי באַשטענדיק אָנווענדן צו אַלע יענע אומשטענדן וואָס מ׳באַגעגנט אין לעבן, אַזוי אַז זיי זאָלן דורך און דורך זיך איינזאַפּן אין אונדזער פאַרשטעלונגס־קראַפט, און זאָלן תמיד שטיין פאַר אונדזערע אויגן.

אַזוי למשל, האָב איך אויפגעשטעלט ווי איינעם פון די וויכ־טיקסטע כללים פאַרן לעבן, אַז האָס דאַרף מען בייקומען דורך ליבשאַפט און נאָבלקייט, און נישט מיט האָס צוריקצאָלן. כדי דעם דאָזיקן פאַרשריפט פונעם שכל צו האָבן תמיד פאַר אונדזערע אויגן, ווען נאָר מיר נייטיקן זיך אין אים, דאַרף מען אָפט איבערטראַכטן און נאָכטראַכטן וועגן די קרענקונגען וואָס מענטשן פאַרשאַפן זיך אָפט איינער דעם אַנדערן, און ווי אַזוי און אויף וואָס פאַר אַן אופן זיי לאָזן זיך צום בעסטן אָפּווערן דורך נאָבלקייט. מיר וועלן אָט אַזוי נאָך די אידעיע וועגן דער באַליידי־קונג פאַרבינדן מיט דער אידעיע וועגן אָט דעם פאַרשריפט פונעם שכל, וועלכער וועט לויט אָט דער מעטאָדע תמיד גרייט זיין פאַרן באַנוץ ווען נאָר מ׳פאַרשאַפט אונדז אַ באַליידיקונג.

אויב מיר וועלן נאָך אויך האָבן פאַר די אויגן די איינזעעניש וועגן אונדזער אמתן נוצן און אויך דאָס גוטע וואָס קומט אַרויס אויס צווישנאַנאַנדיקער פריינטשאַפט און דורך דעם געזעלשאַפטלעכן צוזאַמענ־לעבן, און דערצו נאָך, אויב מיר וועלן אין זינען האָבן, אַז די העכסטע באַרואיקונג אינעם געמיט קומט אויף דורך אַ ריכטיקן אויפפיר אין לעבן, און אַז מענטשן, נישט ווינציקער ווי אַלץ איבעריקס, האַנדלען אויס דער נויטווענדיקייט פון זייער נאַטור, וועט דעמאָלט די באַליידיקונג, אָדער דער האָס וואָס קומט געוויינטלעך אויף דערפון, פאַרנעמען דעם סאַמע קלענסטן טייל אין אונדזער פאָרשטעלונג, און ס׳וועט אונדז זי [די באַ־ליידיקונג] גרינגער זיין בייצוקומען. און אויב אַפילו ס׳איז נישט אַזוי גרינג בייצוקומען דעם כעס וואָס קומט אויף איבער אַ זייער גרויסער באַליידיקונג, וועט מען אים [דעם כעס] אָבער דאָך אויף אָט דעם אופן אַ סך גרינגער בייקומען, הגם נישט אָן קיין וואַקלעניש אינעם געמיט, ווי בעת מיר וואָלטן נישט געוועזן פריער נאָכגעטראַכט וועגן אָט דעם.

פונקט אָט אַזוי דאַרפן מיר נאָכטראַכטן וועגן קוראַזש ווי וועגן אַ מיטל זיך צו באַפרייען פון שרעק; מ׳דאַרף אָפט באַרעכענען די גע־וויינטלעכע געפאַרן אין לעבן און זיך פאָרשטעלן זיי אינאיינעם מיט די מיטלען דורך וועלכע מיר קאָנען דורך גיכע איינפאַלן און גייסטיקער גבורה זיי פאַרמיידן און בייקומען. דאַרף דאָ אָבער נאָך נאָטירט ווערן,

אַז ביים איינאָרדענען אונדזערע געדאַנקען און פאָרשטעלונגס־בילדער, זאָלן מיר אין יעדער אינדיווידועלער זאַך שטענדיק נעמען אין באַטראַכט נאָר דאָס וואָס איז גוט, כדי מיר זאָלן תמיד דעטערמינירט ווערן צו האַנדלען דורך אַן עמאָציע פון פרייד.

למשל, ווען אַ מענטש זעט אַז ער איז צו שטאַרק פאַרקאָכט אין זיין געיעג נאָך כבוד, זאָל ער גוט נאָכטראַכטן וועגן דעם ריכטיקן באַנוץ פון כבוד, דעם ציל צוליב וועלכן ער יאָגט זיך נאָך אים, און וועגן די מיטלען דורך וועלכע ער קאָן דעם כבוד דערגרייכן. ער זאָל נישט טראַכטן וועגן שלעכטן באַנוץ פונעם כבוד, וועגן דער נישטיקייט דערפון, און וועגן דער נישט־געזעצטקייט פון מענטשן און נאָך אַט אַזוינע מיני זאַכן, וועגן וועלכע ס׳טראַכט נאָר יענער וואָס איז אין אַ קרענקלעכן געמיטס־צושטאַנד. וואָרום דווקא יענע וואָס יאָגן זיך נאָך כבוד ווערן צום שטאַרקסטן געפייניקט דורך אַט אַזוינע געדאַנקען, ווען זיי זענען זיך מיאש פון דערגרייכן דעם הייס־באַגערטן כבוד; און בעת זיי שוימען מיט צאָרן, ווילט זיך זיי אויסזען ווי חכמים. ס׳איז דעריבער זיכער, אַז די וואָס מאַכן די גרעסטע גוואַלדן אַנטקעגן שלעכטן באַנוץ פון כבוד און וועגן דער נישטיקייט פון דער וועלט, זענען עס גראָד יענע וואָס זענען צום שטאַרקסטן זשעדנע נאָך כבוד.

איז אַט דאָס אָבער נישט קיין ספּעציעלע אייגנשאַפט נאָר ביי יענע וואָס יאָגן זיך נאָך כבוד, נאָר איז געמיינשאַפטלעך פאַר אַלע די, וואָס דאָס גליק האָט זיי נישט צוגעשפּילט און זענען אָנמעכטיק אין זייער געמיט. וואָרום אויך אַ נאָך געלט־דאָרשטיקער אָרעמאַן, הערט נישט אויף צו רעדן וועגן דעם שלעכטן באַנוץ פון געלט און וועגן די שלעכטע מידות פון די גבירים; דערמיט קוועלט ער נאָר זיך אַליין, און ווייזט דער וועלט אַז נישט נאָר קאָן ער נישט פאַרטראָגן זיין אייגענע אָרעמקייט נאָר אויך יענעמס רייכקייט. פונקט אַט אַזוי טראַכטן נישט וועגן עפּעס אַנדערש יענע וואָס זענען שלעכט אויפגענומען געוואָרן דורך אַ געליבטער פרוי, ווי נאָר וועגן דער נישט־געזעצטקייט פון ווייבער, וועגן זייער פאַלשקייט און וועגן נאָך אַנדערע איינגערעדטע פעלערן זייערע; זיי

פאַרגעסן אָבער גלייך אָט דאָס אַלץ, אַזוי גיך ווי זיי ווערן דורך זייערע געליבטע ווידער גוט אויפגענומען.

יענער אָבער וואָס זוכט צו איבערוועלטיקן זיינע עמאָציעס און גלוסטונגען בלויז דורך דער ליבשאַפט צו פרייהייט, שטרעבט מיט אַלע זיינע כוחות קענען צו לערנען די טוגנדן און די סיבות זייערע, און זיין גייסט אָנצופילן מיט דער פריידיקייט וואָס קומט אויף אויס זייער אמתער דערקענטעניש; ער וועט נישט האָבן דעם מינדסטן חשק צו זוכן פעלערן ביי יענעם, אָדער צו דערנידעריקן זיינע מיטמענטשן, און זיך קוויקן מיט אַ פאַלשן אָנשטעל פון פרייהייט. און ווער ס׳וועט מיט פלייסיקייט אַכטונג געבן אויף דעם וואָס איז דאָ געזאָגט געוואָרן, און זיך איינגעוויינען צו פראַקטיצירן די דאָזיקע פאָרשריפטן (וועלכע זענען, כ׳לעבן, גאָר נישט אַזוי שווער), דעם וועט זיכער אין משך פון אַ קורצער צייט זיך איינגעבן אין מייסטנס פאַלן צו דירעקטירן זיינע האַנדלונגען לויט די באַפעלן פונעם שכל.

וואָס מערער ס׳זענען די אָביעקטן אויף וועלכע אַ פאָרשטעלונגס־בילד באַציט זיך, אַלץ אָפטער איז עס דאָ, אָדער אַלץ אָפטער ווערט עס אויפגעלעבט, און אַלץ מערער איז דער גייסט דערמיט פאַרנומען.

פאָרשטעלונגס־בילדער וועגן זאַכן ווערן גרינגער פאַרבונדן מיט פאָרשטעלונגס־בילדער וואָס באַציען זיך אויף אַזוינע זאַכן, וועלכע מיר פאַרשטייען קלאָר און דייטלעך, ווי מיט אַנדערע.

מיט וואָס מערער אַנדערע פאָרשטעלונגס־בילדער אַ וואָסער עס איז פאָרשטעלונגס־בילד איז פאַרבונדן, אַלץ אָפטער ווערט עס אויפ־געלעבט.

דער גייסט קאָן ברענגען דערצו, אַז אַלע מאָדיפיקאַציעס פונעם קערפּער, אָדער אַלע פאָרשטעלונגס־בילדער פון זאַכן, זאָלן זיך באַציען אויף דער אידעיע וועגן גאָט.

דער וואָס פאַרשטייט קלאָר און דייטלעך זיך אַליין און זיינע עמאָציעס, האָט ליב גאָט, און אַלץ מערער, וואָס מערער ער פאַרשטייט זיך אַליין און זיינע עמאָציעס.

אָט די ליבע צו גאָט דאַרף פאַרנעמען דאָס הויפּט־אָרט אינעם גייסט.

גאָט איז פריי פון ליידנשאַפטן, און ווערט אויך נישט אַפעקטירט דורך קיין שום עמאָציעס פון פרייד אָדער טרויער.

דעם אמת געזאָגט, האָט גאָט קיינעם נישט ליב און קיינעם נישט פיינט. וואָרום גאָט ווערט נישט אַפעקטירט דורך קיין שום עמאָציע פון פרייד אָדער טרויער, און במילא האָט ער דעריבער אי קיינעם נישט ליב און אי קיינעם נישט פיינט.

קיינער קאָן גאָט נישט פיינט האָבן.

ס'איז אוממעגלעך אַז די ליבשאַפט צו גאָט זאָל זיך איבערדרייען אין פיינטשאַפט.

דער וואָס האָט ליב גאָט קאָן נישט שטרעבן דערצו אַז גאָט זאָל אים צוריקצאָלן מיט ליבשאַפט.

די דאָזיקע ליבע צו גאָט קאָן נישט באַפלעקט ווערן נישט דורך דער עמאָציע פון קנאה און נישט דורך אייפערזוכט; נאָר ווערט אַלץ מערער גענערט, וואָס מערער מענטשן זענען, ווי מיר שטעלן זיך פאָר, פאַרבונדן מיט גאָט דורך אָט דעם באַנד פון ליבע.

אויף אָט דעם אופן קאָן מען אויפווייזן, אַז ס'איז נישט פאַראַן קיין שום עמאָציע אַזאַ, וואָס זאָל אָט דער ליבשאַפט דירעקט זיין אַזוי אַנטקעגנגעשטעלט, אַז זי זאָל זי קאָנען צעשטערן. מיר קאָנען דעריבער מאַכן דעם אויספיר, אַז די ליבע צו גאָט איז צווישן אַלע עמאָציעס די סאַמע שטאַנדהאַפטיקסטע, און אַז אויף וויפיל זי באַציט זיך אויפן קערפּער, קאָן זי צעשטערט ווערן נאָר דעמאָלט ווען אויך דער קערפּער ווערט צעשטערט. וואָס איז נוגע איר נאַטור אָבער, אויף וויפיל זי באַציט זיך אויפן גייסט בלויז, וועלן מיר דאָ ווייטער זען.

## די מאַכט און אָנמאַכט פונעם גייסט

דערמיט האָב איך דאָ אויסגעלייגט אַלע די הייל־מיטלען אַנט־קעגן די עמאָציעס, אָדער אַלץ דאָס וואָס דער גייסט, באַטראַכט אין זיך אַליין, קאָן קעגן זיי טון. דערפון ווערט באַשיינפערלעך קלאָר, אַז די מאַכט פונעם גייסט איבער די עמאָציעס באַשטייט:

1. אינעם אַקטועלן דערקענען די עמאָציעס.

2. אין דעם וואָס דער גייסט שיידט אָפּ די עמאָציעס פונעם גע־דאַנק וועגן דער אויסערלעכער סיבה, וועלכע מיר שטעלן זיך זי פאָר אויף אַ צעמישטן אופן.

3. אינעם פאַקט, וואָס אין משך פון דער צייט, האַלטן די עמאָצ־יעס וואָס באַציען זיך אויף זאַכן וועלכע מיר באַנעמען קלאָר און דייטלעך אין איין איבערשטייגן יענע עמאָציעס, וועלכע מיר באַנעמען אויף אַ צעמישטן און צעדרויבלטן אופן.

4. אין דער מאַסע סיבות, דורך וועלכע ס׳ווערן גענערט די עמאָציעס, וואָס באַציען זיך אויף די בשותפותדיקע אייגנשאַפטן פון זאַכן, אָדער אויף גאָט.

5. און צום לעצט, אין דער אָרדענונג, דורך וועלכער דער גייסט קאָן זיינע עמאָציעס איינאָרדענען, און זיי פאַרבינדן איינע מיט דער אַנדערער.

כדי אָט די מאַכט פונעם גייסט איבער די עמאָציעס זאָל בעסער קאָנען פאַרשטאַנען ווערן, דאַרף דאָ קודם כל נאָטירט ווערן, אַז שטאַרקע ווערן אָנגערופן יענע עמאָציעס, וואָס ווען מיר פאַרגלייכן די עמאָציע פון איין מענטש מיט דער עמאָציע פון אַן אַנדער מענטש, זעען מיר

ווי דורך איינער און דער זעלבער עמאָציע ווערט איין מענטש מער אויפ־געריט ווי דער אַנדערער; אָדער ווען מיר פאַרגלייכן איינע מיט דער אַנדערער די פאַרשידענע עמאָציעס ביי איינעם און דעם זעלבן מענטש געפינען מיר אויס, אַז ער ווערט דורך איין עמאָציע מער אַפעק־טירט, אָדער אויפגערודערט, ווי דורך אַן אַנדערער. וואָרום די קראַפט פון יעטווידער עמאָציע ווערט דעפינירט דורך אַ פאַרגלייך צווישן אונדזער אייגענער מאַכט מיט דער מאַכט פון אַן אויסערלעכע סיבה.

אַזוי ווי אָבער די מאַכט פונעם גייסט ווערט דעפינירט בלויז דורך דער דערקענטעניש, און זיין אָנמאַכט, אָדער ליידנדיקער צושטאַנד, ווערט דעפינירט בלויז דורכן אויספעלן פון דערקענטעניש, אָדער מיט אַנדערע ווערטער, לויט דעם נאָך דורך וועלכן אידעיען ווערן אָנגערופן אינאַדעקוואַטע — איז אָט דערפון געדרונגען, אַז יענער גייסט ליידט צום מיינסטן, וואָס דער גרעסטער טייל זיינער איז אויס אינאַדעקוואַטע אי־דעיען צונויפגעשטעלט, אַזוי אַז ער קאָן מער כאַראַקטעריזירט ווערן דורך זיין פאַסיוון צושטאַנד ווי דורך זיינע אַקטיווקייטן; און פון דער אַנדערער זייט, איז צום מיינסטן טייל אַקטיוו יענער גייסט וואָס דער גרעס־טער טייל זיינער איז אויס אַדעקוואַטע אידעיען צונויפגעשטעלט, אַזוי אַז אויב אַפילו ער האָט אין זיך נישט ווינציקער אינאַדעקוואַטע אי־דעיען ווי דער אַנדערער גייסט, קאָן ער פונדעסטוועגן אַ סך גיכער כאַ־ראַקטעריזירט ווערן דורך די אַדעקוואַטע אידעיען וואָס ווערן צוגערעכנט צו מענטשלעכער טוגנד, ווי דורך די אינאַדעקוואַטע אידעיען וואָס ווייזן אָן אויף דער מענטשלעכער אָנמאַכט.

ווייטער, דאַרף דאָ נאָך נאָטירט ווערן, אַז אָט דער אומגעזונטער צושטאַנד אינעם געמיט און צרות און זאָרגן האָבן מיינסטנטיילס זייער אָפּשטאַם אין אַן איבערגעטריבענער ליבע צו עפּעס־וואָס, וואָס איז אונטערגעוואָרפן צו אַ סך פאַרענדערונגען, און וועלכס מיר וועלן קיינ־מאָל נישט קאָנען באַזיצן. וואָרום קיינער איז נישט באַזאָרגט און באַ־אומרואיקט וועגן עפּעס־וואָס, וואָס ער האָט נישט ליב; און אַלע באַ־ליידיקונגען, פאַרדאַכטן, פיינטשאַפטן, און אַז. וו., קומען נאָר אויף אויס ליבע צו זאַכן, וועלכע קיינער קאָן זיי באמת נישט באַזיצן.

אָט דערפון קאָנען מיר גרינג באַנעמען די קראַפט וועלכע אַ קלאָרע און דייטלעכע דערקענטעניש, און גאַנץ באַזונדער יענער דריטער מין דערקענטעניש, וואָס דער יסוד זיינער איז די אַקטועלע דערקענטעניש פון גאָט, פאַרמאָגט איבער די עמאָציעס; און אויב אַפילו אָט די דער־קענטעניש באַזייטיקט נישט אַבסאָלוט די עמאָציעס אויף וויפיל זיי זענען ליידנשאַפטן, ברענגט זי אָבער דאָך דערצו, אַז זיי זאָלן פאַר־נעמען אַ זייער קליינעם טייל פונעם גייסט. דערצו נאָך געבערט זי [אָט די דערקענטעניש] די ליבשאַפט צו אַ זאַך וואָס איז אומפאַרענדערלעך און אייביק, וועלכע ווערט אונדז באמת איבערגעגעבן אין אונדזער רשות. אָט די ליבע קאָן אויך דעריבער נישט באַפלעקט ווערן דורך אַלע די פעלערן וואָס זענען איינגעבוירן אין געוויינטלעכער ליבע, נאָר זי קאָן וואַקסן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, און פאַרנעמען דעם גרעסטן טייל פונעם גייסט, און אים טיף אַדורכדרינגען.

דערמיט האָב איך פאַרענדיקט מיט דעם אַלעם וואָס האָט צו טון מיטן לעבן אויף דער וועלט. איך וועל איצט איבערגיין צו דעם וואָס איז נוגע דעם דויער פונעם גייסט, אָן שום פאַרבינדונג מיטן קערפּער.

## אומשטערבלעכקייט אָדער אייביקייט

דער גייסט קאָן נאָר אַזוי לאַנג זיך פאָרשטעלן וואָס עס איז, אָדער זיך דערמאָנען אין זאַכן פון דער פאַרגאַנגענהייט, כל זמן דער קערפּער עקזיסטירט.

דער גייסט דריקט אויס די אַקטועלע עקזיסטענץ פון זיין קער־פּער און באַנעמט אויך די מאָדיפיקאַציעס פונעם קערפּער ווי אַקטועלע, אַזוי לאַנג נאָר ווי דער קערפּער געדויערט, און במילא באַנעמט ער אַ קערפּער ווי אַן אַקטועל־עקזיסטירנדיקן, אַזוי לאַנג נאָר ווי זיין אייגענער קערפּער עקזיסטירט. און אָט דעריבער קאָן דער גייסט זיך פאָרשטעלן וואָס עס איז, אָדער זיך דערמאָנען אין זאַכן פון דער פאַרגאַנגענהייט, אַזוי לאַנג נאָר ווי דער קערפּער עקזיסטירט.

אין גאָט איז דאָך אָבער נויטווענדיק פאַראַן אַן אידעיע וואָס דריקט אויס די עסענץ פון דעם אָדער יענעם מענטשלעכן קערפּער אונטער דער פאָרם פון אייביקייט.

דער מענטשלעכער גייסט קאָן נישט אַבסאָלוט צעשטערט ווערן אינאיינעם מיטן קערפּער, נאָר ס׳בלייבט עפּעס־וואָס איבער פונעם גייסט וואָס איז אייביק.

די דאָזיקע אידעיע וואָס דריקט אויס, ווי געזאָגט, די עסענץ פונעם קערפּער אונטער דער פאָרם פון אייביקייט, איז נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר אַ געוויסער אופן פון דענקען וואָס געהערט צו דער עסענץ פונעם גייסט, און איז נויטווענדיק אייביק. דאָך אָבער איז אוממעגלעך מיר זאָלן געדענקען, אַז מיר זאָלן שוין האָבן עקזיסטירט פאַרן קערפּער, וואָרום ס׳איז אינעם קערפּער נישטאָ קיין שום שפּורן וועגן אַזאַ מין עק־זיסטענץ, און אייביקייט קאָן דורך צייט נישט דעפינירט ווערן, אָדער בכלל האָבן אַ וואָסער עס איז פאַרבינדונג מיט צייט.

פונדעסטוועגן אָבער שפּירן מיר און וויסן פון דערפאַרונג, אַז מיר זענען אייביק. דען דער גייסט שפּירט יענע זאַכן וועלכע ער באַ־נעמט דורכן פאַרשטאַנד, נישט ווינציקער ווי די וועלכע ער געדענקט. וואָרום די אויגן פונעם גייסט, דורך וועלכע ער זעט און אָבסערווירט זאַכן, זענען נישט עפּעס אַנדערש ווי די [לאָגישע] באַווייזן. דעריבער, כאָטש מיר געדענקען נישט, אַז מיר זאָלן שוין האָבן עקזיסטירט פריער פאַרן קערפּער, שפּירן מיר דאָך אָבער אַז אונדזער גייסט, אויף וויפיל ער שליסט אין זיך איין די עסענץ פונעם קערפּער אונטער דער פאָרם פון אייביקייט, איז אייביק, און אַז אָט די עקזיסטענץ זיינע קאָן נישט דורך צייט דעפינירט ווערן, אָדער דורך דויער דערקלערט ווערן.

מ׳קאָן דעריבער וועגן אונדזער גייסט נאָר אויף אַזוי פיל זאָגן, אַז ער איז דויערנדיק, און זיין עקזיסטענץ קאָן נאָר אויף אַזוי פיל דורך אַ באַשטימטער צייט דעפינירט ווערן, אויף וויפיל ער שליסט אין זיך איין די אַקטועלע עקזיסטענץ פונעם קערפּער. און אויף אָט אַזוי פיל נאָר

האָט ער די מאַכט צו באַשטימען די עקזיסטענץ פון זאַכן דורך צייט, און זיי צו באַנעמען אונטער דער קאַטעגאָריע פון דויער.

## די אינטואיטיווע דערקענטעניש

וואָס מערער אינדיווידועלע זאַכן מיר פאַרשטייען, אַלץ מערער פאַרשטייען מיר גאָט.

דאָס העכסטע שטרעבן פונעם גייסט און זיין העכסטע טוגנד, איז צו פאַרשטיין זאַכן דורכן דריטן [אינטואיטיוון] מין פון דערקענטעניש.

וואָס פעאיקער ס׳איז דער גייסט צו פאַרשטיין זאַכן דורכן דריטן [אינטואיטיוון] מין פון דערקענטעניש, אַלץ מערער באַגערט ער צו פאַרשטיין זאַכן דורך אָט דעם מין.

דורך אָט דעם דריטן [אינטואיטיוון] מין פון דערקענטעניש קומט אויף די העכסטע באַרואיקונג אינעם געמיט, וואָס קאָן נאָר מעגלעך זיין.

דאָס שטרעבן אָדער דער באַגער צו דערקענען זאַכן דורכן דריטן [אינטואיטיוון] מין פון דערקענטעניש, קאָן נישט אויפקומען דורכן ערשטן מין פון דערקענטעניש, וואָס איז באַגרינדעט אויף אַ מיינונג בלויז, אָדער אויף דער פאַרשטעלונגס-קראַפט, נאָר דורכן צווייטן מין פון דערקענטעניש [דאָס מיינט, דורכן אוניווערסאַלן מין פון דערקענטעניש, דאָס הייסט, דורכן שכל].

## דאָס זען זאַכן אונטער דער פאָרם פון דער אייביקייט

אַלץ דאָס וואָס דער גייסט פאַרשטייט אונטער דער פאָרם פון אייביקייט, פאַרשטייט ער עס נישט דורך דעם וואָס ער באַנעמט די איצטיקע אַקטועלע עקזיסטענץ פונעם קערפּער, נאָר דורך דעם וואָס ער באַנעמט די עסענץ פונעם קערפּער אונטער דער פאָרם פון אייביקייט.

זאַכן ווערן דורך אונדז באַנומען אויף צווייערליי אופנים: אָנט־ווערער ווי עקזיסטירנדיקע אין פאַרבינדונג מיט אַ באַשטימטער צייט

און אָרט, אָדער אויף וויפיל זיי געפינען זיך אין גאָט און דרינגען אַרויס אויס דער נויטווענדיקייט פון דער געטלעכער נאַטור. יענע זאַכן וואָס מיר באַנעמען אויף אָט דעם צווייטן אופן ווי אמתדיקע אָדער רעאַלע, באַנעמען מיר זיי אונטער דער פאָרם פון אייביקייט, און זייערע אידעיען שליסן אין זיך איין די אייביקע און אומענדלעכע עסענץ פון גאָט.

אויף וויפיל אונדזער גייסט באַנעמט זיך און דעם קערפּער אונטער דער פאָרם פון אייביקייט, האָט ער נויטווענדיק אויף אָט אַזוי פיל אַ דערקענטעניש וועגן גאָט, און ווייסט אַז ער איז אין גאָט און ווערט באַנומען דורך גאָט.

דער דריטער [אינטואיטיווער] מין פון דערקענטעניש איז אָפּ־הענגיק פונעם גייסט ווי זיין פאָרמעלע סיבה, אויף וויפיל דער גייסט אַליין איז אייביק.

דעריבער, וואָס ווייטער פאָראויס אַ מענטש איז אין אָט דעם מין דערקענטעניש, אַלץ מערער קען ער זיך אַליין און אויך גאָט, אָדער מיט אַנדערע ווערטער, אַלץ מערער איז ער פּערפעקט, שלימותדיק, און גליק־לעך, ווי דאָס וועט דאָ באַלד מערער קלאָר ווערן.

דאַרף דאָ אָבער נאָך נאָטירט ווערן, אַז הגם מיר זענען שוין איצט זיכער אַז דער גייסט איז אייביק, אויף וויפיל ער באַנעמט זאַכן אונטער דער פאָרם פון אייביקייט, דאָך אָבער, כדי ס׳זאָל דאָס, וואָס איך וויל אויפווייזן, גרינגער דערקלערט ווערן און בעסער פאַרשטאַנען ווערן, וועלן מיר דעם גייסט באַטראַכטן אַזוי, ווי ער וואָלט אָט איצט ערשט אָנגעהויבן צו עקזיסטירן און איצט ערשט אָנגעהויבן פאַרשטיין זאַכן אונטער דער פאָרם פון אייביקייט, ווי מיר האָבן עס געטון ביז אַהער. מיר וועלן דאָס טון אָן שום ריזיקע פאַר אַ טעות, אַזוי לאַנג ווי מיר וועלן זיך אויסהיטן נישט צו מאַכן שום אַנדערע אויספירן, ווי נאָר אויס גענוג קלאָרע הנחות.

אַלץ דאָס וואָס מיר פאַרשטייען לויטן דריטן [אינטואיטיוון] מין

פון דערקענטעניש פאַרשאַפט אונדז פאַרגעניגן, און אַט דער פאַרגעניגן אונדזערער איז באַגלייט מיט דער אידעיע וועגן גאָט ווי זיין סיבה.

דורכן דריטן [אינטואיטיוון] מין פון דערקענטעניש קומט נויטווענדיק אויף די אינטעלעקטועלע ליבע צו גאָט. ווארום דורך אַט דעם מין דערקענטעניש קומט אויף פרייד באַגלייט מיט דער אידעיע וועגן גאָט ווי איר סיבה, דאָס הייסט, די ליבע צו גאָט נישט אויף וויפיל מיר שטעלן זיך אים פאָר אין דער איצטיקייט, נאָר אויף וויפיל מיר פאַרשטייען אַז גאָט איז אייביק; אַט דאָס איז עס, וואָס איך רוף אָן די אינטעלעקטועלע ליבע צו גאָט.

די אינטעלעקטועלע ליבע צו גאָט, וואָס קומט אַרויס אויס דעם דריטן [אינטואיטיוון] מין פון דערקענטעניש, איז אייביק.

הגם אַט די ליבע צו גאָט האָט קיין אָנהייב נישט, פאַרמאָגט זי אָבער דאָך אַלע פּערפעקטקייטן פון ליבע. דער איינציקער דיפערענץ איז נאָר דער, וואָס אַט די פּערפעקטקייט צו וועלכער דער גייסט, ווי איך האָב עס דאָ פריער אָנגעגעבן, איז איצט ערשט צוגעקומען, האָט ער געהאַט פון אייביק אָן, און דערצו באַגלייט מיט דער אידעיע וועגן גאָט ווי די אייביקע סיבה. אויב פרייד באַשטייט אינעם איבערגאַנג צו אַ גרעסערער פּערפעקטקייט, מוז גייסטיק גליק זיכער באַשטיין אין דעם וואָס דער גייסט איז באַשענקט מיט דער פּערפעקטקייט, שלימותדיקייט זעלבסט.

דער גייסט איז נאָר אַזוי לאַנג אונטערגעוואָרפן צו יענע עמאָציעס וואָס ווערן צוגערעכנט צו ליידנשאַפטן, ווי לאַנג דער קערפּער געדויערט.

דערפון איז געדרונגען, אַז אַחוץ דער אינטעלעקטועלער ליבע, איז קיין שום אַנדער ליבע נישט אייביק.

ווען מיר האָבן אין זינען די אַלגעמיין־אָנגענומענע מיינונג ביי מענטשן, זעען מיר, אַז כאָטש זיי זענען זיך באַוואוסט וועגן דער אייבי־קייט פונעם גייסט, מישן זיי אָבער צונויף אייביקייט מיט דויער און שרייבן צו אייביקייט צו דער פאַרשטעלונגס־קראַפט, אָדער צום זכרון, וועלכע זיי גלייבן אַז אויך זיי בלייבן איבער נאָכן טויט.

גאָט האָט זיך אַליין ליב מיט אַן אומענדלעכער אינטעלעקטו־עלער ליבע.

דעם גייסטס אינטעלעקטועלע ליבע צו גאָט, איז גאָטס ליבע זעלבסט מיט וועלכער גאָט האָט זיך אַליין ליב, נישט אויף וויפיל ער איז אומענדלעך, נאָר אויף וויפיל ער אַנטפּלעקט זיך דורך דער עסענץ פונעם מענטשלעכן גייסט, באַטראַכט אונטער דער פאָרם פון אייביקייט; דאָס הייסט, דעם גייסטס אינטעלעקטועלע ליבע צו גאָט, איז אַ טייל פון דער אומענדלעכער ליבע מיט וועלכער גאָט האָט זיך אַליין ליב.

דערפון איז געדרונגען, אַז אויף וויפיל גאָט האָט זיך אַליין ליב, האָט ער ליב דעם מענטש, און במילא שוין איז גאָטס ליבשאַפט צו מענטשן און דעם גייסטס אינטעלעקטועלע ליבע צו גאָט איינס און דאָס זעלבע.

פון דעם וואָס איז דאָ געזאָגט געוואָרן, פאַרשטייען מיר מיט קלאָרקייט אין וואָס עס באַשטייט אונדזער אויפריכטונג, אָדער גייסטיק גליק, אָדער פרייהייט; און דאָס איז, אין דער אומאויפהערלעכער און אייביקער ליבשאַפט צו גאָט, אָדער אין גאָטס ליבשאַפט צו מענטשן. די דאָזיקע ליבע, אָדער גייסטיק גליק, ווערט אין די הייליקע שריפטן אָנגערופן גלאָריע, כבוד (ישעיהו ו׳, י״ג. תהלים ח׳, ו׳; קי״ג, ד׳), און נישט מיט אומרעכט. וואָרום צי אָט די ליבע באַציט זיך אויף גאָט אָדער אויפן גייסט, קאָן זי מיט רעכט אָנגערופן ווערן צופרידנקייט אינעם געמיט, וועלכס שיידט זיך נישט אין דער אמתן אונטער פון גלאָריע. דען אויף וויפיל די ליבע באַציט זיך אויף גאָט איז זי פרייד — אויב מ׳זאָל נאָך דאָ אַלץ נוצן אָט דעם אויסדרוק — באַגלייט מיט דער אידעיע וועגן זיך אַליין, און פונקט אָט אַזוי אויך אויף וויפיל זי באַציט זיך אויפן גייסט.

ווייטער, אַזוי ווי די עסענץ פון אונדזער גייסט באַשטייט בלויז אין דערקענטעניש, וואָס איר אָנהייב און יסוד איז גאָט, ווערט אונדז דערפון באַשיינפּערלעך קלאָר, ווי אַזוי און אויף וואָס פאַר אַן אופן אונדזער גייסט דרינגט זיך אַרויס, וואָס איז נוגע זיין עסענץ און זיין

עקזיסטענץ, אויס דער געטלעכער נאַטור און איז פון איר שטענדיק אָפּהענגיק.

איך האָב געהאַלטן פאַר נייטיק דאָ אַנצואווייזן דערויף, כדי דורך אָט דעם ביישפּיל צו ווייזן דעם כוח וואָס ס׳פאַרמאָגט יענע דערקענטעניש פון באַזונדערע זאַכן, וועלכע איך האָב אָנגערופן אינטואיטיווע, אָדער דערקענטעניש פונעם דריטן מין, און אויף וויפיל מעכטיקער זי איז פון דער אוניווערסאַלער דערקענטעניש וועלכע איך האָב אָנגערופן די שכלדיקע, אָדער דערקענטעניש פון צווייטן מין.

נישטאָ אין דער נאַטור גאָרנישט אַזוינס, וואָס זאָל זיין אַנט־קעגנגעשטעלט צו אָט דער אינטעלעקטועלער ליבע, אָדער וואָס קאָן זי צונישט מאַכן.

## די אייביקייט פונעם גייסט און אינערלעכע באַרואיקונג

וואָס מערער זאַכן דער גייסט פאַרשטייט דורכן צווייטן [אוני־ווערסאַלן] און דריטן [אינטואיטיוון] מין פון דערקענטעניש, אַלץ וויניקער איז ער אונטערגעוואָרפן צו יענע עמאָציעס וואָס זענען שלעכטע, און אַלץ ווינציקער שרעקט ער זיך פאַרן טויט. דער טויט ווערט אַלץ ווייניקער ווייטיקדיק, וואָס גרעסער ס׳איז דעם גייסטס קלאָרע און דייטלעכע דערקענטעניש, און במילא אויך וואָס מערער דער גייסט האָט ליב גאָט. ווייטער, אַזוי ווי אויס דעם דריטן [אינטואיטיוון] מין פון דערקענטעניש קומט אויף די העכסט מעגלעכע באַרואיקונג אינעם געמיט, איז דערפון געדרונגען אַז דער מענטשלעכער גייסט קאָן זיין פון אַזאַ נאַטור, אַז יענער טייל זיינער וועלכער קומט אום, ווי פריער געוויזן, אינאיינעם מיטן קערפּער, זאָל זיין פון גאַנץ קנאַפּן באַדייט, אין פאַרגלייך מיט דעם טייל, וואָס בלייבט איבער. וועגן דעם אָבער מער אויספירלעך דאָ באַלד.

דער וואָס פאַרמאָגט אַ קערפּער וואָס איז פעאיק צו אַ גרויסער צאָל אַקטיווקייטן, פאַרמאָגט ער אויך אַ גייסט וואָס דער גרעסטער טייל זיינער איז אייביק.

אַזוי ווי מענטשלעכע קערפּערס זענען פֿעאיק צו אַ גרויסער צאָל אַקטיוויקייטן, קאָנען זיי אָן שום ספק פֿון אַזאַ נאַטור זיין, אַז די גייסטער וואָס געהערן צו זיי, זאָלן האָבן אַ גרויסע דערקענטעניש וועגן זיך אַליין און וועגן גאָט, און דער גרעסטער אָדער הויפּט־טייל זייערער, איז דעריבער אייביק, אַזוי אַז זיי שרעקן זיך שוין כמעט נישט פֿאַרן טויט.

כדי אָבער דאָס נאָך קלערער צו פֿאַרשטיין, דאַרף מען דאָ אין זינען האָבן, אַז מיר לעבן אין אַ צושטאַנד פֿון אומאויפֿהערלעכער פֿאַר־ענדערונג, און אַז מיר ווערן אָנגערופֿן גליקלעך אָדער אומגליקלעך, לויט דעם נאָך ווי מיר ענדערן זיך צום בעסערן אָדער צום ערגערן. וואָרום דער וואָס שטאַרבט אַ קינד אָדער אַ ייִנגל, דער הייסט אומגליקלעך, און פֿאַרקערט ווידער, ווערט עס פֿאַר אַ גליק פֿאַררעכנט, ווען ס׳גיט זיך אונדז איין אַדורכצושפּאַנען אונדזער גאַנצן לעבנס־וועג מיט אַ געזונטן גייסט אין אַ געזונטן קערפּער. און אין דער אמתן, ווער ס׳האָט, ווי ס׳איז דער פֿאַל מיט אַ קינד אָדער מיט אַ ייִנגל, אַ קערפּער וואָס איז פֿעאיק צו זייער ווינציק אַקטיוויקייטן, און איז מייִנסטנס אָפּהענגיק פֿון אויסער־לעכע סיבות, דער פֿאַרמאָגט אַ גייסט, באַטראַכט אין זיך אַליין, וואָס ווייסט ווינציק־וואָס וועגן זיך, אָדער וועגן גאָט, אָדער וועגן זאַכן; און פֿאַרקערט ווידער, דער וואָס האָט אַ קערפּער וועלכער איז פֿעאיק צו זייער אַ סך אַקטיוויקייטן, דער האָט אַ גייסט וועלכער איז, באַטראַכט אין זיך אַליין, העכסט באַוואוסטזיניק וועגן זיך אַליין, וועגן גאָט און וועגן זאַכן.

אין אָט דעם לעבן אונדזערן, שטרעבן מיר דעריבער פֿריער פֿאַר אַלץ דערצו, אַז אויף וויפֿיל די נאַטור זיינע קאָן נאָר פֿאַרטראָגן און ס׳איז פֿאַר אים ניצלעך, זאָל דער קינדערשער קערפּער זיך פֿאַרענדערן אין אַן אַנדערן קערפּער, וואָס זאָל זיין פֿעאיק צו זייער אַ סך אַקטיוויקייטן, און וואָס איז נוגע זיין גייסט זאָל ער זיין העכסט באַוואוסטזיניק וועגן זיך, וועגן גאָט און וועגן זאַכן; און אָט דאָס אַזוי, אַז אַלץ דאָס וואָס געהערט צו זיין [דעם גייסטס] זכרון אָדער צו זיין פֿאַרשטעלונגס־קראַפֿט זאָל קוים פֿון באַדייט זיין אין פֿאַרגלייך מיט זיין אינטעלעקט.

וואָס מער פּערפֿעקטקייט אַ וואָסער עס איז זאַך פֿאַרמאָגט, אַלץ

מערער אַקטיוו איז זי, און אַלץ ווינציקערליידט זי; און אַזוי אויך פאַר־קערט, וואָס מערער אַקטיוו זי איז אַלץ פּערפעקטער איז זי.

איז דערפון געדרונגען, אַז דער טייל פונעם גייסט וואָס בלייבט איבער, ווי גרויס אָדער קליין ער זאָל נישט זיין, איז ער מער פּערפעקט ווי דער איבעריקער טייל זיינער. וואָרום דער אייביקער טייל פונעם גייסט איז דער שכל, וואָס בלויז דורך אים, הייסט עס, זענען מיר אַקטיוו; יענער טייל אָבער וועלכער קומט אום, ווי איך האָב עס געוויזן, איז דאָס די פאָרשטעלונגס־קראַפט, וואָס בלויז דורך איר, הייסט עס, זענען מיר פּאַסיוו. אָט דערפאַר איז יענער [אייביקער] טייל, ווי גרויס אָדער ווי קליין ער זאָל נישט זיין, מער פּערפעקט ווי דער איבעריקער טייל.

אָט דאָס איז עס, וואָס כ'האָב מיר פירגענומען אויפצואווייזן וועגן גייסט, אויף וויפיל ער ווערט באַטראַכט אָן שום שייכות צו דער עקזיסטענץ פונעם קערפּער. דערפון ווערט קלאָר, אַז דער גייסט, אויף וויפיל ער פאַרשטייט, איז ער אַן אייביקער מאָדוס פונעם דענקען, וואָס ווערט דע־טערמינירט דורך אַן אַנדערן מאָדוס פונעם דענקען, און אָט דער ווידער ווערט דעטערמינירט דורך נאָך אַן אַנדערן מאָדוס פונעם דענקען, און אַזוי ווייטער אָן אַ סוף; אַזוי אַז אָט די אַלע מאָדוסן גענומען בייַנאַנד שטעלן צונויף דעם אייביקן און אומענדלעכן אינטעלעקט פון גאָט.

### טוגנד איז גייסטיק גליק

אַפילו ווען מיר וואָלטן נישט געוואוסט אַז אונדזער גייסט איז אייביק, וואָלטן מיר אַלץ באַטראַכט ווי דאָס סאַמע וויכטיקסטע, מאָראַ־לישקייט און רעליגיאָזיטעט, און בכלל אַלצדינג וואָס געהערט צו קוראַזש און נאָבלקייט, ווי דערקלערט אינעם פערטן טייל.

דער ערשטער און איינציקער יסוד פון טוגנד (גוטע מידות) אָדער פון אַ ריכטיקן לעבנס־אויפפיר, איז צו זוכן דעם אייגענעם נוצן. כדי אָבער צו באַשטימען, לויטן פאָרשריפט פונעם שכל, וואָס אַזוינס איז ניצלעך, האָבן מיר דאָרטן נישט גענומען אין באַטראַכט די אייביקייט פונעם גייסט, וועלכס מיר האָבן ערשט אין אָט דעם פינפטן טייל קענען געלערנט.

די אָנגענומענע מיינונג ביים ברייטן עולם זעט אָבער אויס אַנדערש צו זיין. מיינסטע מענטשן גלייבן אַפּנים, אַז זיי זענען פריי אויף וויפל זיי גיבן זיך נאָך זייערע תאוות, און אַז זיי גיבן אויף זייערע רעכט אויף וויפיל זיי זענען געצייט צו לעבן לויט די פאָרשריפטן פונעם געטלעכן געזעץ. זיי האַלטן דעריבער מאָראַלישקייט און רעליגיע און בכלל אַלץ דאָס, וואָס געהערט צו גייסטיקער גבורה פאַר אַ לאַסט, וועלכן זיי האָפן פון זיך אַרונטערצוואַרפן נאָכן טויט, און צו קריגן אַ באַלוינונג פאַר אָט דער קנעכטשאַפט זייערער, דאָס הייסט, פאַר זייער מאָראַלישקייט און רעליגיאָזיטעט.

ס'איז אָבער נישט אָט די האָפענונג אַליין, נאָר אויך, און דער עיקר, די מורא נאָכן טויט מיט שרעקלעכע מאַטערנישן באַשטראָפט צו ווערן, וואָס האָט זיי געפירט דערצו, זיי זאָלן לעבן לויט די פאָרשריפטן פון די געטלעכע געזעצן, אויף וויפיל ס'טראָגט זיי זייער שוואַכזיניקייט און גייסטיקע אָנמאַכט. און ווען זיי וואָלטן נישט געהאַט אָט די האָפענונג און די מורא, נאָר געגלייבט אַז אינאיינעם מיטן קערפּער גייט אויך אונטער דער גייסט, און אַז ס'בלייבט זיי נישט קיין האָפענונג פאַר אַ וויטערדיק לעבן אויף יענער וועלט, וואָלטן אָט די אומגליקלעכע, וואָס ברעכן צונויף אונטער דער לאַסט פון מאָראַלישקייט, זיך אומגעקערט צו זייערע אייגנטלעכע נייגונגען און אַלצדינג איינגעאָרדנט לויט זייערע גלוסטונגען נאָך, און זיך ליבערשט צוגעהאָרכט צו יעדער צופעליקייט אײדער צו זיך אַליין.

אָט דאָס איז, דאַכט מיר, נישט קיין קלענערער אַבסורד ווי אַ מענטש זאָל, מחמת דעם וואָס ער גלייבט נישט מיט גוטע מאכלים צו קאָנען אויפהאַלטן זיין קערפּער אויף אייביק, זיך ווילן זעטיקן מיט סם און טויט־ברענגענדיקע שטאָפן; אָדער ווייל ער זעט אַז דער גייסט קאָן נישט זיין אייביק אָדער אומשטערבלעך, זאָל ער שוין בעסער ווילן אין גאַנצן זיין אַ חסר־דעה און צו לעבן אָן שכל; אָט די אידעיען זענען אַזוי אַבסורד, אַז ס'איז גאָר נישט כדאי אַפילו זיי אָפּצופרעגן.

גייסטיק גליק איז נישט דער לוין פאַר טוגנד, פאַר גוטע מידות,

נאָר איז די טוגנד אַליין; מיר זענען צו איר זוכה נישט דערפֿאַר וואָס מיר קאָנטראָלירן אונדזערע גלוסטעניש נאָר פֿאַרקערט גאָר, דערפֿאַר וואָס מיר זענען צו איר זוכה זענען מיר בכוח צו קאָנטראָלירן אונדזערע גלוסטעניש.

דערמיט האָב איך פֿאַרענדיקט אַלץ דאָס, וואָס כ׳האָב געוואָלט פֿאָרברענגען וועגן דער מאַכט פֿונעם גייסט איבער די עמאָציעס און וועגן דער פֿרייהייט פֿונעם גייסט. דערפֿון ווערט קלאָר, אויף וויפֿיל דער חכם איז שטאַרקער און אויף ווי ווייט ער שטייגט אַריבער דעם אומוויסנדיקן, וועלכער ווערט בלויז דורך זיינע גלוסטונגען אָנגעטריבן. וואָרום נישט נאָר ווערט דער אומוויסנדיקער אויף פֿאַרשידנערליי אופֿנים געשטויסן אַהין און צוריק דורך אויסערלעכע סיבות, קיינמאָל נישט געפֿינענדיק קיין אמתע צופֿרידנקייט אינעם געמיט, לעבט ער דערצו נאָך אַזוי, ווי ער וואָלט נישט געוואוסט גאָרנישט וועגן זיך אַליין, און וועגן גאָט און וועגן זאַכן, און אַזוי גיך ווי ער הערט אויף צו ליידן, הערט ער אויך אויף צו זיין.

אַנטקעגן ווידער, דער חכם, אויף וויפֿיל ער ווערט באַטראַכט ווי אַזאַ, ווערט זיין געמיט כמעט קיינמאָל נישט אויפֿגערודערט, נאָר זייענדיק זיך באַוואוסט וועגן זיך אַליין, און וועגן גאָט און וועגן זאַכן, דורך אַן אייביקער נויטווענדיקייט, הערט ער קיינמאָל נישט אויף צו זיין, נאָר געניסט כסדר פֿון אַן אמתער צופֿרידנקייט אינעם געמיט.

אויב דער וועג וואָס פֿירט דאָרט אַהין, וואוהין איך האָב אָנגעוויזן, זעט אויס צו זיין אַן אומגעהייער שווערער, קאָן מען אים אָבער דאָך אויסגעפֿינען. און אַוודאי מוז שווער זיין דאָס וואָס ווערט אַזוי זעלטן געפֿונען. וואָרום ווי וואָלט עס מעגלעך געווען, ווען דאָס גליק וואָלט געווען גרייט גלייך צו דער האַנט, און מ׳וואָלט עס געקאָנט געפֿינען אָן גרויסער אָנשטרענגונג, אַז ס׳זאָל פֿון אַלעמען פֿאַרזען ווערן?

אָבער אַלץ דאָס, וואָס איז דערהויבן, איז פּונקט אַזוי שווער ווי זעלטן.

# עטיק — טייל 5

## אינהאַלט:

# ע ט י ק
## ע ר ש ט ע ר  ט י י ל
## ו ו ע ג ן  ג אָ ט

---

## פ ר אָ פּ אָ ז י צ י ע ס

### וועגן דער סובסטאַנץ און אירע מאָדיפיקאַציעס

די סובסטאַנץ איז אין איר נאַטור פריער פאַר אירע מאָדיפיקאַציעס.

צוויי סובסטאַנצן מיט פאַרשידענע אַטריבוטן, האָבן צווישן זיך קיין שום געמיינשאַפטלעכס נישט.

זאַכן וואָס האָבן צווישן זיך קיין שום געמיינשאַפטלעכס נישט, קאָן איינע נישט זיין די סיבה פון דער אַנדערער.

צוויי אָדער מערער פאַרשידענע זאַכן, שיידן זיך אונטער איינע פון דער אַנדערער אַנטוועדער דורך דער פאַרשידנקייט פון די אַטריבוטן אין די סובסטאַנצן, אָדער דורך דער פאַרשידנקייט פון זייערע מאָדי־פיקאַציעס.

אין דער נאַטור פון זאַכן קאָנען נישט זיין צוויי אָדער מערער סובסטאַנצן פון איין און דער זעלבער נאַטור, אָדער פון איינעם און זעלבן אַטריבוט.

איין סובסטאַנץ קאָן נישט פּראָדוצירט ווערן דורך אַן אַנדערער סובסטאַנץ.

צו דער נאַטור פון דער סובסטאַנץ געהערט עקזיסטענץ.

יעדע סובסטאַנץ איז נויטווענדיק אָן אַ סוף.

וואָס מערער רעאַלקייט אָדער זיין אַ וואָסער עס איז זאַך האָט, אַלץ מערער אַטריבוטן האָט זי.

יעדער אַטריבוט פון אַ סובסטאַנץ מוז דורך זיך אַליין באַנומען ווערן. (וואָרום אַן אַטריבוט איז דאָס וואָס דער אינטעלעקט נעמט־אויף אין דער סובסטאַנץ, ווי דאָס וואָס שטעלט צונויף איר עסענץ, און מוז דעריבער דורך זיך אַליין באַנומען ווערן).

גאָט אָדער די סובסטאַנץ, באַשטייענדיק פון אומענדלעכע אַטריבוטן, וואָס יעדער איינער פון זיי דריקט אויס אייביקע און אומענדלעכע עסענץ, עקזיסטירט נויטווענדיק.

ס׳קאָן באמת קיין שום אַטריבוט אַזאַ פון אַ סובסטאַנץ נישט באַנומען ווערן, פון וועלכן מ׳וואָלט געקאָנט אַרויסדרינגען, אַז די סובסטאַנץ קאָן זיך צעטיילן.

די אַבסאָלוט אומענדלעכע סובסטאַנץ צעטיילט זיך נישט.
אַז די סובסטאַנץ איז אומצעטיילבאַר לאָזט זיך גרינג איינזען שוין דערפון, וואָס די נאַטור פון דער סובסטאַנץ קאָן נישט אַנדערש באַנומען ווערן סיידן נאָר ווי אַזאַ וואָס האָט קיין סוף נישט, און וואָס אונטער אַ טייל פון אַ סובסטאַנץ קאָן נישט עפּעס אַנדערש באַנומען ווערן ווי נאָר אַ סובסטאַנץ וואָס האָט אַ סוף, וואָס איז באַשיינפּערלעך אַ קאָנטראַדיקציע.

אַחוץ גאָט קאָן קיין שום סובסטאַנץ אי נישט זיין און אי נישט באַנומען ווערן.
איז דערפון געדרונגען מיט דער פולער קלאָרקייט, ערשטנס, אַז גאָט איז איינציק, דאָס הייסט, אַז אין דער וועלט איז מער ווי איין סובסטאַנץ נישטאָ, און אַז זי איז אַבסאָלוט אומענדלעך. צווייטנס, אַז אַן אויסגעשפּרייטע זאַך [מאַטעריע] און אַ דענקענדיקע זאַך [גייסט] זענען אַנטוועדער גאָטס אַטריבוטן, אָדער מאָדיפיקאַציעס פון גאָטס אַטריבוטן.

אַלץ דאָס וואָס איז דאָ, איז דאָ אין גאָט, און אָן גאָט קאָן אי גאָרנישט זיין און אי גאָרנישט באַנומען ווערן.

אויס דער נויטווענדיקייט פון דער געטלעכער נאַטור מוזן זיך אַרויסדרינגען אָן אומענדלעכע צאָל זאַכן אויף אומענדלעכע אופנים, דאָס הייסט, אַלץ דאָס וואָס קאָן נאָר באַנומען ווערן דורכן אומענדלעכן אינטעלעקט.

גאָט איז אַקטיוו דורך די געזעצן פון זיין נאַטור בלויז, און ווערט דורך קיינעם נישט געצוואונגען.

גאָט איז די אימאַנענטע (אינעווייניק בלייבנדיקע) סיבה פאַר אַלע זאַכן, און נישט די טראַנסיטיווע (פאַראיבערגייענדיקע) סיבה.

גאָט אָדער גאָטס אַלע אַטריבוטן זענען אייביק.

גאָטס עקזיסטענץ און זיין עסענץ זענען איינס און דאָס זעלבע.

אַלץ דאָס וואָס דרינגט אַרויס אויס דער אַבסאָלוטער נאַטור פון גאָטס אַן אַטריבוט, האָט געמוזט תמיד און אומענדלעך עקזיסטירן, אָדער איז דורך אָט דעם אַטריבוט אייביק און אומענדלעך.

אַלץ דאָס, וואָס דרינגט אַרויס אויס גאָטס אַן אַטריבוט, אויף וויפיל אָט דער אַטריבוט ווערט מאָדיפיצירט דורך אַזאַ מאָדיפיקאַציע וועלכע עקזיסטירט דורך אָט דעם אַטריבוט נויטווענדיק און אומענדלעך, מוז עס אויך פונקט אַזוי עקזיסטירן נויטווענדיק און אומענדלעך.

יעדער מאָדוס וואָס עקזיסטירט נויטווענדיק און אומענדלעך, האָט נויטווענדיק געמוזט אַרויסדרינגען אָנטוועדער אויס דער אַבסאָלוטער נאַטור פון גאָטס אַן אַטריבוט, אָדער אויס אַן אַטריבוט, וועלכער איז מאָדיפיצירט דורך אַ מאָדיפיקאַציע, וואָס עקזיסטירט נויטווענדיק און אומענדלעך.

די עסענץ פון זאַכן וואָס זענען אַרויסגעברענגט געוואָרן דורך גאָט, שליסט אין זיך נישט איין קיין עקזיסטענץ.

גאָט איז נישט נאָר די באַווירקנדיקע סיבה פאַר דער עקזיסטענץ פון זאַכן, נאָר אויך פאַר זייער עסענץ.

אינדיווידועלע זאַכן זענען נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר מאָדיפי־קאַציעס פון גאָטס אַטריבוטן, אָדער פאָרמען דורך וועלכע גאָטס אַטריבוטן ווערן אויסגעדריקט אויף אַ געוויסן און באַשטימטן אופן.

אַ זאַך וואָס איז דעטערמינירט געוואָרן צו אַ וואָסער עס איז טואונג, איז זי דערצו נויטווענדיק דעטערמינירט געוואָרן דורך גאָט; און אַ זאַך וואָס איז דערצו נישט דעטערמינירט געוואָרן דורך גאָט, קאָן זי זיך אַליין נישט דעטערמינירן עפּעס־וואָס צו טון.

אַ זאַך וואָס איז דעטערמינירט געוואָרן צו אַ וואָסער עס איז טואונג, קאָן אַליין נישט מאַכן, אַז זי זאָל דערצו נישט זיין דעטערמינירט.

יעטווידע אינדיווידועלע זאַך, אָדער אַלצדינג וואָס האָט אַ סוף און איז באַגרענעצט אין איר עקזיסטענץ, קאָן אי נישט עקזיסטירן און אי נישט דעטערמינירט ווערן צו אַקטיווקייט, סיידן נאָר ווען זי ווערט דע־טערמינירט צו עקזיסטירן און צו אַקטיווקייט דורך אַן אַנדער סיבה, וואָס אויך זי האָט אַ סוף און איז באַגרענעצט אין איר עקזיסטענץ; און אויך אָט די סיבה האָט נישט אַנדערש געקאָנט עקזיסטירן און דעטערמינירט ווערן צו אַקטיווקייט, סיידן נאָר ווען זי איז דעטערמינירט געוואָרן צו עקזיסטירן און צו אַקטיווקייט דורך אַן אַנדער סיבה, וועלכע האָט אויך אַ סוף און אַ באַגרענעצטע עקזיסטענץ, און אַזוי ווייטער און ווייטער ביז אָן אַ סוף.

קיין שום זאַך אינעם אוניווערס איז נישט צופעליק, נאָר אַלצדינג ווערט דורך דער נויטווענדיקייט פון דער געטלעכער נאַטור דעטערמינירט צו עקזיסטירן און אַקטיוו צו זיין אויף אַ באַשטימטן אופן.

## וועגן דעם אינטעלעקט און ווילן
## און וועגן דער אָרדענונג פון זאַכן

דער [מענטשלעכער] אינטעלעקט (פאַרשטאַנד), סיי דער וואָס האָט אין דער ווירקלעכקייט אַ סוף, ווי אויך דער וואָס האָט קיין סוף נישט, קאָן נאָר אַרומכאַפּן גאָטס אַטריבוטן און גאָטס מאָדיפיקאַציעס, און מער גאָרנישט.

דער אַקטועלער אינטעלעקט, סיי דער וואָס האָט אַ סוף, ווי אויך דער וואָס האָט קיין סוף נישט, ווי אויך ווילן, באַגער און ליבע, און אַז. וו., דאַרפן צוגערעכנט ווערן צו דער פּאַסיווער נאַטור און נישט צו דער אַקטיווער נאַטור.

דער ווילן קאָן נישט אָנגערופן ווערן אַ פרייע סיבה, נאָר בלויז אַ נויטווענדיקע סיבה.

איז דערפון געדרונגען, ערשטנס, אַז גאָט איז נישט אַקטיוו דורך פרייהייט פון ווילן. צווייטנס איז געדרונגען, אַז ווילן און אינטעלעקט (פאַרשטאַנד) פאַרהאַלטן זיך צו גאָטס נאַטור פּונקט ווי באַוועגונג און רו, און אַזוי ווי אַבסאָלוט אַלע נאַטור־דערשיינונגען, וואָס מוזן דורך גאָט דעטערמינירט ווערן צו עקזיסטירן און צו זיין אַקטיוו אויף אַ באַזונדערן אופן. וואָרום אויך דער ווילן, פּונקט ווי אַלץ איבעריקס, מוז האָבן אַ סיבה דורך וועלכער ער ווערט דעטערמינירט צו עקזיסטירן און אַקטיוו צו זיין אויף אַ באַזונדערן אופן. און כאָטש ס׳קאָנען אויס אַ געגעבענעם ווילן, אָדער אינטעלעקט, אַרויסדרינגען אָן אומענדלעכע צאָל זאַכן, קאָן מען פונדעסטוועגן אויף אָט דעם גרונט נישט זאָגן, אַז גאָט איז אַקטיוו אויס פרייען ווילן, נישט מערער ווי ס׳זאָלן אָן אומענדלעכע צאָל רעזולטאַטן פון באַוועגונג און רו באַרעכטיקן אונדז צו זאָגן, אַז באַוועגונג און רו זענען אַקטיוו אויס פרייען ווילן. ווילן געהערט דעריבער צו דער געטלעכער נאַטור נישט מערער ווי די רעשט זאַכן אין דער נאַטור, נאָר ער [דער ווילן] פאַרהאַלט זיך צו איר אויפן זעלבן אופן ווי באַוועגונג און רו, און אַלץ איבעריקס וואָס דרינגט אַרויס אויס דער נויטווענדיקייט פון דער געטלעכער

נאַטור, און ווערן דורך איר דעטערמינירט אַקטיוו צו זיין אויף אַ באַ־זונדערן אופן.

זאַכן האָבן אויף קיין שום אַנדער אופן און אין קיין שום אַנדער אָרדענונג נישט געקאָנט דורך גאָט אַנדערש אַרויסגעבראַכט ווערן, ווי זיי זענען דורך אים אַרויסגעבראַכט געוואָרן.

גאָטס מאַכט איז זיין עסענץ זעלבסט.

אַלץ דאָס וואָס מיר באַנעמען אַז ס'איז דאָ אין גאָטס מאַכט, איז עס אין אים דאָ נויטווענדיק.

ס'עקזיסטירט גאָרנישט אַזוינס, וואָס ס'זאָל אויס זיין נאַטור נישט אַרויסדרינגען אַ וואָסער עס איז עפעקט.

## צוגאָב

### וועגן צילן אין דער נאַטור

דערמיט האָב איך דערקלערט גאָטס נאַטור און זיינע אייגנשאַפטן: אַז ער עקזיסטירט נויטווענדיק, אַז ער איז איינציק, אַז ער איז דאָ און איז אַקטיוו דורך דער נויטווענדיקייט פון זיין נאַטור בלויז, אַז ער איז די פרייע סיבה פאַר אַלע זאַכן און אויף וואָס פאַר אַן אופן ער איז עס, אַז אַלצדינג איז אין גאָט און הענגט אַזוי אָפּ פון אים, אַז אָן אים קאָן אי גאָרנישט זיין און אי נישט באַנומען ווערן; און צום לעצט, אַלצדינג איז פרעדעטערמינירט דורך גאָט, אָבער נישט דורך זיין פרייען ווילן אָדער אַבסאָלוטן וואונטש, נאָר דורך גאָטס אַבסאָלוטער נאַטור, אָדער דורך זיין אומענדלעכער מאַכט.

איך האָב אויך ביי יעדער פאַסיקער געלעגנהייט זיך באַמיט אַוועק־צורוימען די פאָראורטיילן וועלכע האָבן געקאָנט זיין אַ שטער צום פאַר־שטיין מיינע אויפווייזן. דאָך אָבער בלייבן נאָך אַלץ נישט ווינציק פאָר־אורטיילן, וואָס וואָלטן געקאָנט און קאָנען נאָך זיין אַ גאָר גרויסער שטער

פאַר מענטשן, צו פאַרשטיין ווי געהעריק די פאַרקייטלונג פון זאַכן אויף דעם אופן ווי איך האָב עס דערקלערט. איך האָב דעריבער געהאַלטן פאַר נייטיק, די דאָזיקע פאָראורטיילן פאַרצוברענגען דאָ פאַרן משפט פונעם שכל.

אַזוי ווי אָבער די אַלע פאָראורטיילן, אויף וועלכע איך פאַרנעם מיך דאָ אָנצואווייזן שטאַמען אַלע אָפּ פון אָט דעם איינעם, און דאָס איז, דערפון וואָס מענטשן נעמען געוויינטלעך אָן, אַז אַלע זאַכן אין דער נאַטור, פונקט ווי זיי אַליין, טוען דאָס וואָס זיי טוען צוליב עפּעס אַ ציל, און דערצו פּסקענען זיי נאָך אָפּ מיט זיכערקייט, אַז אויך גאָט אַליין פירט אַלצדינג צו אַ וואָסערן עס איז באַשטימטן ציל (זאָגן זיי דאָך, אַז גאָט האָט אַלצדינג געמאַכט פאַרן מענטשנס וועגן, און דעם מענטש — כדי ער זאָל אים אָפּ־געבן כבוד), וועל איך דעריבער דאָס ערשטע באַטראַכטן אָט די מיינונג.

צום אַלעם ערשטן וועל איך אויספאָרשן די סיבה פאַרוואָס דאָס רוב מענטשן פילן זיך באַפרידיקט מיט אָט דעם פאָראורטייל, און פאַרוואָס זיי זענען אַלע בטבע אַזוי שטאַרק געניגט אָנצונעמען אָט דעם פאָראורטייל. דערנאָך וועל איך אויפווייזן די פאַלשקייט דערפון, און צום לעצט, וועל איך ווייזן ווי אַזוי ס׳זענען דערפון אויפגעקומען די פאָראורטיילן וועגן גוט און שלעכט, פאַרדינסט און שולדיקייט, לויב און טאַדל, אָרדענונג און צעמישעניש, שיינקייט און העסלעכקייט, און דאָס גלייכן.

נישט דאָ אָבער איז דאָס אָרט אָט די פאָראורטיילן אַרויסצופירן אויס דער נאַטור פונעם מענטשלעכן גייסט. דאָ וועט גענוג זיין איך זאָל נעמען פאַרן יסוד דאָס וואָס יעדער איינער מוז צוגעבן, און דאָס איז, אַז אַלע מענטשן קומען אויף דער וועלט אָן שום קענטעניש וועגן די סיבות פון זאַכן, און אַז אַלע האָבן דעם פאַרלאַנג צו זוכן דאָס וואָס איז פאַר זיי ניצלעך, און אַז זיי ווייסן ביי זיך וועגן אָט דעם פאַרלאַנג זייערן.

איז דערפון געדרונגען, ערשטנס, אַז מענטשן מיינען דאָס זיי זענען פריי, דערפאַר ווייל זיי ווייסן ביי זיך וואָס זיי ווילן און צו וואָס זיי גלוסטן, אָבער אין דער אייגענער צייט ווייסן זיי גאָרנישט וועגן די סיבות וואָס האָבן זיי געפירט צו דעם דאָזיקן וועלן און גלוסטן, און האָבן וועגן די סיבות נישט געטראַכט אין חלום אַפילו.

צווייטנס איז געדרונגען, אַז מענטשן טוען אַלצדינג צוליב עפּעס אַ

ציל, דאָס מיינט, צוליב דעם נוצן זייערן וועלכן זיי זוכן. אָט דערפון נעמט זיך דאָס, וואָס זיי זוכן תמיד צו דערוויסן זיך בלויז די לעצטע סיבות און דעם ציל פון דעם וואָס איז פאָרגעקומען, און אַזוי גיך ווי זיי דערוויסן זיך אָט דאָס, באַרואיקן זיי זיך גלייך, ווייל זיי האָבן שוין מער קיין שום גרונט נישט פאַר ווייטערע צווייפלען. אויב זיי קאָנען אָבער נישט אויסגעפינען די לעצטע סיבות דורך עמעצן אַנדערש, בלייבט זיי דעמאָלט קיין אַנדער ברירה נישט, ווי נאָר זיך צו ווענדן צו זיך אַליין און נאָכטראַכטן וועגן יענע צילן, וועלכע דעטערמינירן געוויינטלעך זיי אַליין צו אַזאַ מין ענלעכער טואונג, און אָט אַזוי נאָך אורטיילן זיי וועגן דעם כאַראַקטער פון אַנדערע לויט זייער אייגענעם כאַראַקטער.

נאָך עפּעס, אַזוי ווי זיי געפינען אין זיך און אויסער זיך נישט ווינציק מיטלען, וואָס זענען זיי שטאַרק ביהילפיק אין זייער זוכן דאָס וואָס איז פאַר זיי ניצלעך, ווי אַ שטייגער, די אויגן צום זען, די ציין צום קייען, קרייטעכצער און לעבעדיקע באַשעפענישן פאַר שפּייז, די זון צום לייכטן, דעם ים צו דערנערן די פיש, און דאָס גלייכן, האָבן זיי גענומען קוקן אויף אַלע זאַכן אין דער נאַטור ווי אויף מיטלען פאַר זייער נוצן. און אַזוי ווי זיי ווייסן, אַז זיי האָבן אָט די מיטלען געפונען פאַרטיקערהייט, און אַז זיי האָבן זיי נישט צוגעגרייט, האָט דאָס זיי געגעבן אַ גרונט צו גלייבן, אַז ס'איז פאַראַן ווער עס איז אַן אַנדערער, וועלכער האָט אָט די מיטלען פאַר זיי צוגעגרייט, אויף צו באַנוצן זיך מיט זיי.

נאָך דעם ווי זיי האָבן אויף אָט די זאַכן גענומען קוקן ווי אויף מיטלען, האָבן זיי שוין מער נישט געקאָנט גלייבן, אַז די זאַכן האָבן זיך אַליין באַשאַפן, נאָר האָבן דורך די מיטלען וואָס זיי גרייטן געוויינטלעך צו פאַר זיך אַליין, געמוזט קומען צום אויספיר, אַז ס'איז פאַראַן איינער אָדער מערערע רעגירערס איבער דער וועלט, באַשענקט מיט מענטשלעכער פרייהייט, וואָס האָבן זיי מיט אַלצדינג באַזאָרגט און געמאַכט אַלץ פאַרן באַנוץ פון די מענטשן. און אַזוי ווי זיי האָבן קיינמאָל נישט געהערט וועגן כאַראַקטער פון אָט די רעגירערס, האָבן זיי דעריבער געמוזט זיי אורטיילן לויט זייער אייגענעם כאַראַקטער, און האָבן דעריבער אַפּירמירט, אַז די געטער פירן אָן מיט אַלצדינג פאַרן נוצן פונעם מענטשן, כדי צו האַלטן

די מענטשן צוגעבונדן צו זיך, און אַז די מענטשן זאָלן זיי צוטיילן דעם סאַמע העכסטן כבוד.

אָט דערפון האָט זיך געגומען דאָס, וואָס יעדער איינער האָט פאַר זיך צוגעטראַכט, לויט זיין גוסט נאָך, אַ באַזונדערן אופן ווי צו פאַרערן גאָט, כדי גאָט זאָל אים מערער ליב האָבן ווי אַנדערע, און זאָל דעם גאַנג פון דער נאַטור אָנפירן פאַר דער באַפרידיקונג פון זיינע בלינדע תאוות און פון זיין זשעדנעקייט. וואָס ער קאָן גאָר נישט אָנזעטיקן. אָט אַזוי איז אָט דער פאַראורטייל מגולגל געוואָרן אין אַבערגלויבן און האָט געשלאָגן טיפע וואָרצלען אינעם מענטשלעכן גייסט. און דאָס איז געווען די סיבה פאַרוואָס איטלעך איינער האָט זיך אָנגעטון אַ כוח צו פאַרשטיין די לעצטע סיבות און דעם ציל פון אַלע זאַכן און זיי צו דערקלערן. זוכנדיק אָבער צו דער־ווייזן, אַז די נאַטור טוט קיין שום זאַך נישט אומזיסט (דאָס הייסט, וואָס זאָל נישט זיין ניצלעך פאַרן מענטשן), האָבן זיי דערמיט, ווי מיר דוכט זיך, בלויז געוויזן, אַז די נאַטור און די געטער זענען פונקט אַזוי פון זינען געווירט ווי די מענטשן.

גיט נאָר אַ קוק, איך בעט אייך, וואוהין די זאַך פירט סוף סוף כל סוף! זייט ביי זייט מיט אַזוי פיל ניצלעכס אין דער נאַטור מוזן זיי אויך נישט ווייניק שעדלעכס געפינען, ווי אַ שטייגער, שטורעמס, ערדציטערנישן, שלאַפקייטן, און אַז. וו., און אָט דאָס אַלץ, טענהן זיי, איז געקומען דערפאַר ווייל מענטשן האָבן זיי [די געטער] באַליידיקט, אָדער זענען קעגן זיי באַגאַנגען אַן עבירה בעתן דינען צו זיי. און כאָטש די דערפאַרונג האָט טאָג־טעגלעך זיך אַנטקעגנגעשטעלט דעם דאָזיקן, און דורך אַן אַ שיעור ביישפּילן געוויזן, אַז גוטס און שלעכטס קומען באַגלייך אַן סיי דעם צדיק און סיי דעם רשע, נישט איבערקלויבנדיק צווישן זיי, האַלטן זיי זיך פונדעסטוועגן דאָך פעסט ביי אָט דעם טיף־איינגעגעסענעם פאַראורטייל. וואָרום ס׳איז פאַר זיי געווען גרינגער אָט דאָס אַלץ צוצורעכענען צו אַנדערע. פאַר זיי פאַרהוילענע זאַכן, וואָס זיי ווייסן נישט דעם נוצן זייערן, אַבי ווייטער אָנצוהאַלטן זייער איצטיקן צושטאַנד פון איגנאָראַנץ מיט וועלכן זיי האָבן זיך שוין געעלטערט, איידער אַרונטערצורייסן יענעם גאַנצן בנין פון זייער פילאָזאָפיע און אָנצוהייבן אַלץ פון דאָס ניי.

זיי האָבן דעריבער מיט דער גרעסטער זיכערקייט דערקלערט, אַז די אורטיילן פון די געטער שטייגן ווייט אַריבער די השגות פונעם מענטש־לעכן שכל. ס׳וואָלט אַוודאי אָט אַזאַ לערע געקאָנט פירן דערצו, אַז דער אמת זאָל בלייבן פאַרהוילן פונעם מענטשלעכן מין אויף אַלע אייביקייטן, ווען נישט די מאַטעמאַטיק, וועלכע גיט זיך נישט אָפּ מיט קיין צילן נאָר מיט דער עסענץ פון פיגורן און זייערע אייגנשאַפטן, וואָלט נישט געוויזן די מענטשן אַן אַנדערן סטאַנדאַרד פאַרן אמת. מ׳קאָן אַחוץ מאַטעמאַטיק אויך אָנצייכענען אַנדערע סיבות (וואָס ס׳איז זיי דאָ איבעריק אויסצורע־כענען), וועלכע האָבן געמאַכט מעגלעך פאַר מענטשן זיי זאָלן זיך פאַר־טראַכטן איבער אָט די אַלגעמיין־אָנגענומענע פאָראורטיילן, און זיי צוגעפירט צו אַן אמתער דערקענטעניש פון זאַכן.

דערמיט האָב איך גענוגנדיק דערקלערט מיין ערשטן פונקט. איצט וועט מיר שוין נישט מער נייטיק זיין דורך אַ סך ווערטער אויפצואווייזן, אַז די נאַטור האָט פאַר זיך נישט געשטעלט קיין שום ציל, און אַז אַלע לעצטע סיבות זענען נישט מער ווי מענטשלעכע איינרעדענישן. וואָרום איך גלייב, אַז דאָס דאָזיקע איז שוין גענוגנדיק קלאָר, ווי איך האָב עס געוויזן, סיי דורך די יסודות און סיבות פון וועלכע אָט דער אורטייל שטאַמט אָפּ, ווי אויך דורך דעם וואָס איך האָב דערוויזן, אַז אַלצדינג וואָס קומט פאָר אין דער נאַטור, איז לויט אייביקער נויטווענדיקייט און מיט אַבסאָלוטער פּערפעקטקייט.

דאָך וויל איך דאָ נאָך צוגעבן דאָס דאָזיקע, אַז אָט די לערע וועגן אַ ציל אין דער נאַטור דרייט אין גאַנצן איבער די נאַטור; וואָרום דאָס וואָס איז אין דער אמתן אַ סיבה, באַטראַכט זי [אָט די לערע] ווי אַן עפעקט, און אויך פאַרקערט. און נאָך מער, דאָס וואָס איז אין דער נאַטור פריער שטעלט עס אָט די לערע אַוועק שפּעטער, און צום לעצט, דאָס וואָס איז דאָס העכסטע און דאָס סאַמע פּערפעקטע מאַכט זי פאַרן סאַמע אומפּערפעקטן.

דערצו נאָך מאַכט די דאָזיקע לערע צונישט גאָטס פּערפעקטקייט [שלימות], אויב דאָס וואָס גאָט טוט איז צוליב אַ צוועק, באַגערט ער דאָך נויטווענדיק עפּעס, וואָס ס׳פעלט אים. און הגם טעאָלאָגן און מעטאַפיזיקער שיידן אונטער צווישן דעם ציל וואָס איז אַ באַדערפעניש און דעם ציל וואָס

איז אַ פּאַרענלעכונג, גיבן זיי אָבער דאָך צו, אַז אַלצדינג וואָס גאָט האָט געמאַכט, האָט ער עס געמאַכט פאַר זיינעטוועגן בלויז, און נישט צוליב די באַשאַפענע זאַכן, ווארום זיי קאָנען דאָך נישט, אַחוץ אויף גאָט, אָנ־ווייזן אויף קיין שום אָביעקט פאַרן באַשאַף, וואָס גאָט זאָל פאַר זיינעטוועגן [פאַרן אָביעקט] האָבן געטון דאָס וואָס ער האָט געטון. זיי זענען דעריבער געצייט צוצוגעבן (ווי ס׳איז קלאָר פון זיך אַליין), אַז ס׳האָבן גאָט אויס־געפעלט אָט די אַלע זאַכן, און אַז ער האָט דערפאַר צוגעגרייט די מיטלען אויף צו קאָנען זיך איינשאַפן די זאַכן, און אַז ער האָט זיי באַגערט.

דאַרף מען דאָ אויך נישט פאַרבייגיין דאָס וואָס די אָנהענגער פון אָט דער לערע, וועלנדיק שטאַרק אַרויסווייזן זייער חריפות, דורכן באַצייכענען די צילן (אָדער די לעצטע סיבות) פון זאַכן, האָבן זיי, כדי צו דערווייזן אָט די לערע זייערע, אַריינגעפירט אַ נייע אַרגומענטיר־מע־טאָדע זייער טעאָריע צו דערווייזן — און דאָס איז, אַ צוריקפירונג נישט ביזן אוממעגלעכן, נאָר ביז צו איגנאָראַנץ; ווייזנדיק דערמיט, אַז זיי האָבן נישט קיין שום אַנדער אַרגומענטיר־מעטאָדע צו דערווייזן זייער לערע.

אויב, למשל, אַ שטיין איז אַראָפּגעפאַלן פון אַ דאַך אויף עמעצנס קאָפּ און אים געטייט, וועלן זיי דורך אָט דער נייער מעטאָדע זייערער אויפווייזן, אַז דער שטיין איז אומיסטנע אַראָפּגעפאַלן כדי דעם מענטש צו דערהרגענען. ווארום, אויב דער שטיין וואָלט נישט מיט גאָטס ווילן אַראָפּגעפאַלן פאַר אָט דעם ציל, טאָ ווי אַזוי זשע האָבן אַזוי פיל אומ־שטענדן געקאָנט זיך צונויפטרעפן (און אָפט טרעפן זיך טאַקע צונויף אַ סך אומשטענדן אויף אַמאָל) דורך אַ צופאַל? וועט איר זיי אפשר ענטפערן, אַז ס׳האָט זיך אַזוי געטראָפן, מחמת דעם וואָס דער ווינט האָט געבלאָזן און יענער מענטש איז דאָרטן גראָד פאַרבייגעגאַנגען. וועלן זיי אייך דער־ווידערן: פאַרוואָס האָט גראָד אין יענער צייט געבלאָזן דער ווינט, און פאַרוואָס איז יענער מענטש גראָד אין יענער צייט דאָרטן פאַרבייגעגאַנגען? טאָמער וועט איר זיי ווידעראַמאָל ענטפערן, אַז דער ווינט האָט דעמאָלט זיך אויפגעהויבן דערפאַר וואָס פריער מיט אַ טאָג, ווען דאָס וועטער איז נאָך געווען רואיק, האָט דער ים זיך שוין אָנגעהויבן אויפבורען, און אַז יענער מענטש איז געווען פאַרבעטן צו אַ פריינד, וועלן זיי ווידער איינווענדן, —

וואָרום ס'וועט דאָך צו אַזוינע מיני קשיות זייערע גאָר קיין סוף נישט נעמען — אָבער פאַרוואָס איז דער ים אויפגעבורעט געוואָרן, און פאַר־וואָס איז דער מענטש געוועןן פאַרבעטן גראָד אויף יענער צייט? און זיי וועלן אָט אַזוי נישט אויפהערן ווייטער צו פרעגן פון סיבה צו סיבה, ביז וואַנעט ס'בלייבט נאָר איבער זיך אַנצוכאַפּן אינעם ווילן פון גאָט — מיט אַנדערע ווערטער, אינעם אַנטרינונגס־אָרט פון איגנאָראַנץ.

אָט אַזוי אויך שטייען זיי און גאַפן ווען זיי קוקן זיך איין איבעם געבוי פונעם מענטשלעכן קערפּער, און נישט ווי סנדיק די סיבות פון אָט אַזאַ גרויס קונסט־ווערק, קומען זיי צום אויספיר, אַז דער מענטשלעכער קערפּער איז נישט געפורעמט געוואָרן מעכאַניש, נאָר דורך געטלעכער און איבערנאַטירלעכער קונסט, און איז אַזוי צונויפגעזעצט, אַז איין טייל זיינער זאָל נישט שעדיקן דעם אַנדערן טייל. דערפון נעמט זיך דאָס, אַז דער וואָס פאָרשט נאָך די אמתע סיבות פון נסים און זוכט צו פאַרשטיין די נאַטירלעכע דערשיינונגען ווי אַן אינטעליגענטער מענטש, און נישט גלאָצן אויף זיי מיט די אויגן ווי אַ שוטה — ווערט ער געהאַלטן און פאַרשריגן ווי אַ הערעטיק און רשע, דורך יענע וואָס דער המון פאַרערט זיי ווי די אויסטייטשערס פון דער נאַטור און פון די געטער. די דאָזיקע לייט ווייסן, אַז מיט דער אָפּשאַפונג פון איגנאָראַנץ, וועט אויך אַוועקפאַלן דאָס שטוינען, דאָס הייסט, דאָס איינציקע מיטל אויף אונטערצוהאַלטן זייערע אויפווייזן און אויפצוהאַלטן זייער אויטאָריטעט. איך וועל אָבער איצט איבערלאָזן אָט דעם ענין און איבערגיין צו מיין דריטן פונקט.

## וועגן דעם גוטן און שלעכטן, וועגן שיינקייט און העסלעכקייט

נאָך דעם ווי מענטשן האָבן זיך איינגערעדט, אַז אַלצדינג וואָס איז באַשאַפן געוואָרן איז פאַר זייערטוועגן באַשאַפן געוואָרן, האָבן זיי אין יעדער זאַך געמוזט באַטראַכטן ווי דעם סאַמע עיקר דאָס וואָס איז פאַר זיי געוועןן צום מיינסטן ניצלעך, און צו שעצן ווי דאָס העכסטע איבער אַלץ, דאָס וואָס פאַרשאַפט זיי די סאַמע גרעסטע הנאה. ווייטער, האָבן זיי געמוזט זיך פורעמען אַבסטראַקטע באַגריפן, כדי צו דערקלערן די נאַטור

פון זאַכן, ווי גוט, שלעכט; אָרדענונג, צעמישעניש; וואַרעם, קאַלט; שיינ־קייט, העסלעכקייט, און דאָסגלייכן. און מחמת דעם וואָס זיי האָבן געגלייבט אַז זיי זענען פריי [צו טון וואָס זיי ווילן], זענען ביי זיי אויפגעקומען נאָך אַזוינע באַגריפן, ווי לויב, טאַדל, שולדיקייט און פאַרדינסט. וועגן אָט די לעצטע באַגריפן וועל איך רעדן שפּעטער, נאָך דעם ווי איך וועל אויספאָרשן די מענטשלעכע נאַטור; די ערשטע אָבער וועל איך דאָ קורץ דערקלערן.

אַלץ דאָס וואָס פירט צום געזונט און גאָט צו דינען, האָבן זיי גערופן גוט, און פאַרקערט ווידער, האָבן זיי [אַלץ דאָס וואָס איז אַ שטער פאַר אָט די צילן] אַ נאָמען געגעבן שלעכט. און אויף וויפיל זיי פאַרשטייען נישט די נאַטור פון זאַכן, נאָר שטעלן זיך זיי פאָר אין זייער פאַרשטעלונגס־קראַפט און נעמען על־פּי טעות אָן די פאַרשטעלונגס־קראַפט פאַרן שכל, גלייבן דעריבער אָט די מענטשן פעסט, אַז ס'איז דאָ אַן אָרדענונג אין אָט די זאַכן, בעת אין דער אמתן ווייסן זיי גאָרנישט וועגן זאַכן און וועגן זייער נאַטור.

ווען דערשיינונגען זענען איינגעאָרדנט אויף אַזאַ אופן, אַז דער איינדרוק וואָס זיי לאָזן איבער אויף אונדזערע חושים פאָדערט נישט קיין סך אָנשטרענגונג פון אונדזער פאַרשטעלונגס־קראַפט, און מ'קאָן זיך דעריבער אין זיי גרינג דערמאָנען, זאָגן מיר דעמאָלט אַז זיי זענען גוט איינגעאָרדנט; און פאַרקערט ווידער [ווען דער איינדרוק וואָס דערשיינונגען לאָזן איבער אויף אונדזערע חושים פאָדערט גרויס אָנשטרענגונג פון אונדזער פאַרשטעלונגס־קראַפט, און מ'קאָן זיך דעריבער אין זיי נישט גרינג דערמאָנען], זאָגן מיר, אַז זיי זענען שלעכט איינגעאָרדנט אָדער צעמישט. וויטער, אַזוי ווי ס'זענען אונדז אַ סך ליבער זאַכן וועלכע מיר קאָנען זיך זיי גרינג פאַרשטעלן, שטעלן דעריבער מענטשן אָרדענונג העכער ווי צעמישעניש — גלייך ווי ס'וואָלט אין דער נאַטור געווען אַ וואָסער עס איז אָרדענונג, אַחוץ אין פאַרבינדונג מיט אונדזער פאַרשטעלונגס־קראַפט — און זיי זאָגן אַז גאָט האָט באַשאַפן אַלצדינג מיט אַ סדר, און אָט אַזוי, אַליין נישט וויסנדיק עס, שרייבן זיי צו צו גאָט פאַרשטעלונגס־קראַפט; אויב נישט דאָס, נעמען זיי גאָר אָן, אַז זאָרגנדיק פאַרן מענטשנס פאַרשטעלונגס־

קראַפט, זאָל גאָט אַזוי האָבן איינגעשטעלט אַלע זאַכן, אַז דער מענטש זאָל זיך זיי וואָס גרינגער קאָנען פאָרשטעלן. זיי קלאַמערן זיך אין אָט דער טעאָריע זייערער, נישט קוקנדיק דערויף וואָס מיר געפינען אַן אומענד־לעכע צאָל דערשיינונגען, וואָס שטייגן ווייט אַריבער אונדזער פאָרשטעלונגס־קראַפט, און זייער אַ סך אַנדערע זאַכן פון וועלכע די פאָרשטעלונגס־קראַפט אונדזערע ווערט, מחמת איר שוואַכקייט, מבולבל. אָבער גענוג שוין וועגן דעם.

די איבעריקע [אַבסטראַקטע] באַגריפן [וואָס זענען דאָ פריער דער־מאָנט געוואָרן] זענען אויך פונקט אַזוי נישט מער ווי מאָדוסן פון דער פאָרשטעלונג, דורך וועלכער די פאָרשטעלונגס־קראַפט ווערט אַפעקטירט אויף פאַרשידנערליי אופנים, כאָטש זיי ווערן דורך איגנאָראַנטן באַטראַכט ווי די סאַמע וויכטיקסטע אַטריבוטן פון זאַכן, אויף וויפיל זיי גלייבן, ווי געזאָגט, אַז אַלצדינג איז באַשאַפן געוואָרן פאַר זייערטוועגן בלויז; און לויט דעם ווי זיי ווערן דורך זיי אַפעקטירט, רופן זיי אָן די זאַכן גוט אָדער שלעכט, געזונט אָדער פאַרפוילט און קאַליע. אויב, למשל, די באַוועגונג וואָס די נערוון נעמען אויף פון אָביעקטן וואָס רעפּרעזענטירן זיך דורכן אויג, דינט דעם געזונט, ווערן די אָביעקטן וואָס האָבן געפירט צו אָט דער באַוועגונג, אָנגערופן שיין; און יענע אָביעקטן ווידער, וואָס רופן אַרויס אַ פאַרקערטע באַוועגונג, ווערן אָנגערופן העסלעך. דאָס גלייכן, ווערן זאַכן וואָס סטימולירן דעם חוש־הריח, אָנגערופן שמעקנדיק אָדער שטינקענדיק; אויב דורך דער צונג — זיס אָדער ביטער, געשמאַק אָדער אָן טעם; אויב דורכן אָנטאָפּן — האַרט אָדער ווייך, שווער אָדער גרינג, און אַז. וו.; וועגן דעם ווידער, וואָס אַפעקטירט אונדזערע אויערן, זאָגט מען, אַז ס׳גיט אַרויס אַ גערויש, אַ קלאַנג אָדער איז האַרמאָניש. און אָט דאָס לעצטע, די האַרמאָניע, האָט געגעבן מענטשן אַזוי גערירט פון זינען, אַז זיי זאָלן אַזש גלייבן, אַז אפילו גאָט אַליין האָט הנאה פון האַרמאָניע. ס׳פעלן אויך נישט קיין פילאָזאָפן וואָס האָבן זיך איינגערעדט, אַז די באַוועגונג פון די הימלישע קערפּערס ברענגען אַרויס אַ האַרמאָניע. אָט דאָס אַלץ איז אַ גענוגנדיקער באַווייז דערויף, אַז יעדער איינער אורטיילט וועגן זאַכן, לויט דעם נאָך ווי זיין גייסט איז דיספּאָנירט, אָדער בעסער

געזאָגט, ער נעמט על־פּי טעות אָן די פאָרמען פון זיין פאָרשטעלונגס־קראַפט פאַר די זאַכן גופא.

דאַרף מען דעריבער זיך גאָרנישט וואונדערן (ווי כ׳וועל עס פאַרביי־גייענדיק אָנמערקן), וואָס צווישן מענטשן זענען אויפגעקומען אַזוי פיל שטרייטיקייטן פון וועלכע מיר זענען עדות, און דערפון אויך צום סוף דער סקעפּטיציזם. ווארום כאָטש די מענטשלעכע קערפּערס שטימען צווישן זיך צונויף אין אַ סך פונקטן, שיידן זיי זיך דאָך פונאַנדער אין אַ סך אַנדערע פונקטן; אַזוי אַז דאָס וואָס זעט אויס גוט פאַר איינעם, זעט אויס שלעכט פאַר אַן אַנדערן, וואָס פאַר איינעם איז אָרדענונג איז פאַר אַ צווייטן אַ מיש־מאַש, וואָס פאַר איינעם איז איינגענעם איז פאַר אַ צווייטן אומאיינגענעם, און אַזוי מיט אַלעם איבעריקן, וואָס איך לאָז דאָ אויס, אי דערפאַר וואָס נישט דאָ איז דאָס אָרט אויספירלעך עס אַרומצורעדן, און אי דערפאַר וואָס יעדער איינער האָט וועגן דעם גענוג דערפאַרונג.

זענען דאָך אין יעדנס מויל די אויסדרוקן: „וויפיל קעפּ, אַזוי פיל מיינונגען", „פאַר זיך האָט יעדערער שכל מער ווי גענוג", „די געשמאַקן זענען פונקט אַזוי פאַרשידן, ווי די מוחות". אָט די אַלע גלייכווערטלעך ווייזן גענוג אָן, אַז מענטשן אורטיילן וועגן זאַכן לויט דער דיספּאָזיציע פון זייער שכל, און וועלן זיך זאַכן בעסער פאָרשטעלן איידער זיי צו פאַרשטיין. ווארום וואָלטן זיי פאַרשטאַנען זיי מיטן שכל, וואָלט דאָך דאָס אַלץ וואָס כ׳האָב דאָ אַרויסגעפירט, ווינציקסטנס זיי אַלע איבערצייגט, ווי די מאַטעמאַטיק באַשטעטיקט עס, ווען דאָס וואָלט אַפילו נישט אַלעמען געווען צום האַרצן.

אָט דערפון זעען מיר דאָס, וואָס אַלע די דערקלערונגען וועלכע דער ברייטער עולם גיט געוויינטלעך וועגן דער נאַטור, זענען נאָר מאָדוסן פון דער פאָרשטעלונג, און ווייזן נישט די אמתע נאַטור פון קיין שום זאַך, נאָר בלויז דעם צושטאַנד פון דער פאָרשטעלונגס־קראַפט; און ווייל זיי האָבן זיי געגעבן נעמען, ווי זיי וואָלטן געווען וועזנס וואָס עקזיסטירן דרויסן פון דער פאָרשטעלונגס־קראַפט, רוף איך זיי וועזנס, אָבער נישט קיין רעאַלע וועזנס אינעם שכל, נאָר וועזנס אין דער פאָרשטעלונגס־קראַפט. און אויף אָט דעם וועג קאָנען אַלע יענע באַווייזן וואָס זיי שטעלן קעגן מיר

אַרויס אויפֿן גרונט פֿון אַזוינע אַבסטראַקטע באַגריפֿן, גרינג אָפּגע־וואָרפֿן ווערן.

אַ סך אַרגומענטירן געוויינטלעך אָט אַזוי: אויב אַלצדינג דרינגט אַרויס אויס דער נויטווענדיקייט פֿון גאָטס אַבסאָלוט פּערפֿעקטער נאַטור, טאָ פֿון וואַנעט זשע נעמט זיך אַזוי פֿיל אומפּערפֿעקטקייטן אין דער נאַטור? אַזוינע, למשל, ווי דאָס וואָס זאַכן ווערן אַזוי קאַליע, אַז זיי ביז געשטאַנק, העסלעכקייט פֿון וועלכער ס׳קערט די גאַל, צעמישעניש, שלעכטס, זינד, און אַז. וו., אָבער, ווי איך האָב שוין געזאָגט, קאָנען אָט די אַלע קלאָץ־קשיות גרינג אָפּגעפֿרעגט ווערן. וואָרום פּערפֿעקטקייט פֿון זאַכן דאַרף מען נישט אַנדערש ווי נאָר דורך זייער אייגענער נאַטור און קראַפֿט אָפּשאַצן; און זאַכן זענען נישט מערער אָדער מינערער פּערפֿעקט, נאָר לויט דעם נאָך ווי זיי זענען איינגענעם אָדער דערווידער די מענטשלעכע חושים, אָדער לויט דעם נאָך ווי זיי זענען בייהילפֿיק די מענטשן אָדער זענען פֿאַר זיי שעדלעך.

יענע ווידער וואָס פֿרעגן, פֿאַרוואָס האָט גאָט נישט אַזוי באַשאַפֿן אַלע מענטשן, אַז זיי זאָלן בלויז דורכן שכל אליין רעגירט ווערן, גיב איך נישט קיין אַנדער ענטפֿער ווי נאָר אָט דעם: דערפֿאַר וויל ס׳האָט אים נישט אויסגעפֿעלט קיין מאַטעריאַל צו באַשאַפֿן אַלצדינג פֿונעם העכסטן ביזן נידעריקסטן גראַד פֿון פּערפֿעקטקייט; אָדער מיט מער פּינקטלעכע ווערטער, דערפֿאַר וואָס די געזעצן פֿון זיין נאַטור זענען אַזוי אומגעהייער ברייט, צו זיין גענוגנדיק אויף אַרויסצוברענגען אַלצדינג וואָס נאָר ס׳קאָן באַנומען ווערן דורכן אומענדלעכן אינטעלעקט.

אָט דאָס זענען די פֿאָראורטיילן וועלכע איך האָב מיר דאָ פֿירגע־נומען צו נאָטירן. און אויב ס׳איז נאָך אַלץ פֿאַרבליבן אַ וואָסערע עס איז [פֿאָראורטיילן] פֿון אָט דעם מין, קאָן איטלעך איינער, וואָס וועט זיך נאָר אַ ביסל אַריינטראַכטן אין זיי, אַליין זיי גרינג אויסבעסערן.

# עטיק — טייל 1

## א י נ ה אַ ל ט:

**וועגן דער סובסטאַנץ און אירע מאָדיפיקאַציעס**
(פּראָפּאָזיציעס 1, 2, 3, 4, 5, 6, 7, 8, 9, 10, 11, 12, 13, 14, 15, 16, 17, 18, 19, 20, 21, 22, 23, 24, 25, 26, 27, 28, 29)

**וועגן דעם אינטעלעקט און ווילן און וועגן דער אָרדענונג פון זאַכן**
(פּראָפּאָזיציעס 30, 31, 32, 33, 34, 35, 36)

**וועגן צילן אין דער נאַטור**
(צוגאָב)

**וועגן דעם גוטן און שלעכטן, וועגן שיינקייט און העסלעכקייט**
(צוגאָב)

# ע ט י ק
## צווייטער טייל

## וועגן דער נאַטור און אָפּשטאַם פונעם גייסט

---

# פּ אָ ר וו אָ ר ט

איך גיי איצט איבער צו דערקלערן יענע זאַכן, וואָס מוזן נויט־וועגדיק זיך אַרויסדרינגען אויס גאָטס עסענץ, אָדער אויסן אייביקן און אומענדלעכן זיין. אָבער נישט וועגן אַלע זאַכן — וואָרום, ווי איך האָב אינעם פריערדיקן טייל אויפגעוויזן, מוזן זיך דאָך אויס זיי [אויס גאָטס עסענץ, אָדער אויסן אייביקן און אומענדלעכן זיין] אַרויסדרינגען אומענדלעך אַ סך זאַכן אויף אומענדלעכע אופנים — נאָר וועגן יענע [זאַכן] בלויז, וואָס זענען בכוח צו פירן אונדז, ווי ביי דער האַנט, צו אַ קלאָרער דערקענטעניש פונעם מענטשלעכן גייסט און זיין [דעם גייסטס] העכסטן גליק.

# ד ע פ י נ י צ י ע ס

### אידעיען, זאַכן און דער מענטשלעכער גייסט

אונטער קערפּער פאַרשטיי איך אַ מאָדוס [אָדער אַ באַשאַפענע פאָרם], וואָס דריקט אויס אויף אַ געוויסן און דעטערמינירטן אופן די עסענץ פון גאָט, אויף וויפיל ער [דער קערפּער] ווערט באַטראַכט ווי אַן אויסגעשפּרייטע זאַך [מאַטעריע].

צו דער עסענץ פון אַ זאַך, זאָג איך, געהערט דאָס וואָס אויב זי ווערט געגעבן, ווערט נויטווענדיק אויך די זאַך געגעבן, און אויב זי ווערט

אַוועקגענומען, ווערט נויטווענדיק אויך די זאַך אַוועקגענומען; מיט אַנדערע ווערטער, דאָס אָן וועלכן די זאַך קאָן נישט זײַן, און וואָס אויך זי [די עסענץ], קאָן אָן דער זאַך אי נישט זײַן און אי נישט באַנומען ווערן.

אונטער אידעיע פאַרשטיי איך אַ קאָנצעפּציע וועגן דעם גייסט, וועלכע דער גייסט פורעמט, דערפאַר ווייל ער איז אַ דענקענדיקע זאַך. (איך נוץ גיכער דאָס וואָרט קאָנצעפּציע ווי פּערצעפּציע, ווייל דאָס וואָרט פּערצעפּציע זעט אויס אָנצודייטן אַז דער גייסט איז פּאַסיוו לגבי דעם אָביעקט, בעת קאָנצעפּציע אָבער זעט אויס אויסצודריקן אַקטיווקייט פונעם גייסט).

אונטער אַן אַדעקוואַטער אידעיע פאַרשטיי איך אַן אידעיע וועלכע האָט, אויף וויפיל זי ווערט באַטראַכט אין זיך אַליין אָן שום שייכות צום אָביעקט, אַלע די אייגנשאַפטן, אָדער אינערלעכע סימנים, פון אַן אמתער אידעיע. (איך זאָג אינערלעכע סימנים, כדי אויסצושליסן יענעם סימן וואָס איז אַן אויסערלעכער, דאָס מיינט, די צונויפשטימונג פון דער אידעיע מיט איר אָביעקט).

דויער איז אינדעפיניטיווע קאָנטינואירונג [המשך] פון דער עקזיס־טענץ. (איך זאָג אינדעפיניטיווע, ווייל די קאָנטינואירונג פון דער עקזיס־טענץ קאָן נישט דעטערמינירט ווערן דורך דער אייגענער נאַטור פון דער עקזיסטירנדיקער זאַך, ווי אויך נישט דורך דער סיבה וואָס האָט זי אַרויס־געבראַכט, וועלכע גיט נויטווענדיקע עקזיסטענץ דער זאַך, אָבער נעמט זי ביי איר נישט אַוועק).

אונטער רעאַלקייט און פּערפעקטקייט פאַרשטיי איך איינע און די זעלבע זאַך.

אונטער אינדיווידועלע זאַכן פאַרשטיי איך זאַכן וואָס האָבן אַ סוף און אַ באַשטימטע עקזיסטענץ; אויב אָבער אַ צאָל אינדיווידועלע זאַכן פאַראייניקן זיך פאַר איין אַקציע, אַזוי אַז אַלע זענען זיי באַגלייך די סיבה

פון איין עפעקט, באַטראַכט איך זיי אַלע אויף אַט אַזוי פיל ווי איין באַזונדערע זאַך.

## פּראָפּאָזיציעס

דאָס דענקען איז אַן אַטריבוט פון גאָט, אָדער גאָט איז אַ דענ־קענדיקע זאַך.

אויסשפּרייטונג איז אַן אַטריבוט פון גאָט, אָדער גאָט איז אַן אויס־געשפּרייטע זאַך.

אין גאָט איז נויטווענדיק פאַראַן אַן אידעיע וועגן זיין עסענץ און וועגן דעם אַלעם וואָס דרינגט נויטווענדיק אַרויס אויס זיין עסענץ. (אַלצדינג וואָס געפינט זיך אין גאָטס מאַכט איז נויטווענדיק. דעריבער איז אין גאָט נויטווענדיק פאַראַן אַזאַ אידעיע, און זי איז נאָר אין גאָט; וואָרום אַלץ דאָס וואָס איז דאָ, איז דאָ אין גאָט, און אָן אים קאָן גאָרנישט זיין, אָדער באַנומען ווערן).

דער ברייטער עולם פאַרשטייט אונטער גאָטס מאַכט דעם פרייען ווילן פון גאָט און זיין רעכט אויף אַלץ וואָס איז דאָ, און איבער אַט דעם ווערט געוויינטלעך באַטראַכט אַלץ דאָס, וואָס איז דאָ ווי צופעליק. זאָגן זיי דאָך, אַז ס׳איז אין גאָטס מאַכט די גאַנצע וועלט חרוב צו מאַכן און זי צו רעדוצירן צו גאָרנישט. ווייטער פאַרגלייכן זיי זייער אָפט די מאַכט פון גאָט מיט דער מאַכט פון אַ קיניג, וואָס איך האָב שוין אין פריערדיקן טייל אָפּגעפרעגט. גאָט, האָב איך דאָרטן אויפגעוויזן איז אַקטיוו מיט דער זעלבער נויטווענדיקייט מיט וועלכער ער פאַרשטייט זיך אַליין, דאָס הייסט, אַזוי ווי אויס דער נויטווענדיקייט פון דער געטלעכער נאַטור דרינגט אַרויס (ווי דאָס ווערט איינשטימיק אָנגענומען דורך אַלעמען) אַז גאָט פאַר־שטייט זיך אַליין, דרינגט אַט אַזוי אויך אַרויס מיט דער זעלבער נויט־ווענדיקייט, אַז גאָט איז אומענדלעך אַקטיוו אויף אומענדלעכע אופנים. ווייטער האָב איך דאָרטן אויפגעוויזן, אַז גאָטס מאַכט איז נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר גאָטס אַקטיווע עסענץ; דעריבער איז אונדז פּונקט אַזוי

אוממעגלעך צו באַנעמען, אַז גאָט איז נישט אַקטיוו, ווי דאָס אַז גאָט איז נישטאָ.

וואָלט איך דאָ ווייטער זיך אָפּגעגעבן מיט אָט דעם ענין, וואָלט איך געקאָנט אויפווייזן, אַז יענע מאַכט וועלכע דער המון הענגט־אָן אין גאָט, איז נישט נאָר אַ מענטשלעכע (וואָס ווייזט, אַז דער ברייטער עולם באַנעמט גאָט ווי אַ מענטש, אָדער אין אַ מענטשלעך געשטאַלט), נאָר אַז אָט די מאַכט שליסט אין זיך גאָר אײַן אָנמאַכט. איך וועל אָבער איצט נישט באַהאַנדלען ברייט דעם דאָזיקן ענין, און וויל נאָר בעטן דעם לייענער איין מאָל און נאָך אַמאָל אָפּוועגן אין געדאַנק דאָס וואָס איז שוין וועגן אָט דעם געזאָגט געוואָרן אין פריערדיקן טייל. וואָרום קיינער וועט נישט קאָנען ריכטיק באַנעמען מיין געדאַנק, אויב ער וועט זיך נישט שטאַרק אויסהיטן, נישט צונויפצומישן גאָטס מאַכט מיט דער מענטשלעכער מאַכט, אָדער מיט די רעכט פון אַ קיניג.

די אידעיע וועגן גאָט, אויס וועלכן ס׳דרינגען אַרויס אַן אומ־ענדלעכע צאָל זאַכן אויף אומענדלעכע אופנים, קאָן נאָר איין איינציקע זיין.

דער אומענדלעכער אינטעלעקט (פאַרשטאַנד) נעמט קיין שום אַנדער זאַך נישט אויף ווי נאָר גאָטס אַטריבוטן און זיינע מאָדיפיקאַציעס, גאָט אָבער איז איינציק. דעריבער קאָן די אידעיע וועגן גאָט, אויס וועלכן ס׳דרינגען אַרויס אַן אומענדלעכע צאָל זאַכן אויף אומענדלעכע אופנים, נאָר איין איינציקע זיין.

דאָס פאָרמעלע זיין פון אידעיען אָנערקענט גאָט ווי איר סיבה, נאָר אויף וויפיל ער ווערט באַטראַכט ווי אַ דענקענדיקע זאַך, און נישט אויף וויפיל ער אַנטפּלעקט זיך דורך אַן אַנדערן אַטריבוט; ד. ה., סיי די אידעיען וועגן גאָטס אַטריבוטן ווי אויך די אידעיען וועגן אינדיווידועלע זאַכן, אָנערקענען נישט די אָביעקטן גופא פון די אידעיען, אָדער די זאַכן אויפ־גענומענע דורך די חושים, ווי די סיבה וואָס האָט זיי אַרויסגעבראַכט, נאָר גאָט אַליין אויף וויפיל ער איז אַ דענקענדיקע זאַך.

די מאָדוסן פון יעדן איינעם אַטריבוט, איז גאָט זייער סיבה, נאָר

אויף וויפיל ער ווערט באַטראַכט דורך דעם אַטריבוט פון וועלכן זיי זענען מאָדוסן, און נישט אויף וויפיל ער ווערט באַטראַכט דורך אַ וואָסערן עס איז אַנדערן אַטריבוט.

די אָרדענונג און פאַרקניפּונג פון אידעען איז די זעלבע ווי די אָרדענונג און פאַרקניפּונג פון זאַכן.

איידער מיר גייען ווייטער, לאָמיר זיך דערמאָנען דאָס וואָס איך האָב שוין דאָ פריער אויפגעוויזן, און דאָס איז, אַז אַלץ דאָס וואָס קאָן אויפגענומען ווערן דורכן אומענדלעכן אינטעלעקט ווי דאָס וואָס שטעלט צונויף די עסענץ פון דער סובסטאַנץ, אַז אָט דאָס אַלץ געהערט נאָר צו איין איינציקער סובסטאַנץ, און במילא שוין איז די דענקענדיקע סובסטאַנץ און די אויסגעשפּרייטע [מאַטעריעלע] סובסטאַנץ, איין און די זעלבע סובסטאַנץ, וואָס ווערט אַמאָל באַנומען דורך איין אַטריבוט און אַמאָל דורכן אַנדערן אַטריבוט. פּונקט אויך אַזוי איז אַ מאָדוס פון אויסשפּרייטונג און די אידעיע וועגן אָט דעם מאָדוס, איין און די זעלבע זאַך, אָבער אויסגעדריקט אויף צוויי־ערליי אופנים. אָט דעם אמת האָבן, ווייזט אויס, ווי דורך אַ נעפּל געשפּירט יענע יידן וואָס האָבן געהאַלטן, אַז גאָט, גאָטס אינטעלעקט און די זאַכן וואָס ווערן דורך אים פאַרשטאַנען, איז איין און די זעלבע זאַך.

למשל, אַ צירקל וואָס עקזיסטירט אין דער נאַטור און די אידעיע וועגן אָט דעם צירקל, וועלכע איז אויך אין גאָט, זענען איין און די זעלבע זאַך, דערקלערט דורך פאַרשידענע אַטריבוטן. בכן, צי מיר באַנעמען די נאַטור אונטערן אַטריבוט פון אויסשפּרייטונג, אָדער אונטערן אַטריבוט פון דענקען, אָדער אונטער אַ וואָסערן עס איז אַנדערן אַטריבוט, וועלן מיר תמיד געפינען איינע און די זעלבע אָרדענונג, אָדער איינע און די זעלבע פאַרקניפּונג פון סיבות — דאָס הייסט, די זעלבע זאַכן וועלן זיך תמיד אַרויסדרינגען איינע אויס דער אַנדערער אין יעדן איינעם פון אָט די פאַלן.

ווען איך האָב געזאָגט, אַז גאָט איז די סיבה פון אַן אידעיע — למשל פון דער אידעיע וועגן אַ צירקל — אויף אַזוי פיל נאָר ווי ער איז אַן אויסגעשפּרייטע זאַך, האָב איך עס געזאָגט דערפאַר, ווייל דאָס אַקטועלע זיין פון דער אידעיע וועגן אַ צירקל קאָן נישט אַנדערש אויפגענומען ווערן,

ווי נאָר דורך אַן אַנדער מאָדוס פון דענקען ווי זיין נאָענטסטע סיבה, און אַט דער מאָדוס פון דענקען ווידער, אויך דורך נאָך אַן אַנדער מאָדוס, און אַזוי ווייטער אָן אַ סוף. אַזוי לאַנג דעריבער, ווי מיר באַטראַכטן זאַכן ווי מאָדוסן פונעם דענקען, מוזן מיר דערקלערן די אָרדענונג פון דער גאַרער נאַטור, אָדער די פאַרקניפּונג פון סיבות, דורכן אַטריבוט פונעם דענקען בלויז. און אויף וויפיל ווידער מיר באַטראַכטן זאַכן ווי מאָדוסן פון דער אויסשפּרייטונג, מוזן מיר דערקלערן די אָרדענונג פון דער גאַרער נאַטור דורכן אַטריבוט פון דער אויסשפּרייטונג בלויז, און אַט אַזוי אויך איגעם פאַל מיט אַנדערע אַטריבוטן. דעריבער איז פאַר זאַכן, ווי זיי זענען אין זיך אַליין, גאָט באמת זייער סיבה, אויף וויפיל ער באַשטייט פון אומ־ענדלעכע אַטריבוטן.

די אידעיע וועגן אַן אַקטועל־עקזיסטירנדיקער אינדיווידועלער זאַך, האָט גאָט פאַר איר סיבה נישט אויף וויפיל ער איז אומענדלעך, נאָר אויף וויפיל ער ווערט באַטראַכט ווי אַפעקטירט דורך אַן אידעיע וועגן אַן אַנדער אַקטועל־עקזיסטירנדיקער זאַך, וואָס אויך איר סיבה איז גאָט, אויף וויפיל ער איז אַפעקטירט דורך אַן אַנדער דריטער אידעיע, און אַזוי ווייטער ביז אָן אַ סוף.

### וועגן גייסט און קערפּער פונעם מענטש

דאָס זיין פון דער סובסטאַנץ געהערט נישט צו דער עסענץ פונעם מענטש, אָדער די סובסטאַנץ שטעלט נישט צונויף די פאָרם פונעם מענטש.

דאָס ערשטע וואָס שטעלט צונויף דאָס אַקטועלע זיין פונעם מענטש־לעכן גייסט, איז נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר די אידעיע וועגן אַ באַזונ־דערער אַקטועל־עקזיסטירנדיקער זאַך.

איז דערפון געדרונגען, אַז דער מענטשלעכער גייסט איז אַ טייל פון גאָטס אומענדלעכן אינטעלעקט (פאַרשטאַנד). דעריבער, ווען מיר זאָגן, אַז דער מענטשלעכער גייסט נעמט־אויף דאָס אָדער עפּעס אַנדערש, זאָגן מיר בלויז אַט דאָס, אַז גאָט האָט די אָדער יענע אידעיע, נישט אויף וויפיל

ער איז אומענדלעך, נאָר אויף וויפיל ער אַנטפּלעקט זיך דורך דער נאַטור פונעם מענטשלעכן גייסט, אָדער אויף וויפיל ער שטעלט צונויף די עסענץ פונעם מענטשלעכן גייסט. און ווען מיר זאָגן אַז גאָט האָט די אָדער יענע אידעיע, נישט נאָר אויף וויפיל ער שטעלט צונויף די נאַטור פונעם מענטש־לעכן גייסט, נאָר אויף וויפיל ער האָט באַגלייך מיטן מענטשלעכן גייסט די אידעיע אויך וועגן אַן אַנדער זאַך, זאָגן מיר דערמיט, אַז דער מענטש־לעכער גייסט נעמט־אויף די זאַך נאָר טיילווייז, אָדער אינאַדעקוואַט.

אַלץ דאָס וואָס קומט פאַר אינעם אָביעקט פון דער אידעיע וואָס שטעלט צונויף דעם מענטשלעכן גייסט, מוז אויפגענומען ווערן דורכן מענטשלעכן גייסט, אָדער ס׳מוז אינעם מענטשלעכן גייסט נויטווענדיק זיך געפונען אַן אידעיע וועגן אָט דעם אָביעקט; דאָס הייסט, אויב דער אָביעקט פון דער אידעיע וואָס שטעלט צונויף דעם מענטשלעכן גייסט, איז אַ קערפּער, וועט אין אָט דעם קערפּער נישט קאָנען פאָרקומען קיין שום זאַך, וואָס זאָל נישט אויפגענומען ווערן דורכן גייסט.

דער אָביעקט פון דער אידעיע וואָס שטעלט צונויף דעם מענטש־לעכן גייסט, איז דער קערפּער, אָדער אַ געוויסער אופן פון אויסשפּרייטונג וואָס עקזיסטירט אַקטועל, און נישט עפּעס אַנדערש.

איז דערפון געדרונגען, אַז דער מענטש איז צונויפגעזעצט פון גייסט און קערפּער, און אַז דער מענטשלעכער קערפּער עקזיסטירט אָט אַזוי ווי מיר שפּירן אים.

דערפון פאַרשטייען מיר נישט נאָר דאָס, אַז דער מענטשלעכער גייסט איז צונויפגעהעפט מיטן קערפּער, נאָר אויך די נאַטור פון אָט דער איינהייט פון גייסט און קערפּער. דאָך אָבער וועט קיינער אָט די איינהייט נישט קאָנען אַדעקוואַט אָדער קלאָר פאַרשטיין, נישט האָבנדיק פריער אַדעקוואַט דערקענט די נאַטור פון אונדזער קערפּער. ווארום דאָס וואָס איך האָב ביז אַהער געוויזן איז געווען גאַנץ אַלגעמייך, און אַנגעווענדט צו מענטשן נישט מערער ווי צו די איבעריקע אינדיווידועלע זאַכן, וועלכע האָבן אַלע אַ גייסט, הגם אויף פאַרשידענע מדרגות. דען אין גאָט געפינט זיך נויטווענדיק אַן אידעיע וועגן איטלעך איינער זאַך, פון וועלכער גאָט

איז איר סיבה [די סיבה פון דער אידעיע] אויפן זעלבן אופן ווי ער איז די סיבה פון דער אידעיע וועגן מענטשלעכן קערפּער. דעריבער דאַרף אַלץ דאָס וואָס איך האָב געזאָגט וועגן אָט דער אידעיע פונעם מענטשלעכן קערפּער, בויטוועגדיק אויך געזאָגט ווערן וועגן דער אידעיע פון יעדער איינער אַנדער זאַך. פון דער אַנדערער זייט קאָן מען דאָך אָבער נישט לייקענען, אַז אידעיען זענען צווישן זיך פּונקט אַזוי פאַרשידן ווי די אָביעקטן גופא, און אַז איין אידעיע שטייגט ווייט אַריבער די אַנדערע און האָט אין זיך מער רעאַלקייט, פּונקט ווי דער אָביעקט פון איין אידעיע שטייגט ווייט אַריבער דעם אָביעקט פון אַן אַנדער אידעיע און האָט אין זיך מער רעאַלקייט פון דער אַנדערער.

דעריבער, כדי צו זאָגן מיט באַשטימטקייט מיט וואָס דער מענטשלעכער גייסט שיידט זיך אָפּ פון אַלע איבעריקע, און מיט וואָס ער שטייגט זיי ווייט אַריבער, איז פאַר אונדז, ווי געזאָגט, נייטיק צו דערקענען די נאַטור פון זיין אָביעקט, דאָס הייסט, די נאַטור פונעם מענטשלעכן קערפּער. וואָס אָט די נאַטור איז, קאָן איך דאָ נישט דערקלערן, און ס'איז אויך נישט נייטיק פאַר דעם וואָס איך וויל דאָ אויפווייזן. דאָך אָבער וויל איך, בכלל גענומען, דאָ זאָגן אָט דאָס: וואָס מערער אַ קערפּער איז פעאיקער פון אַנדערע צו טון אַ סך זאַכן אָדער אויפצונעמען אַ סך איינדרוקן גלייכצייטיק, אַלץ מערער ווי אַנדערע איז דער גייסט זיינער פעאיק גלייכצייטיק אויפצונעמען אַ סך זאַכן; און וואָס מערער די אַקטיווקייטן פון אַ וואָסערן עס איז קערפּער זענען אָפּהענגיק נאָר אין אים אַליין, און וואָס ווינציקער אַנדערע קערפּערס באַטייליקן זיך מיט אים אין זיין אַקטיווקייט, אַלץ מערער איז דער גייסט זיינער פעאיק פאַר אַ קלאָרער פאַרשטענדעניש.

אָט דערפון לאָזט זיך דערקענען די העכערקייט פון איין גייסט איבער אַנדערע, און מ'קאָן דערביי אויך זען די סיבה פאַרוואָס מיר האָבן וועגן אונדזער קערפּער נאָר אַ צעמישטע דערקענטעניש, און נאָך אַנדערע אַזוינע זאַכן, וועלכע איך וועל אַרויספירן אינעם ווייטערדיקן. איך האַלט דעריבער, אַז ס'וועט כדאי זיין דאָס נאָר וואָס אַרויסגעזאָגטע מער פּינקטלעך צו דערקלערן און אויפצואווייזן, און פאַר אָט דעם צוועק וועט מיר פריער נייטיק זיין צו זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן דער נאַטור פונעם קערפּער.

# אַקסיאָמען און לעמאַס

## די לערע וועגן קערפּערס

אַקסיאָם 1. — אַלע קערפּערס זענען אָנטוועדער אין באַוועגונג אָדער אין רו.

אַקסיאָם 2. — יעטווידער קערפּער באַוועגט זיך אַמאָל פּאַמע־לעכער און אַמאָל געשווינדער.

לעמאַ 1. — קערפּערס שיידן זיך אונטער איינער פונעם אַנדערן וואָס איז נוגע באַוועגונג און רו, געשווינדקייט און פּאַמעלעכדיקייט, אָבער נישט וואָס איז נוגע דער סובסטאַנץ.

לעמאַ 2. — אַלע קערפּערס שטימען זיך צונויף צווישן זיך אין טייל זאַכן.

לעמאַ 3. — אַ קערפּער אין באַוועגונג אָדער אין רו, מוז דעטער־מינירט ווערן צו באַוועגונג אָדער צו רו דורך אַן אַנדער קערפּער, וועלכער איז פּונקט אַזוי אויך דעטערמינירט געוואָרן צו באַוועגונג אָדער צו רו דורך אַן אַנדער קערפּער, און אָט דער ווידער, אויך דורך אַן אַנדערן, און אָט אַזוי כסדר אָן אַ סוף.

דערפון איז געדרונגען, אַז אַ קערפּער אין באַוועגונג האַלט זיך אין באַוועגן אַזוי לאַנג, ביז וואַנעט ער ווערט דורך אַן אַנדער קערפּער דע־טערמינירט צו אַ צושטאַנד פון רו; און אַ קערפּער אין רו האַלט אָן זיין רו, ביז וואַנעט ער ווערט דורך אַן אַנדער קערפּער דעטערמינירט צו אַ צושטאַנד פון באַוועגונג. אָט דאָס איז פאַרשטענדלעך פון זיך אַליין. וואָרום ווען איך נעם אָן למשל, אַז דער קערפּער „א" איז אין רו, און בעם נישט אין באַטראַכט אַנדערע קערפּערס וואָס זענען אין באַוועגונג, וועל איך וועגן קערפּער „א" נישט קאָנען אַפירמירן עפּעס אַנדערש ווי נאָר דאָס, אַז ער איז אין רו. אויב ס'זאָל דערנאָך זיך טרעפן אַז דער קערפּער „א" זאָל קומען אין באַוועגונג, האָט די דאָזיקע באַוועגונג זיכער נישט גע־קאָנט קומען דורך דעם וואָס ער איז געווען אין רו. דערפון קאָן מען אַרויסדרינגען נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר דאָס, אַז דער קערפּער „א" ווערט

פאַרבלייבן אין זיין רו. און פאַרקערט ווידער, אויב מ׳זאָל אָננעמען אַז קערפּער „א״ איז אין באַוועגונג, וועלן מיר, כל זמן ווי מיר נעמען אין באַטראַכט נאָר דעם קערפּער „א״, נישט קאָנען אַפירמירן וועגן אים עפּעס אַנדערש ווי נאָר דאָס, אַז ער איז אין באַוועגונג. און אויב ס׳זאָל דערנאָך זיך טרעפן אַז „א״ זאָל זיין אין רו, וואָלט אָט די רו זיינע זיכער נישט געקאָנט קומען דורך דער באַוועגונג אין וועלכער ער האָט זיך פריער געפונען, וואָרום אָט אַזאַ באַוועגונג קאָן נאָר פירן צו אַן אומאויפהערלעכער באַוועגונג; דער צושטאַנד פון רו האָט דעריבער געמוזט קומען דורך עפּעס־וואָס, וואָס איז נישט געווען אין קערפּער „א״, און דאָס מיינט, דורך אַן אויסערלעכער סיבה, וואָס האָט אים דעטערמינירט צו אָט דער רו.

אַקסיאָם 1. — אַלע די מאָדוסן מיט וועלכע איין קערפּער ווערט אַפעקטירט דורך אַן אַנדער קערפּער, דרינגען באַגלייך אַרויס סיי אויס דער נאַטור פונעם אַפעקטירטן קערפּער ווי אויך אויס דער נאַטור פונעם אַפעק־טירנדיקן קערפּער, אַזוי אַז איין און דער זעלבער קערפּער קאָן זיך באַ־וועגן אויף פאַרשידנערליי אופנים, לויט דער פאַרשידנקייט פון דער נאַטור פון די קערפּערס וואָס באַוועגן אים; פון דער צווייטער זייט ווידער, קאָנען פאַרשידענע קערפּערס באַוועגט ווערן דורך איין און דעם זעלבן קערפּער, אויף פאַרשידנערליי אופנים.

אַקסיאָם 2. — ווען אַ קערפּער אין באַוועגונג שטויסט זיך אָן אין אַן אַנדער קערפּער וואָס איז אין רו, און ער קאָן אים נישט אַוועקבאַוועגן פון זיין אָרט, פאַלט ער דעמאָלט צוריק, כדי ווייטער צו קאָנען אָנהאַלטן זיין באַוועגונג, און דער ווינקל וואָס האָט זיך געשאַפן דורך דער ליניע פון דער צוריקפאַלנדיקער באַוועגונג, און די פלעכע פונעם קערפּער אין רו אויף וועלכן דער קערפּער אין באַוועגונג האָט זיך אָנגעשטויסן, וועט זיין גלייך צום ווינקל וואָס האָט זיך געשאַפן אין אָט דער פלעכע, דורך דער ליניע פון דער אַריינפאַלנדיקער באַוועגונג.

ביז אַהער זענען די רייד געווען וועגן די סאַמע איינפאַכסטע קער־פּערס, וואָס שיידן זיך אָפּ איינער פונעם אַנדערן בלויז דורך באַוועגונג

און רו, געשווינדטקייט און פּאָמעלעכדיקייט. איצט, וועלן מיר איבערגיין צו צונויפגעזעצטע קערפּערס.

דעפיניציע. — ווען אַ צאָל קערפּערס פון דער זעלבער אָדער פאַרשידענער גרייס ווערן דורך אַנדערע קערפּערס אַזוי צונויפגעדריקט, אַז זיי ליגן איינער אויפן אַנדערן, אָדער ווען זיי ווערן באַוועגט מיט אַן אַלצאיינער אָדער מיט פאַרשידענע גראַדן פון געשווינדטקייט, אַזוי אַז זייערע צווישנאַנאַנדיקע באַוועגונגען האַלטן צווישן זיך אויף אַ געוויסע פיקסירטע פאַרבינדונג, זאָגן מיר, אַז אָט די קערפּערס זענען צווישן זיך פאַראייניקט, און אַלע אינאיינעם שטעלן זיי צונויף איין קערפּער, אָדער אינדיווידע, וואָס שיידט זיך אונטער פון אַנדערע קערפּערס דורך אָט דער פאַראייניקונג פון קערפּערס.

אַקסיאָם 3. — וואָס גרעסער אָדער קלענער ס'זענען די פלאַכן פון די טיילן פון אַן אינדיווידע, אָדער פון אַ צונויפגעזעצטן קערפּער, וועלכע ליגן איינס אויף דאָס אַנדערע, אַלץ שווערער אָדער גרינגער וועט זיין צו צווינגען זיי צו בייטן זייער פּאָזיציע; און במילא וועט פונקט אַזוי שווער אָדער גרינג זיין צו ברענגען דערצו, אַז אָט דער אינדיווידע זאָל אָננעמען אַן אַנדער פאָרם. דעריבער וועל איך יענע קערפּערס וואָס זענען צווישן זיך פאַרבונדן איבער גרויסע פלאַכן, אָנרופן האַרטע; יענע אָבער, וואָס די טיילן זייערע זענען צווישן זיך פאַרבונדן איבער קליינע פלאַכן, וועל איך אָנרופן ווייכע; און יענע קערפּערס ווידער וואָס די טיילן זייערע באַוועגן איינער דעם אַנדערן, וועלן אָנגערופן ווערן פליסיקע.

לעמאַ 4. — אויב פון אַ קערפּער, אָדער פון אַן אינדיווידע, וואָס איז צונויפגעזעצט פון אַ צאָל קערפּערס, ווערן באַזייטיקט עטלעכע קערפּערס, און אין דער אייגענער צייט ווערט זייער אָרט פאַרנומען דורך פונקט אַזוי פיל אַנדערע קערפּערס פון דער זעלבער נאַטור, וועט דער אינדיווידע ווייטער אָנהאַלטן זיין פריערדיקע נאַטור אָן שום ענדערונג אין זיין פאָרם.

לעמאַ 5. — אויב די טיילן וואָס שטעלן צונויף אַן אינדיווידע, ווערן

גרעסער אָדער קלענער, אָבער אין אַזאַ פּראָפּאָרציע אַז ס'ווערט צווישן זיי אַלע אויפגעהיטן דער זעלבער סדר פון באַוועגונג און רו ווי פריער, וועט דעמאָלט אויך דער אינדיווידן ווייטער אָנהאַלטן זיין פריערדיקע נאַטור, אָן שום פאַרענדערונג אין זיין פאָרם.

לעמאַ 6. — אויב טייל קערפּערס וואָס שטעלן צונויף אַן אינדיווידן, ווערן געצוואונגען צו פאַרקערעווען די באַוועגונג זייערע וואָס זיי האָבן אין אַן אַנדער ריכטונג, אָבער אויף אַזאַ אופן אַז זיי קאָנען ווייטער אָנגיין מיט די זעלבע באַוועגונגען זייערע און מיט דער זעלבער פאַרבינדונג צווישן זיך, אינעם זעלבן סדר ווי פריער, וועט דער אינדיווידן ווייטער אָנהאַלטן זיין נאַטור, אָן שום פאַרענדערונג אין זיין פאָרם.

לעמאַ 7. — אָט אַזאַ צונויפגעזעצטער אינדיווידן וועט, דערצו נאָך, פּרעזערווירן זיין נאַטור, סיי ווען ער איז אין גאַנצן אין באַוועגונג אָדער ווען ער איז אין רו, און סיי ווען ער באַוועגט זיך אין דער אָדער אין יענער ריכטונג, אַזוי לאַנג נאָר ווי יעדער איינער טייל זיינער האַלט אָן זיין באַוועגונג און גיט זי איבער צו די אַנדערע טיילן ווי פריער.

דערפון זעען מיר, בכן, ווי אַזוי אַ צונויפגעזעצטער אינדיווידן קאָן אויף פילערליי אופנים אַפעקטירט ווערן, און דאָך פּרעזערווירן זיין נאַטור.

ביז אַהער האָבן מיר זיך אָפּגעגעבן מיטן באַנעמען אַן אינדיווידן, וואָס איז צונויפגעזעצט נאָר אויס אַזוינע קערפּערס, וואָס שיידן זיך אונטער איינער פונעם אַנדערן בלויז דורך באַוועגונג און רו, געשווינדקייט און פּאַמעלעכדיקייט, דאָס הייסט, קערפּערס פון סאַמע איינפאַכסטן כאַראַקטער. זאָלן מיר אָבער וועלן באַנעמען אַן אַנדער אינדיווידן, וואָס איז צונויפגעזעצט פון עטלעכע אינדיווידן פון פאַרשידנאַרטיקער נאַטור, וועלן מיר דעמאָלט אויסגעפינען, אַז ער קאָן אויף אַ סך מערער און גאַנץ אַנדערע אופנים אַפעקטירט ווערן, און דאָך נישט פאַרלירן דערביי זיין אייגענע נאַטור. וואָרום אַזוי ווי יעדער טייל זיינער וואָלט דאָך געווען צונויפגעזעצט פון עטלעכע קערפּערס, וואָלט דעמאָלט יעדער איינער טייל, אָן שום פאַרענדערונג אין זיין נאַטור, זיך באַוועגט אַמאָל געשווינדער

און אַמאָל פּאַמעלעכער, און וואָלט במילא אויך זיינע באַוועגונגען איבער־געגעבן צו די איבעריקע טיילן, אַמאָל געשווינדער און אַמאָל פּאַמעלעכער. אויב ווידער מיר זאָלן זיך איצט פאָרשטעלן אַ דריטן מין אינדיווידן, וועלכע זענען צונויפגעזעצט אויס יענע פונעם צווייטן מין, וועלן מיר אויסגעפינען אַז זיי קאָנען אויף נאָך אַ סך מערער און אַנדערע אופנים אַפעקטירט ווערן אָן קיין שום פאַרענדערונג אין זייער פאָרם. און אויב מיר זאָלן אָט אַזוי אָנגיין אַלץ ווייטער און ווייטער אָן אַ סוף, וועלן מיר גרינג באַנעמען, אַז די גאַנצע נאַטור איז איין אינדיוויד, וואָס די טיילן אירע, דאָס הייסט, אַלע קערפּערס, האַלטן זיך אין איין וואַריאירן אויף אומענדלעכע אופנים, אָן קיין שום פאַרענדערונג אינעם אינדיוויד ווי אַ גאַנצער.

וואָלט איך דאָ געהאַט בדעה צו מאַכן דעם קערפּער [די מאַטעריע] פאַרן עיקר פון מיינע פאָרשונגען, וואָלט איך אָט דעם ענין געוועזן באַדאַרפט דערקלערן מער אויספירלעך. אָבער, ווי איך האָב שוין געזאָגט, בין איך איצט נישט דאָס אויסן געווען. איך האָב מיך דאָ אָפּגעשטעלט אויף אָט דעם פונקט כדי גרינגער צו קאָנען אַרויסברענגען דאָס וואָס כ׳האָב מיר פירגענומען צו באַווייזן.

## פּאָסטולאַטן

### דער מענטש און די זאַכן וואָס זענען דרויסן פון אים

1. דער מענטשלעכער קערפּער איז צונויפגעזעצט אויס זייער אַ סך אינדיווידן (פון אַ פאַרשידענער נאַטור), וואָס יעדער איינער פון זיי ווידער איז צונויפגעזעצט אויס אַ סך טיילן.

2. די אינדיווידן, אויס וועלכע דער מענטשלעכער קערפּער איז צונויפגעזעצט, זענען אַ טייל פליסיק, אַ טייל ווייך און אַ טייל ווידער האַרט.

3. די אינדיווידן וואָס שטעלן צונויף דעם מענטשלעכן קערפּער, און במילא אויך דער מענטשלעכער קערפּער גופא, ווערן דורך אויסער־לעכע קערפּערס אַפעקטירט אויף זייער אַ סך אופנים.

4. כדי זיך צו פּרעזערווירן, נייטיקט זיך דער מענטשלעכער קער־

פער אין זייער אַ סך אַנדערע קערפּערס, דורך וועלכע ער האַלט זיך כּסדר, אַזוי צו זאָגן, איין אײן באַנייען.

5. ווען אַ פּליסיקער טייל פונעם מענטשלעכן קערפּער ווערט אַזוי דעטערמינירט דורך אַן אויסערלעכן קערפּער זיך אָפּט אַנצושטויסן אויף אַן אַנדער קערפּער וואָס איז ווייך, בייט דער פליסיקער טייל איבער די פלעכע פון יענעם ווייכן קערפּער־טייל, און ווי ער וואָלט אין אים איינגע־דריקט טייל שפּורן פון יענעם אויסערלעכן קערפּער, וואָס האָט אים געשטויסן.

6. דער מענטשלעכער קערפּער קאָן באַוועגן אויסערלעכע קער־פּערס אויף זייער אַ סך אופנים, און זיי אויף זייער אַ סך אופנים דיספּאָנירן.

## פּראָפּאָזיציעס

דער מענטשלעכער גייסט פאַרמאָגט די פעאיקייט זייער אַ סך זאַכן אויפצונעמען, און אַלץ גרעסער איז אָט די פעאיקייט זיינע, וואָס מערער ס'זענען די איינדרוקן וועלכע דער קערפּער איז פעאיק אויפצונעמען.

יענע אידעיע וואָס שטעלט צונויף דאָס אַקטועלע זיין פון מענטש־לעכן גייסט, איז נישט איינפאַך, נאָר איז צונויפגעזעצט אויס זייער אַ סך אידעיען.

די אידעיע וועגן יעדן איינעם מאָדוס [אופן] אין וועלכן דער מענטש־לעכער קערפּער ווערט אַפעקטירט דורך אויסערלעכע קערפּערס, מוז איינ־איינעם מיט דער נאַטור פונעם מענטשלעכן קערפּער אין זיך איינשליסן די נאַטור אויך פונעם אויסערלעכן קערפּער.

דערפון איז געדרונגען, ערשטנס, אַז דער גייסט נעמט־אויף די נאַטור פון זייער אַ סך אַנדערע קערפּערס באַגלייך מיט דער נאַטור פון זיין איי־גענעם קערפּער. צווייטנס איז געדרונגען, אַז די אידעיען וואָס מיר האָבן וועגן אויסערלעכע קערפּערס ווייזן אָן מער אויפן צונויפשטעל פון אונדזער

אייגענעם קערפּער, ווי אויף דער נאַטור פון אויסערלעכע קערפּערס, ווי כ'האָב עס דורך אַ סך ביישפּילן דערקלערט אינעם צוגאָב צום פריערדיקן ערשטן טייל.

ווען דער מענטשלעכער קערפּער ווערט אַפעקטירט אויף אַן אופן וועלכער שליסט אין זיך איין אַ וואָסערן עס איז אויסערלעכן קערפּער, וועט דער מענטשלעכער גייסט יענעם אויסערלעכן קערפּער באַטראַכטן ווי אַן אַקטועל־עקזיסטירנדיקן, אָדער ווי ער וואָלט איצט געווען פאַר אים, אַזוי לאַנג ביז וואַנעט דער מענטשלעכער קערפּער וועט אַפעקטירט ווערן אויף אַזאַ אופן, וואָס שליסט אויס די עקזיסטענץ, אָדער דאָס איצטיקע זיין, פון יענעם אויסערלעכן קערפּער.

## וועגן זכרון

דער גייסט קאָן זען אויסערלעכע קערפּערס דורך וועלכע דער מענטשלעכער קערפּער איז אַמאָל אַפעקטירט געוואָרן, אַזוי ווי זיי וואָלטן געווען פאַר אים, אַפילו ווען זיי עקזיסטירן שוין מער נישט און זענען איצט נישטאָ מער.

אויב דער מענטשלעכער קערפּער איז אַמאָל אַפעקטירט געוואָרן גלייכצייטיק דורך צוויי אָדער מערער קערפּערס, איז ווען נאָר דער גייסט וועט שפּעטער זיך דערמאָנען אין איינעם פון זיי, וועט ער זיך גלייך אויך דערמאָנען אין די אַנדערע.

דערפון פאַרשטייען מיר גאַנץ קלאָר וואָס ס'איז אַזוינס דער זכרון. ער איז אייגנטלעך נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר אַ געוויסע פאַרקייטלונג פון אידעיען, וואָס שליסן אין זיך איין די נאַטור פון זאַכן וואָס זענען דרויסן פון מענטשלעכן קערפּער. אָט די פאַרקייטלונג קומט פאָר אינעם גייסט לויט דער אָרדענונג און פאַרקייטלונג פון די מאָדיפיקאַציעס אינעם מענטשלעכן קערפּער. זאָג איך דעריבער, ערשטנס, אַז ער [דער זכרון] איז אַ פאַרקייטלונג פון יענע אידעיען בלויז, וואָס שליסן אין זיך איין די נאַטור פון זאַכן וועלכע זענען אויסער דעם מענטשלעכן קערפּער, אָבער

נישט פון די אידעיען וואָס דערקלערן די נאַטור פון אָט די זאַכן; וואָרום אין דער אמתן זענען זיי אידעיען בלויז פון די מאָדיפיקאַציעס אינעם מענטשלעכן קערפּער, וואָס שליסן אין זיך איין סיי זיין אייגענע נאַטור ווי אויך די נאַטור פון אויסערלעכע קערפּערס. צווייטנס, זאָג איך, אַז אָט די פאַרקייטלונג קומט פאָר לויט דער אָרדענונג און פאַרקייטלונג פון די מאָדיפיקאַציעס אינעם מענטשלעכן קערפּער, כדי זי [אָט די פאַרקייטלונג] אָפּצושיידן פון דער פאַרקייטלונג פון אידעיען וואָס קומט פאָר לויט זייער אָרדענונג אינעם אינטעלעקט, דורך וועלכן דער גייסט נעמט אויף זאַכן לויט זייערע ערשטע סיבות, און וואָס איז ביי אַלע מענטשן גלייך.

ווייטער פאַרשטייען מיר דערפון קלאָר, פאַרוואָס דאָס איז אַזוי, אַז בשעת דער גייסט טראַכט וועגן איין זאַך, פאַלט אים גלייך איין אין געדאַנק אַן אַנדער זאַך וואָס האָט קיין שום ענלעכקייט נישט צו דער פריערדיקער זאַך. למשל, ביים געדאַנק וועגן דעם וואָרט עפּל, פאַלט דעם מענטש גלייך איין דער געדאַנק וועגן פּרוכט, וועלכס האָט קיין שום ענלעכקייט נישט צו יענעם אַרטיקולירטן קלאַנג [פונעם וואָרט עפּל], און האָט אויך מיט אים קיין שום געמיינשאַפטלעכס נישט, סיידן נאָר דאָס וואָס דער קערפּער פון אָט דעם מענטש איז אָפט אַפעקטירט געוואָרן דורך ביידע מיט אַמאָל; דאָס הייסט, אַז אָט דער מענטש האָט אָפט געהערט דאָס וואָרט עפּל בעת ער האָט געזען פּרוכט. און אָט אַזוי וועט אויך יעדן איינעם ביים געדאַנק וועגן איין זאַך גלייך איינפאַלן אַן אַנדער זאַך, לויט דעם נאָך ווי די געוואוינהייט האָט ביי יעדן איינעם איינגעאָרדנט אין זיין קערפּער די פאָרשטעלונגס־בילדער וועגן זאַכן. דער זעלנער, למשל, ווען ער זעט אין זאַמד פוס־טריט פון אַ פערד, וועט אים ביים געדאַנק וועגן פערד גלייך איינפאַלן דער געדאַנק וועגן דעם רייטער, און אינאיינעם דערמיט דער געדאַנק וועגן מלחמה, און אַז. וו., דעם ערד־אַרבעטער אָבער וועט ביים געדאַנק וועגן פערד איינפאַלן דער געדאַנק וועגן אַקער־אייזן, פעלד, און דאָס גלייכן, און אָט אַזוי וועט יעדן איינעם ביי איין געדאַנק אויפקומען דער אָדער יענער געדאַנק, לויט דעם נאָך ווי ער איז געוואוינט צו באַהעפטן און פאַר־קניפּן די פאָרשטעלונגס־בילדער וועגן זאַכן אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדער אופן.

## דעם מענטשנס קענטעניש וועגן זיך און וועגן זאַכן דרויסן פון זיך

דער מענטשלעכער גייסט האָט נישט קיין שום אַנדער קענטעניש וועגן דעם מענטשלעכן קערפּער און ווייסט אויך נישט וועגן זיין עקזיסטענץ, סיידן נאָר דורך די אידעיען וועגן די מאָדיפיקאַציעס, דורך וועלכע דער קערפּער ווערט אַפעקטירט.

וועגן דעם מענטשלעכן גייסט איז אין גאָט פאַראַן אַן אידעיע אָדער אַ דערקענטעניש, וואָס דרינגט אין גאָט אויפן זעלבן אופן און באַציט זיך אויף גאָט אויפן זעלבן אופן, ווי די אידעיע אָדער די דערקענטעניש וועגן מענטשלעכן קערפּער.

אָט די אידעיע וועגן גייסט איז פאַראייניקט מיטן גייסט אויפן זעלבן אופן, ווי דער גייסט אַליין איז פאַראייניקט מיטן קערפּער.

דער מענטשלעכער גייסט נעמט אויף נישט נאָר די מאָדיפיקאַציעס פונעם קערפּער, נאָר אויך די אידעיען וועגן אָט די מאָדיפיקאַציעס.

דער גייסט האָט נישט קיין שום אַנדער קענטעניש וועגן זיך אַליין, סיידן נאָר אויף וויפיל ער נעמט אויף די אידעיען וועגן די מאָדיפיקאַציעס פונעם קערפּער.

דער מענטשלעכער גייסט שליסט אין זיך נישט איין קיין אַדעקוואַטע קענטעניש פון די טיילן וואָס שטעלן צונויף דעם מענטשלעכן קערפּער.

די אידעיע וועגן יעטווידער מאָדיפיקאַציע אינעם מענטשלעכן קערפּער, שליסט אין זיך נישט איין קיין אַדעקוואַטע קענטעניש וועגן אַן אויסערלעכן קערפּער.

דער מענטשלעכער גייסט נעמט נישט אויף קיין שום אויסערלעכן קערפּער ווי אַן אַקטועל־עקזיסטירנדיקן, סיידן נאָר דורך די אידעיען וועגן די מאָדיפיקאַציעס אין זיין אייגענעם קערפּער.

די אידעיע וועגן אַ וואָסער עס איז מאָדיפיקאַציע אינעם מענטשלעכן קערפּער, שליסט אין זיך נישט איין די אַדעקוואַטע קענטעניש פונעם מענטשלעכן קערפּער גופא.

אויף וויפיל די אידעיען וועגן די מאָדיפיקאַציעס אינעם מענטש־לעכן קערפּער באַציען זיך אויפן מענטשלעכן גייסט בלויז, זענען זיי נישט קיין קלאָרע און דייטלעכע נאָר צעמישטע.

די אידעיע וועגן דער אידעיע פון אַ וואָסער עס איז מאָדיפיקאַציע אינעם מענטשלעכן קערפּער, שליסט אין זיך נישט איין קיין אַדעקוואַטע דערקענטעניש פונעם מענטשלעכן גייסט.

דערפון איז געדרונגען, אַז ווען נאָר דער מענטשלעכער גייסט נעמט־אויף זאַכן לויט דער אַלגעמיינער אָרדענונג אין דער נאַטור, האָט ער נישט קיין אַדעקוואַטע דערקענטעניש, נישט וועגן זיך אַליין, אויך נישט וועגן זיין קערפּער, און נישט וועגן אויסערלעכע קערפּערס, נאָר אַ צע־מישטע און צעבערעקלטע דערקענטעניש.

איך זאָג אויסדריקלעך, אַז דער גייסט האָט נישט וועגן זיך אַליין, אויך נישט וועגן זיין קערפּער, און נישט וועגן אויסערלעכע קערפּערס קיין אַדעקוואַטע דערקענטעניש, נאָר אַ צעמישטע, ווען נאָר ער נעמט אויף זאַכן לויט דער אַלגעמיינער אָרדענונג אין דער נאַטור, דאָס הייסט, דעמאָלט ווען ער ווערט דעטערמינירט דורך עפּעס, וואָס איז אויסער אים, דאָס מיינט, דורך צופעליקע אומשטענדן, צו באַטראַכטן אָט דאָס אָדער עפּעס אַנדערש, און נישט ווי בעת דער גייסט ווערט דעטערמינירט פון אינע־וויניק, דאָס הייסט, דורך דער באַטראַכטונג פון אַ סך זאַכן גלייכצייטיק, אויף צו פאַרשטיין די צונויפשטימונגען, דיפערענצן און קעגנערישקייטן וואָס זיי האָבן צווישן זיך. וואָרום איטלעכס מאָל ווען דער גייסט ווערט דיספּאָנירט פון אינעווייניק אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדער אופן, באַטראַכט ער דעמאָלט זאַכן קלאָר און דייטלעך, ווי איך וועל עס דאָ ווייטער ווייזן.

## וועגן דעם דויער פון זאַכן

וועגן דעם דויער פון אונדזער קערפּער קאָנען מיר נאָר האָבן אַ העכסט אינאַדעקוואַטע דערקענטעניש.

אויך וועגן דעם דויער פון אינדיווידועלע זאַכן וועלכע געפינען זיך אויסער אונדז, קאָנען מיר נאָר האָבן אַ העכסט אינאַדעקוואַטע דערקענטעניש.

דערפון איז געדרונגען, אַז אַלע אינדיווידועלע זאַכן זענען צופעליק און פאַרגענגלעך. וואָרום מיר קאָנען נישט האָבן קיין אַדעקוואַטע דערקענטעניש וועגן זייער דויער, און אָט דאָס איז עס, וואָס דאַרף דורך אונדז פאַרשטאַנען ווערן אונטער צופעליקייט פון זאַכן און די מעגלעכקייט זייערע צו פאַרגייען. וואָרום אַחוץ אָט דעם איז קיין שום אַנדער צופעליקייט נישטאָ.

## וועגן טעותן

אַלע אידעיען, אויף וויפיל זיי באַציען זיך אויף גאָט, זענען אמתע.

נישטאָ אין אידעיען אַזאַ פּאָזיטיווס, איבער וועלכן מ'וואָלט זיי געקאָנט רופן פאַלשע.

יעדע אידעיע וועלכע איז אין אונדז אַבסאָלוט אָדער אַדעקוואַט און פּערפעקט, איז אַן אמתע.

ווען מיר זאָגן, אַז ס'איז אין אונדז פאַראַן אַן אַדעקוואַטע און פּערפעקטע אידעיע, זאָגן מיר נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר דאָס, אַז אַן אַדעקוואַטע און פּערפעקטע אידעיע איז פאַראַן אין גאָט, אויף וויפיל ער שטעלט צונויף די עסענץ פון אונדזער גייסט; און במילא זאָגן מיר שוין, אַז אַזאַ אידעיע איז אַן אמתע.

די פאַלשקייט באַשטייט אינעם אויספּעל פון אַ דערקענטעניש, וואָס אינאַדעקוואַטע אָדער צעבראָכלטע און צעמישטע אידעיען שליסן אין זיך איין.

נישטאָ אין אידעיען אַזאַ פּאָזיטיווס, וואָס זאָל צונויפשטעלן די פאָרם פון פאַלשקייט. פאַלשקייט קאָן אויך נישט באַשטיין אינעם אַבסאָלוטן אויספעל פון אַ דערקענטעניש (וואָרום נאָר וועגן גייסט און נישט וועגן קערפּער ווערט געזאָגט, אַז ער מאַכט טעותן אָדער בלאָנדזשעט), און אויך נישט אין אַבסאָלוטער איגנאָראַנץ, וואָרום איגנאָראַנץ און טעותן זענען צוויי גאַנץ פאַרשידענע זאַכן. פאַלשקייט באַשטייט דעריבער אינעם אויס־פעל פון אַ דערקענטעניש, וואָס די אינאַדעקוואַטע דערקענטעניש פון זאַכן, אָדער אינאַדעקוואַטע און צעמישטע אידעיען שליסן אין זיך נויט־ווענדיק איין.

איך האָב שוין פריער דערקלערט אין וואָס ס׳באַשטייט דער טעות ביים אויספעלן פון אַ דערקענטעניש. כדי אָבער אָט דעם ענין נאָך אויס־פירלעכער צו דערקלערן, וועל איך דאָ געבן אַ משל.

מענטשן מאַכן אַ טעות ווען זיי גלייבן אַז זיי זענען פריי [דאָס הייסט, אַז זיי קאָנען טון עפּעס וואָס מיט זייער פרייען ווילן], אַ מיינונג וואָס באַשטייט דערין, וואָס וועגן זייערע טואונגען זענען זיי זיך באַוואוסט [דאָס הייסט, זיי ווייסן וואָס זיי ווילן טון], אָבער וועגן די סיבות, וואָס האָבן זיי דעטערמינירט צו אָט די טואונגען ווייסן זיי לגמרי גאָרנישט. די אידעיע זייערע וועגן פרייהייט איז דעריבער דאָס, וואָס זיי ווייסן נישט וועגן קיין שום סיבה פאַר זייערע טואונגען; און ווען זיי זאָגן, אַז מענטשלעכע טואונגען, מעשים זענען אָפּהענגיק אינעם ווילן, זענען דאָס ווערטער וועגן וועלכע זיי האָבן קיין שום אידעיע נישט. וואָרום וועגן דעם וואָס ס׳איז אַזוינס ווילן, און ווי אַזוי ער באַוועגט דעם קערפּער, ווייסן זיי קיינס גאָרנישט. יענע ווידער וואָס פּלאַפּלען עפּעס אַנדערש און טראַכטן זיך צו עפּעס אַ מין זיץ־פּלאַץ, אָדער וואוינונג, פאַר דער נשמה, קאָנען אַרויסרופן געלעכטער אָדער אָפּשטויסונג.

פונקט אָט אַזוי שטעלן מיר זיך פאָר, ווען מיר קוקן אויף דער זון, אַז זי איז פון אונדז אָפּגערוקט אויף אַרום צוויי הונדערט פוס; אַ טעות וואָס באַשטייט נישט נאָר אין אָט דער פאָרשטעלונג בלויז, נאָר אויך אין דעם וואָס מיר ווייסן נישט, בעת מיר שטעלן זיך אָט אַזוי פאָר די זון, איר אמתע דיסטאַנץ און די סיבה פאַר אָט דער פאָרשטעלונג אונדזערער. און

ווען אַפילו מיר דערוויסן זיך שפּעטער, אַז די זון איז פון אונדז אָפּגערוקט אויף מערער ווי זעקס הונדערט דיאַמעטערס, שטעלן מיר זיך זי נאָך אַלץ פאָר אַז זי איז צו אונדז נאָענט; וואָרום מיר שטעלן זיך די זון פאָר אַזוי נאָענט צו אונדז נישט אַזוי פיל דערפאַר וואָס מיר ווייסן נישט וועגן איר אמתער דיסטאַנץ, נאָר דערפאַר וואָס די מאָדיפיקאַציע פון אונדזער קערפּער שליסט אין זיך איין די עסענץ פון דער זון אויף אַזוי פיל נאָר אויף וויפיל אונדזער קערפּער אַליין ווערט דורך איר אַפעקטירט.

אינאַדעקוואַטע און צעמישטע אידעיען דרינגען אַרויס מיט דער זעלבער נויטווענדיקייט, ווי אַדעקוואַטע אָדער קלאָרע און דייטלעכע אידעיען.

אַלע אידעיען זענען אין גאָט, און אויף וויפיל זיי באַציען זיך אויף גאָט, זענען זיי אמתע און אַדעקוואַטע; ס׳זענען דעריבער נישטאָ קיין צעמישטע אָדער אינאַדעקוואַטע אידעיען, סיידן נאָר ווען זיי באַציען זיך אויף אַן אינדיווידועלן גייסט פון אַ וואָסערן עס איז מענטש; דעריבער דרינגען אַרויס אַלע אידעיען, סיי אַדעקוואַטע ווי אויך אינאַדעקוואַטע, מיט דער זעלבער נויטווענדיקייט.

דאָס וואָס איז געמיינשאַפטלעך פאַר אַלע זאַכן, און איז אין אַ גלייכער מאָס פאַראַן אינעם טייל ווי אינעם גאַנצן, שטעלט נישט צונויף די עסענץ פון קיין שום אינדיווידועלער זאַך.

דאָס וואָס איז געמיינשאַפטלעך פאַר אַלע זאַכן, און איז אין אַ גלייכער מאָס פאַראַן אינעם טייל ווי אינעם גאַנצן, קאָן נישט אַנדערש ווי נאָר אַדעקוואַט באַנומען ווערן.

איז דערפון געדרונגען, אַז ס׳זענען פאַראַן געוויסע אידעיען, אָדער באַגריפן, וואָס זענען געמיינשאַפטלעך פאַר אַלע מענטשן. וואָרום אַלע קערפּערס שטימען צווישן זיך צונויף אין טייל זאַכן, וועלכע מוזן דורך אַלעמען אַדעקוואַט אָדער קלאָר און דייטלעך באַנומען ווערן.

דאָס וואָס איז געמיינשאַפטלעך און אייגן דעם מענטשלעכן קערפּער, ווי אויך אַ טייל אויסערלעכע קערפּערס, דורך וועלכן דער מענטש־

לעכער קערפער ווערט געוויינטלעך אַפעקטירט, און וועלכס איז געמיינ־שאַפטלעך און אין אַ גלייכער מאָס פאַראַן אין יעדן איינעם פון אַט די אויסערלעכע קערפערס ווי אינעם גאַנצן, איז דערפון אויך אינעם גייסט פאַראַן אַן אַדעקוואַטע אידעיע.

איז דערפון געדרונגען, אַז אַלץ מערער איז דער גייסט פעאיק אויפצונעמען אַ סך זאַכן אַדעקוואַט, וואָס מערער דער קערפער האָט געמיינשאַפטלעכס מיט אַנדערע קערפערס.

אַלע די אידעיען אינעם גייסט, וואָס דרינגען אַרויס אויס אידעיען וועלכע זענען אין אים אַדעקוואַט, זענען אויך זיי אַליין אַדעקוואַט.

דאָס איז קלאָר. וואָרום בעת מיר זאָגן, אַז אַן אידעיע אינעם מענטש־לעכן גייסט דרינגט אַרויס אויס אידעיען וועלכע זענען אין אים אַדע־קוואַט, זאָגן מיר נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר דאָס, אַז אינעם געטלעכן אינטעלעקט איז פאַראַן אַן אידעיע, וואָס גאָט איז איר סיבה, נישט אויף וויפיל ער איז אומענדלעך און אויך נישט אויף וויפיל ער איז אַפעקטירט דורך די אידעיען פון זייער אַ סך אינדיווידועלע זאַכן, נאָר בלויז אויף וויפיל ער שטעלט צונויף די עסענץ פונעם מענטשלעכן גייסט.

* * *

איך וועל דאָ איצט אָנגעבן בקיצור די סיבות וואָס האָבן געפירט צו די אַזוי גערופענע טראַנסצענדענטאַלע אויסדרוקן, ווי וועזן, זאַך, עפּעס. אַט די אויסדרוקן זענען אויפגעקומען דורך דעם וואָס דער מענטשלעכער קערפער איז, מחמת זיין באַגרענעצטקייט, פעאיק צו פורעמען דייטלעך בלויז אַ באַשטימטע צאָל פאָרשטעלונגס־בילדער גלייכצייטיק. זאָל ער אָבער אַריבערכאַפּן די מאָס, וועלן די פאָרשטעלונגס־בילדער נעמען ווערן צעפּלאָנטערט; און אויב די צאָל פאָרשטעלונגס־בילדער, וואָס דער מענטש־לעכער קערפער איז פעאיק צו פורעמען אין זיך דייטלעך, זאָל נאָך אַ סך גרעסער ווערן, וועלן זיי זיך דעמאָלט אַלע אַריינפּלאָנטערן איינער אינעם אַנדערן.

זייענדיק אַזוי ווי דאָס איז, ווערט דערפון באַשיינפּערלעך קלאָר, אַז

דער מענטשלעכער גייסט קאָן זיך גלייכצייטיק דייטלעך פאָרשטעלן נאָר אָט אַזוי פיל זאַכן, וויפיל פאָרשטעלונגס־בילדער זיין קערפער קאָן פורעמען גלייכצייטיק. ווען די פאָרשטעלונגס־בילדער אינעם קערפער ווערן אין גאַנצן צעפלאָנטערט, שטעלט אויך דער גייסט זיך פאָר אַלע קערפערס צעפלאָנטערט, נישט אָפשיידנדיק זיי איינס פון דאָס אַנדערע, און ער וועט זיי אַלע אַרומנעמען אַזוי ווי איין אַטריבוט, ווי אַ שטייגער, אונטערן אַטריבוט פון וועזן, זאַך, און אַז. וו. דער זעלבער אויספיר לאָזט זיך אויך מאַכן דערפון, וואָס די קראַפט פון פאָרשטעלונגס־בילדער איז נישט אַלע מאָל גלייך, און דורך נאָך אַנדערע אַנאַלאָגישע סיבות, וועלכע ס'איז זיי דאָ נישט נייטיק צו דערקלערן. פאַרן ציל וועלכן מיר האָבן אין אויג וועט פאַר אונדז איצט גענוג זיין נאָר איינע צו באַטראַכטן. וואָרום אַלע קאָנען זיי רעדוצירט ווערן צו אָט דעם, אַז די דאָזיקע אויסדרוקן באַציי־כענען אידעען וואָס זענען אויפן העכסטן גראַד צעפלאָנטערט.

אויס ענלעכע סיבות צו אָט די, זענען אויך אויפגעקומען יענע באַגריפן, וועלכע ווערן אָנגערופן אוניווערסאַלע [אַלגעמיינע] באַגריפן, אַזוינע ווי: מענטש, פערד, הונט, און אַז. וו. זיי זענען אויפגעקומען אייגנט־לעך דערפון, וואָס אינעם מענטשלעכן קערפער פורעמען זיך גלייכצייטיק אַזוי פיל פאָרשטעלונגס־בילדער וועגן מענטשן, אַז די פאָרשטעלונגס־קראַפט ברעכט פשוט צונויף, אויב אפילו נישט אין גאַנצן, דאָך אָבער איבערגענוג, אַז דער גייסט זאָל פאַרלירן דעם חשבון וועגן די קליינע דיפערענצן צווישן אינדיווידואומס (ווי אַ שטייגער, קאָליר, גרייס, און דאָס גלייכן, פון יעדן איינעם פון זיי) און זייער דעפיניטיווע צאָל, און ער זאָל זיך פאָרשטעלן דייטלעך בלויז דאָס, מיט וועלכן אַלע אינדיווידואומס, אויף וויפיל דער קערפער ווערט דורך זיי אַפעקטירט, שטימען זיך צונויף צווישן זיך; וואָרום אָט דערמיט איז דער קערפער צום מייסטן אַפעקטירט געוואָרן דורך יעדן איינעם אינדיווידואום, און דאָס דריקט ער [דער גייסט] אויס דורכן נאָמען מענטש, צושרייבנדיק צום נאָמען מענטש אַן אומענדלעכע צאָל באַזונדערע אינדיווידואומס. וואָרום דער גייסט איז נישט, ווי געזאָגט, ביכולת זיך פאָרצושטעלן די דעפיניטיווע צאָל פון אינדיווידואומס.

דאַרף דאָ אָבער נאָך נאָטירט ווערן, אַז אָט די [אוניווערסאַלע] באַ־

גריפן ווערן נישט ביי אַלע מענטשן געפורעמט אויפן זעלבן שטייגער, נאָר זיי זענען ביי יעדן איינעם פאַרשידן, לויט דער פאַרשידנקייט פון דער זאַך וואָס האָט צום אָפטסטן אַפעקטירט זיין קערפּער, און וועלכע דער גייסט שטעלט זיך זי דעריבער פאָר צום גרינגסטן, אָדער פאַרגעדענקט זי. למשל, יענע וואָס האָבן אָפט מיט באַוואונדערונג באַטראַכט דעם געשטעל פונעם מענטשן, וועלןביים וואָרט מענטש פאַרשטיין אַ בעל־חי פון אַ גלייך־שטייענדיקן געשטעל; און יענע וואָס זענען אינעם מענטשן געוואוינט צו זען אַנדערע אַטריבוטן, וועלן זיך פורעמען אַן אַנדער אוניווערסאַל פאַרשטעלונגס־בילד וועגן דעם מענטשן, ווי אַ שטייגער, אַז דער מענטש איז אַ לאַכנדיקער בעל־חי, אַ צוויי־פיסיקער בעל־חי און אָן פעדערן, אַ בעל־חי באַשענקט מיט שכל, און אַט אַזוי וועט אין אַנדערע פאַלן, איטלעך איינער זיך פורעמען אוניווערסאַלע פאַרשטעלונגס־בילדער וועגן זאַכן לויט דער געוואוינהייט פון זיין קערפּער.

ס'איז דעריבער קיין וואונדער נישט, וואָס אַזוי פיל מחלוקות זענען אויפגעקומען צווישן די פילאָזאָפן, וועלכע האָבן געוואָלט דערקלערן די זאַכן אין דער נאַטור, בלויז דורך די פאַרשטעלונגס־בילדער וואָס זיי האָבן זיך געפורעמט וועגן די זאַכן.

## די דריי מינים פון דערקענטעניש

פון דעם אַלעם וואָס איז דאָ פריער געזאָגט געוואָרן ווערט קלאָר, אַז אין אַ סך פאַלן נעמען מיר אויף און פורעמען אונדזערע אוניווערסאַלע באַגריפן:

ערשטנס, דורך באַזונדערע זאַכן וואָס רעפּרעזענטירן זיך צו אונדזערע חושים צעבראָקלט, צעפלאָנטערט און אָן שום [לאָגישן] סדר. איך רוף דעריבער אַזן געוויינטלעך אַט אַזוינע פערצעפּציעס, דערקענטעניש, אויס אומזיכערער דערפאַרונג.

צווייטנס, דורך סימנים. למשל, דערפון וואָס לייענענדיק אָדער הערנ־דיק געוויסע ווערטער, דערמאָנען מיר זיך גלייך אין זאַכן און פורעמען וועגן זיי געוויסע אידעיען, ענלעכע צו יענע דורך וועלכע מיר שטעלן

זיך די זאַכן פאַר. אַט דיביידע אופנים צו באַטראַכטן זאַכן וועל איך דאָ ווייטער רופן דערקענטעניש פון ערשטן מין, מיינונג אָדער פאָרשטעלונג.

דריטנס, דורך דעם וואָס מיר האָבן באַגריפן וואָס זענען געמיינ־שאַפטלעך פאַר אַלע מענטשן, און אַדעקוואַטע אידעיען וועגן די אייגנ־שאַפטן פון זאַכן; אַט דאָס רוף איך אַן שכלדיקייט, אָדער דערקענטעניש פון צווייטן מין.

אַחוץ אַט די צוויי מינים פון דערקענטעניש איז פאַראַן, ווי איך וועל עס ווייזן דאָ ווייטער, נאָך אַ דריטער מין פון דערקענטעניש, וועלכן איך וועל אָנרופן אינטואיציע. אַט דער מין פון דערקענטעניש קומט אַרויס אויס אַן אַדעקוואַטער אידעיע וועגן דער פאָרמעלער עסענץ פון געוויסע אַטריבוטן פון גאָט, ביז דער אַדעקוואַטער דערקענטעניש פון דער עסענץ פון זאַכן.

דערקענטעניש פון ערשטן מין איז דער איינציקער קוואַל פון פאַלשקייט, דערקענטעניש פון צווייטן און דריטן מין איז נויטווענדיק אַן אמתע.

דערקענטעניש פונעם צווייטן און דריטן מין, און נישט פונעם ערשטן, לערנט אונדז צו אונטערשיידן דאָס אמתע פונעם פאַלשן.

**אמת און זיכערקייט**

דער וואָס האָט אַן אמתע אידעיע, ווייסט ער אויך גלייכצייטיק, אַז ער האָט אַן אמתע אידעיע, און קאָן נישט צווייפלען אין דער אמתדיקייט פון דער זאַך.

דאַרף דאָ אָבער נאָטירט ווערן, אַז די פריערדיקע פּראָפּאָזיציע, אַז „דער וואָס האָט אַן אמתע אידעיע, ווייסט ער אויך גלייכצייטיק, אַז ער האָט אַן אמתע אידעיע, און קאָן נישט צווייפלען אין דער אמתדיקייט פון דער זאַך,״ איז באַשיינפּערלעך קלאָר פון זיך אַליין. וואָרום יעדער איינער וואָס האָט אַן אמתע אידעיע, ווייסט גאַנץ גוט, אַז אַן אמתע אידעיע שליסט אין זיך איין די סאַמע העכסטע זיכערקייט. מחמת צו האָבן אַן אמתע

אידעיע מיינט נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר צו דערקענען עפּעס־וואָס פּערפעקט אָדער צום בעסטן. און זיכער טאָר וועגן דעם קיין שום צווייפל נישט זיין, סיידן ער גלייבט, אַז אַן אידעיע איז נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר אַ שטומע זאַך, ווי אַ געמעל אויף אַ לייוונט, און נישט אַן אופן פון דענקען. און, כ׳בעט אייך, ווי אַזוי קאָן עמעץ וויסן אַז ער פאַרשטייט עפּעס־וואָס, אויב ער וואָלט פון פריער שוין נישט געהאַט פאַרשטאַנען די זאַך? איך מיין, ווי אַזוי קאָן ער וויסן, אַז ער איז וועגן עפּעס־וואָס זיכער, אויב ער וואָלט שוין וועגן דעם נישט געווען זיכער פריער? ווייטער, וואָס קאָן דען זיין עפּעס קלערערס און זיכערערס ווי דאָס, אַז אַן אמתע אידעיע דאַרף דינען ווי אַ סטאַנדאַרד פאַרן אמת? און, כ׳לעבן, פּונקט ווי דאָס ליכט באַלייכט זיך אַליין ווי אויך די פינצטערניש, פּונקט אָט אַזוי איז דער אמת דער סטאַנדאַרד פאַר זיך אַליין ווי פאַרן פאַלשן.

## פאַרשטעלונג און צייט, דערקענטעניש און אייביקייט

ס׳איז אין דער נאַטור פונעם שכל צו באַטראַכטן זאַכן נישט ווי צופעליקע, נאָר ווי נויטווענדיקע.

איז דערפון געדרונגען, אַז ס׳הענגט בלויז אָפּ אין דער פאַרשטעלונגס־קראַפט, דאָס מיר זאָלן זאַכן באַטראַכטן ווי צופעליקע, סיי בנוגע דער פאַרגאַנגענער צייט און סיי בנוגע דער קומענדיקער צייט.

ווי אַזוי אָבער אָט דאָס גייט צו, וועל איך דאָ קורץ דערקלערן. ווי איך האָב דאָ פריער געוויזן, שטעלט דער גייסט זיך תמיד פאָר זאַכן ווי זיי וואָלטן געווען איצט פאַר אים, אַפילו ווען זיי עקזיסטירן שוין מער נישט, אויב ס׳טרעטן נאָר נישט אַריין קיין סיבות וואָס שליסן אויס זייער איצטיקע עקזיסטענץ. ווייטער האָב איך געוויזן, אַז אויב דער מענטשלעכער קערפּער איז אַמאָל גלייכצייטיק אַפעקטירט געוואָרן דורך צוויי אויסערלעכע קערפּערס, וועט דער גייסט, בעת ער שטעלט זיך שפּעטער פאָר איינעם פון זיי, זיך אויך גלייך דערמאָנען איינעם אַנדערן, דאָס הייסט, ער וועט באַטראַכטן ביידע ווי זיי וואָלטן געווען פאַר אים, אויב ס׳טרעטן נאָר נישט אַריין קיין סיבות וואָס שליסן אויס זייער איצטיקע עקזיסטענץ. אַחוץ

דעם איז קיין שום ספק נישט, אַז אויך צייט שטעלן מיר זיך פאָר, דורך דעם וואָס מיר שטעלן זיך פאָר באַוועגלעכע קערפּערס, וואָס טייל פון זיי באַוועגן זיך פּאַמעלעכער ווי אַנדערע, אַ טייל געשווינדער און אַ טייל פּונקט אַזוי געשווינד ווי אַנדערע.

איצט לאָמיר אָננעמען, אַז אַ יינגל האָט נעכטן אין דער פרי צום ערשטן מאָל געזען פּעטערן, מיטאָג־צייט פּאָולן און אין אָוונט סימאָנען, און היינט אין דער פרי האָט ער ווידער געזען פּעטערן. אַזוי ווי איך האָב דאָ פריער געוויזן, אַז ווען דער קערפּער ווערט גלייכצייטיק אַפעקטירט דורך צוויי אָדער מערער קערפּערס, וועט דער גייסט דערנאָך ביים פאָר־שטעלן זיך איינעם זיך אויך דערמאָנען אינעם אַנדערן — מוז דעריבער דאָס יינגל, אַזוי גיך ווי ער דערזעט דאָס ליכט פונעם טאָג, זיך גלייך פאָר־שטעלן, אַז די זון וועט היינט פּונקט אַזוי אַדורכמאַכן דעם זעלבן קורס איבערן הימל ווי ער האָט דאָס געזען פריער מיט אַ טאָג, מיט אַנדערע ווערטער, ער וועט זיך פאָרשטעלן דעם גאַנצן טאָג אָט אַזוי: מיטן פרי־מאָרגן וועט ער זיך פאָרשטעלן פּעטערן, מיט דער מיטאָג־צייט פּאָולן און מיטן אָוונט סימאָנען, דאָס הייסט, ער וועט זיך פאָרשטעלן די עקזיס־טענץ זייערע אין פאַרבינדונג מיט דער קומענדיקער צייט; און פאַרקערט ווידער, ווען ער זעט סימאָנען אין אָוונט פאַרבינדט ער פּאָולן און פּעטערן מיט דער פאַרגאַנגענער צייט, דורך דעם וואָס ער שטעלט זיך זיי פאָר אין פאַרבינדונג מיט דער פאַרגאַנגענהייט. און וואָס אָפטער ער וועט זיי זען אין אָט דעם סדר, אַלץ זיכערער וועט זיין די דאָזיקע פאָרשטעלונג זיינע. זאָל זיך אָבער אַמאָל מאַכן, אַז ער זאָל אין איינעם אַן אָוונט אַנשטאָט סימאָנען זען יאַקאָבן, וועט ער דעם קומענדיקן פרימאָרגן זיך פאָרשטעלן, אין פאַרבינדונג מיטן געדאַנק וועגן אָוונט, אַמאָל סימאָנען און אַמאָל יאַקאָבן, אָבער נישט ביידע ביינאַנד. וואָרום לויט אָט דער הנחה, האָט ער דאָך אין אָוונט תמיד געזען נאָר איינעם פון זיי, נישט אָבער ביידע ביינאַנד. וועט דעריבער זיין פאָרשטעלונגס־קראַפט זיך נעמען וואַקלען אַהין און אַהער, און ער וועט ביים געדאַנק וועגן קומענדיקן אָוונט זיך פאָרשטעלן אַמאָל דעם און אַמאָל דעם אַנדערן, דאָס הייסט, קיין איינעם נישט פון ביידע מיט זיכערקייט, נאָר ער וועט יעדן איינעם פון זיי באַטראַכטן ווי

צופעליק אין דער קומענדיקער צייט. און אַט די וואַקלעניש אין דער פאָר־שטעלונגס־קראַפט וועט די זעלבע זיין אין אַלע פאָרשטעלונגס־בילדער וועגן זאַכן וואָס מיר באַטראַכטן אויף אַט אַזאַ אופן, אין זייער באַציאונג אויף דער פאַרגאַנגענער אָדער איצטיקער צייט. און אַט דעריבער וועלן מיר זיך פאָרשטעלן זאכן ווי צופעליקע, סיי ווען זיי באַציען זיך אויף דער איצטיקער און סיי אויף דער פאַרגאַנגענער אָדער אויף דער קומענדיקער צייט.

ס׳איז אין דער נאַטור פונעם שכל אויפצונעמען זאַכן אונטער אַ געוויסער פאָרם פון אייביקייט.

יעטווידע אידעיע וועגן אַיעדן קערפּער, אָדער וועגן אַן אַקטועל־עקזיסטירנדיקער אינדיווידועלער זאַך, שליסט אין זיך נויטווענדיק איין די אייביקע און אומענדלעכע עסענץ פון גאָט.

אונטער עקזיסטענץ פאַרשטיי איך דאָ נישט קיין דויער, דאָס הייסט, די עקזיסטענץ אויף וויפיל זי ווערט באַנומען אַבסטראַקט און ווי אַ געוויסע פאָרם פון קוואַנטיטעט, נאָר איך רעד דאָ וועגן דער סאַמע נאַטור פון דער עקזיסטענץ, וואָס ווערט צוגעשריבן צו אינדיווידועלע זאַכן, איבער דעם וואָס זיי דרינגען אַרויס אויס דער אייביקער נויטווענדיקייט פון גאָטס נאַטור, אומענדלעך אין צאָל און אויף אומענדלעכע אופנים. ווי געזאָגט, רעד איך וועגן דער סאַמע עקזיסטענץ פון אינדיווידועלע זאַכן, אויף וויפיל זיי זענען אין גאָט. וואָרום כאָטש יעדע איינע אינדיווידועלע זאַך ווערט דורך אַן אַנדער אינדיווידועלער זאַך דעטערמינירט צו עקזיסטירן אויף אַ געוויסן אופן, דרינגט דאָך אָבער אַרויס די קראַפט, דורך וועלכער איטלעך איינע אינדיווידועלע זאַך האַלט אָן איר עקזיסטענץ, אויס דער נויטווענדיקייט פון גאָטס אייביקער נאַטור.

די דערקענטעניש וועגן גאָטס אייביקער און אומענדלעכער עסענץ וואָס יעדע אידעיע שליסט אין זיך איין, איז אַדעקוואַט און פערפעקט.

דער מענטשלעכער גייסט האָט אַן אַדעקוואַטע דערקענטעניש וועגן דער אייביקער און אומענדלעכער עסענץ פון גאָט.

דער מענטשלעכער גייסט האָט אידעיען דורך וועלכע ער נעמט אויף זיך אַליין, זיין קערפּער און אויסערלעכע קערפּערס ווי אַקטועל־עקזיסטירנדיקע; און דעריבער האָט ער אויך אַן אַדעקוואַטע דערקענטעניש וועגן גאָטס אייביקער און אומענדלעכער עסענץ.

דערפון זעען מיר, אַז גאָטס אומענדלעכע עסענץ און זיין אייביקייט זענען אַלעמען באַוואוסט. אַזוי ווי אָבער אַלצדינג איז אין גאָט און ווערט דורך גאָט באַנומען, קאָנען מיר דעריבער אויס אָט דער דערקענטעניש אַרויסדרינגען זייער אַ סך זאַכן וועלכע מיר זאָלן אַדעקוואַט דערקענען, און אויף אָט דעם אופן קאָנען מיר פורעמען יענעם דריטן [אינטואיטיוון] מין פון דערקענטעניש, וועגן וועלכן איך האָב דאָ פריער גערעדט, און וועגן זיין ווערט און נוצן, איבער וועלכן איך וועל נאָך האָבן אַ געלעגנהייט צו רעדן.

דאָס וואָס מענטשן האָבן נישט אַזאַ קלאָרע דערקענטעניש וועגן גאָט ווי זיי האָבן וועגן אַלגעמיינע באַגריפן, קומט דערפון וואָס זיי זענען נישט ביכולת זיך פאָרצושטעלן גאָט ווי זיי שטעלן זיך פאָר קערפּערס, און אויך איבער דעם וואָס זיי פאַרבינדן מיטן נאָמען גאָט פאָרשטעלונגס־בילדער וועגן זאַכן וועלכע זיי זענען געוואוינט צו זען, און אָט דאָס איז פאַר מענטשן זייער שווער צו פאַרמיידן, ווייל זיי ווערן דאָך אָן אויפהער אַפעקטירט דורך אויסערלעכע קערפּערס.

אין דער אמתן, באַשטייען די מיינסטע טעותן אייגנטלעך נאָר דערין, וואָס מיר פּאַסן נישט צו פּאַר זאַכן קיין ריכטיקע נעמען. וואָרום אויב, למשל, אַ מענטש זאָגט, אַז די ליניעס פון אַ צירקל געצויגן פונעם צענטער צו זיין פּעריפעריע זענען נישט גלייך איינע צו דער אַנדערער, פאַרשטייט ער געוויס, אין יענעם מאָמענט ווינציקסטנס, גאָר עפּעס אַנדערש ווי דאָס וואָס מאַטעמאַטיקער פאַרשטייען וועגן דעם. פּונקט אַזוי איז, ווען מענטשן מאַכן אַ טעות אין אַ חשבון, האָבן זיי אַנדערע ציפערן אין קאָפּ און אַנדערע אויפן פּאַפּיר. וואָלט מען אָבער געקאָנט אַריינקוקן אין זייער גייסט, האָבן זיי שוין גאָר קיין טעות נישט געמאַכט; ס'ווייזט זיך אונדז אויס אַז זיי מאַכן אַ טעות, דערפאַר ווייל מיר מיינען, אַז זיי האָבן אין גייסט די זעלבע ציפערן ווי אויפן פּאַפּיר. וואָלט דאָס נישט געווען אַזוי, וואָלטן

מיר דאָך נישט געגלייבט אַז זיי זענען זיך טועה, פונקט ווי איך האָב נישט געגלייבט אַז ס'האָט געמאַכט אַ טעות דער מענטש וועלכן כ'האָב געהערט אַנומלטן אויסשרייען, אַז זיין הויף איז אַרויפגעפלויגן אויף זיין שכנס הון, ווייל איך האָב זייער גוט פאַרשטאַנען וואָס ער האָט געמיינט אייגנטלעך.

זייער אַ סך שטרייטיקייטן זענען דעריבער אויפגעקומען דערפון וואָס מענטשן דערקלערן נישט ריכטיק זייערע געדאַנקען, אָדער ווייל זיי טייטשן שלעכט אויס די געדאַנקען פון אַנדערע. וואָרום ס'איז אַ פאַקט אַז בעת זיי דערווידערן זיך איינס דאָס אַנדערע צום שטאַרקסטן, טראַכטן זיי גאָר אין דער אמתן אַנטוועדער דאָס זעלבע, אָדער זיי טראַכטן בכלל גאָר וועגן גאַנץ אַנדערע זאַכן, אַזוי אַז די טעותן און אַבסורדן וואָס זיי געפינען ביי אַנדערע, זענען גאָר ביי יענע נישטאָ.

## וועגן ווילן און פרייהייט פון ווילן

אינעם גייסט איז נישטאָ קיין אַבסאָלוטער אָדער פרייער ווילן, נאָר דער גייסט ווערט דעטערמינירט צו וועלן דאָס אָדער עפּעס אַנדערש דורך אַ סיבה, וואָס אויך זי איז דעטערמינירט געוואָרן דורך אַן אַנדער סיבה, און אַט אַזוי ביז אָן אַ סוף.

דער גייסט איז [ווי אַן אידעיע פון אַן אַקטועל־עקזיסטירנדיקער אינדיווידועלער זאַך] אַ געוויסער און דעטערמינירטער אופן פון דענקען, און קאָן דעריבער נישט זיין קיין פרייע סיבה פאַר זיינע האַנדלונגען, פאַר זיינע מעשים, אָדער ער קאָן נישט האָבן די אַבסאָלוטע פעאיקייט צו וועלן אָדער נישט צו־וועלן; נאָר כדי צו וועלן דאָס אָדער עפּעס אַנדערש, מוז ער צו אַט דעם דעטערמינירט ווערן דורך אַ סיבה, וואָס אויך זי איז דעטערמינירט געוואָרן דורך אַן אַנדער סיבה, און אַט די סיבה ווידער דורך אַן אַנדער סיבה, און אַט אַזוי ביז אָן אַ סוף. (די סיבה פאַרוואָס מענטשן גלייבן אַז זיי זענען פריי, האָב איך שוין ביים סוף פון פריערדיקן טייל דערקלערט).

אינעם גייסט איז נישט פאַראַן קיין שום קראַפט צו וועלן, אָדער צו

אַפּירמירן און צו נעגירן, סיידן נאָר דאָס וואָס די אידעיע, אויף וויפיל זי איז אַן אידעיע, שליסט אין זיך איין.

דער ווילן און דער אינטעלעקט (פאַרשטאַנד) זענען איינס און דאָס זעלבע.

כדי איצט אויספירלעכער צו דערקלערן דאָס פריער געזאָגטע [אַז דער גייסט האָט נישט קיין שום קראַפט צו ווערלן, סיידן נאָר דאָס וואָס די אידעיע שליסט אין זיך איין], בלייבט מיר נאָך דאָ איבער צוצוגעבן עטלעכע ווערטער. דערצו איז אויך נייטיק צו ענטפערן אויף יענע איינ־ווענדונגען, וואָס קאָנען נאָך געמאַכט ווערן אַנטקעגן דער דאָזיקער לערע מיינער. און צום לעצט, כדי אָפּצושאַפן אַלע נאָכקלערענישן, האַלט איך אַז ס'וועט כדאי זיין די מי דאָ אָנצואווייזן אויף אַ טייל פון די נוצן פון דער דאָזיקער לערע. איך זאָג אַ טייל, מחמת דעם וואָס דער עיקר פון אָט דער לערע ווערט בעסער פאַרשטענדלעך דערפון וואָס איך זאָג אינעם פינפטן טייל.

איך וועל בכן אָנהייבן מיטן ערשטן פונקט, און איך וויל דערביי דער־מאָנען די לייענער זיי זאָלן אַקוראַט אָפּשיידן צווישן אַן אידעיע, אָדער קאָנצעפּציע, אינעם גייסט, און צווישן פאַרשטעלונגס־בילדער פון זאַכן, וועלכע מיר שטעלן זיך פאָר. ווייטער איז אויך נייטיק אָפּצושיידן צווישן אידעיען און צווישן ווערטער מיט וועלכע מיר באַצייכענען זאַכן. וואָרום אַזוי ווי אָט די דריי: פאַרשטעלונגס־בילדער, ווערטער און אידעיען, ווערן דורך אַ סך מענטשן אָנטוועדער אין גאַנצן צונויפגעמישט אָדער נישט פונאַנדערגעשיידט מיט גענוגנדיקער אַקוראַטנעקייט אָדער אָפּגעהיטנקייט, זענען דעריבער מענטשן, בכלל גענומען, געבליבן אומוויסנדיק וועגן דעם ווי אַבסאָלוט נייטיק ס'איז די קענטעניש פון אָט דער לערע וועגן דעם ווילן, סיי צוליב די פילאָזאָפישע צילן ווי אויך פאַר אַ קלוגער איינאָרדענונג פון לעבן.

יענע וואָס גלייבן אַז אידעיען באַשטייען אין פאַרשטעלונגס־בילדער וואָס ווערן געפורעמט אין אונדז דורכן קאָנטאַקט מיט אויסערלעכע קער־

פּערס, מיינען אַז אַזוינע אידעיען וועגן זאַכן, פון וועלכע מיר קאָנען נישט פורעמען אין געדאַנק קיין פאַרשטעלונגס־בילד, וואָס איז צו זיי ענלעך, זענען קיין אידעיען נישט, נאָר עפּעס אויסטראַכטענישן בלויז, וועלכע מיר טראַכטן זיך צו דורכן פרייען באַפעל פון אונדזער ווילן. זיי זעען דעריבער אידעיען ווי זיי וואָלטן געווען שטומע געמעלן אויף אַ טאָוול, און זייענדיק איבערפולט מיט אָט דעם פאַראורטייל, זעען זיי נישט אַז אַן אידעיע, אויף וויפיל זי איז אַן אידעיע, שליסט אין זיך איין אַן אַפירמאַציע אָדער נעגאַציע. יענע ווידער, וואָס מישן צונויף ווערטער מיט דער אידעיע, אָדער מיט דער אַפירמירונג וואָס די אידעיע שליסט אין זיך איין, גלייבן אַז זיי קאָנען ווען עפּעס־וואָס, וועלכס איז פונקט פאַרקערט פון דעם וואָס זיי פילן, אַזוי גיך ווי זיי וועלן אַפירמירן אָדער נעגירן עפּעס־וואָס מיט ווערטער בלויז, להיפוך צו דעם וואָס זיי פילן.

פון אָט דעם פאַראורטייל וועט אָבער גרינג זיין פּטור צו ווערן יעדן איינעם וואָס וועט זיך גוט נעמען אין זינען אַריין די נאַטור פונעם דענקען, וועלכע שליסט אין זיך נישט איין אויפן מינדסטן דעם קאָנצעפּט פון אויסשפּרייטונג; און אָט אַזוי נאָך וועט ער קלאָר פאַרשטיין, אַז אַן אידעיע (זייענדיק אַ מאָדוס פונעם דענקען) באַשטייט נישט אינעם פאַר־שטעלונגס־בילד פון אַ וואָסער עס איז זאַך, און אויך נישט אין קיין ווער־טער. וואָרום די עסענץ פון ווערטער און פאַרשטעלונגס־בילדער באַשטייט בלויז אין קערפּערלעכע באַוועגונגען, וועלכע שליסן אין זיך נישט איין אויפן מינדסטן דעם קאָנצעפּט פון דענקען.

די דאָזיקע עטלעכע ווערטער וועגן אָט דעם ענין וועלן, דאַכט זיך, דערוויַיל גענוג זיין, און איך וועל איצט איבערגיין צו דער באַטראַכטונג פון די פריער דערמאָנטע איינווענדונגען, וועלכע קאָנען אויפגעהויבן ווערן אַנטקעגן מיין לערע.

די ערשטע פון אָט די איינווענדונגען ווערט אַרויסגערוקט דורך יענע וואָס דענקען אַז דער ווילן שפּרייט זיך אויס ווייטער ווי דער אינטע־לעקט (פאַרשטאַנד) און אַז זיי שיידן זיך דעריבער אונטער איינער פונעם אַנדערן. דער גרונט פאַר אָט דעם גלויבן זייערן, אַז דער ווילן שפּרייט זיך אויס ווייטער ווי דער פאַרשטאַנד, ליגט, ווי זיי זאָגן, אין דער דער־

פאַרונג, וועלכע ווייזט אַז בעת מיר נייטיקן זיך נישט אין קיין גרעסערער פעאיקייט צוצושטימען, אָדער צו אַפירמירן און צו נעגירן, ווי די וואָס מיר האָבן איצט, כדי צוצושטימען צו אַן אומענדלעכער צאָל זאַכן וועלכע מיר נעמען איצט נישט אויף [מיט די חושים], נייטיקן מיר זיך יאָ אָבער אין אַ גרעסערער פעאיקייט זיי צו פאַרשטיין. דער ווילן שיידט זיך דעריבער אונטער פונעם פאַרשטאַנד דערמיט, וואָס דער פאַרשטאַנד (אינטעלעקט) איז באַגרענעצט, דער ווילן אָבער איז אומבאַגרענעצט.

צווייטנס, קאָן מען קעגן מיר איינוועגדן, אַז די דערפאַרונג לערנט אונדז, דאַכט זיך, גאַנץ באַזונדערס קלאָר, אַז מיר זענען בכוח צוריקצו־האַלטן אונדזער מיינונג און נישט צו געבן אונדזער צושטימונג, צו זאַכן וואָס מיר נעמען־אויף; אָט דאָס ווערט אויך באַשטעטיקט דורך דעם, וואָס מ׳וועט נישט זאָגן אויף קיינעם, אַז ער מאַכט אַ טעות, אויף וויפיל ער נעמט אויף עפּעס־וואָס, נאָר אויף וויפיל ער שטימט צו אָדער ער שטימט נישט צו. למשל, ווען עמעץ שטעלט זיך פאָר אין דער פאַנטאַזיע אַ פערד מיט פליגל, גיט ער נאָך דערמיט נישט צו, אַז אַ פערד מיט פליגל עק־זיסטירט טאַקע, דאָס הייסט, ער מאַכט נאָך קיין טעות נישט, סיידן נאָר ווען ער גיט צו אַז אַ פערד מיט פליגל איז פאַראַן טאַקע. די דערפאַרונג, דעריבער, לערנט אונדז, דאַכט זיך, קיין זאַך נישט אַזוי קלאָר ווי דאָס, אַז דער ווילן אָדער די פעאיקייט צוצושטימען איז פריי און איז אַנדערש פון דער פעאיקייט צו פאַרשטיין.

דריטנס, קאָן מען קעגן מיר איינוועגדן, אַז איין אַפירמאַציע האַלט אין זיך נישט מער רעאַליטעט ווי אַן אַנדערע; מיט אַנדערע ווערטער, כדי צו אַפירמירן אַז דאָס וואָס איז אמת, איז אמת, נייטיקן מיר זיך נישט, ווי ס׳ווייזט אויס, אין קיין גרעסערן כוח, ווי אויף צו אַפירמירן אַז דאָס וואָס איז פאַלש, איז אמת. אַנדערש איז עס אָבער מיט אידעיען. מיר האָבן דאָך געזען, אַז איין אידעיע האַלט אין זיך מער רעאַליטעט אָדער פּער־פעקטקייט ווי אַן אַנדערע, וואָרום אויף וויפיל איין אָביעקט איז מער וויכטיק ווי דער אַנדערער, איז אָט אַזוי אויך די אידעיע זיינע מער פּער־פעקט ווי די אידעיע פונעם אַנדערן. אויך אָט דאָס זעט אויס, אַנצואווייזן אויפן דיפערענץ צווישן דעם פאַרשטאַנד און דעם ווילן.

פּערטנס, קאָן מען אפשר איינווענדן, אויב דער מענטש האַנדלט נישט דורכן פרייען ווילן, וואָס וועט ער טון ווען ער וועט זיך געפינען אין אַ צושטאַנד פון גלייכגעוויכט, ווי בורידאַנס אייזל? צי וועט ער אומקומען פון הונגער אָדער פון דאָרשט? אויב איך זאָל דאָס צוגעבן [אַז ער וועט טאַקע אומקומען אַנטוועדער פון הונגער אָדער פון דאָרשט], וואָלט דאָך עס געמיינט, אַז איך האָב אין זינען אַן אייזל אָדער אַ סטאַטוע פון אַ מענטש אָבער נישט קיין ווירקלעכן מענטש. זאָל איך דאָס ווידער אָפּלייקענען [דאָס הייסט, אַז ער וועט נישט שטאַרבן פון הונגער אָדער פון דאָרשט], וועט דאָך עס הייסן, אַז דער מענטש אַליין דעטערמינירט זיינע אייגענע טואונ־גען, און האָט במילא אויך די פעאיקייט צו גיין און צו טון וואָס נאָר ער וויל.

מ׳וואָלט אפשר אַחוץ אָט די געקאַנט נאָך אַנדערע איינווענדונגען מאַכן, אָבער אַזוי ווי איך בין דאָ נישט מחויב אַרויסצוברענגען אַלצדינג וואָס נאָר ס׳קאָן עמעצן איינפאַלן, וועל איך מיך דערי‍בער דאָ באַמיען אָפּ־צוענטפערן אויף די פריער־אויסגערעכנטע איינווענדונגען בלויז, און אויך דאָס אַזוי קורץ ווי נאָר מעגלעך.

וואָס איז נוגע דער ערשטער איינווענדונג, איז מיין ענטפער, דאָס איך גיב צו אַז דער ווילן שפרייט זיך אויס ווייטער ווי דער פאַרשטאַנד, אויב אונטער פאַרשטאַנד ווערט געמיינט קלאָרע און דייטלעכע אידעיען; איך לייקן אָבער, אַז דער ווילן שפרייט זיך אויס ווייטער ווי די פערצעפּ־ציעס, אָדער ווי די פעאיקייט צו פורעמען קאָנצעפּציעס. איך זע אויך נישט איין, פאַרוואָס די פעאיקייט צו וועלן זאָל מערער קאָנען אַנגערופן ווערן אומבאַגרענעצט, ווי די פעאיקייט צו פילן. וואָרום פּונקט ווי מיר קאָנען דורך אָט דער פעאיקייט, צו וועלן אַפירמירן אַן אומענדלעכע צאָל זאַכן (אָבער איינע נאָך דער אַנדערער בלויז, וואָרום מיר קאָנען דאָך נישט אַפירמירן אַן אומענדלעכע צאָל זאַכן גלייכצייטיק), פּונקט אָט אַזוי קאָנען מיר פילן אָדער אויפנעמען, דורך אָט דער פעאיקייט צו פילן, אַן אומ־ענדלעכע צאָל קערפּערס (איינעם נאָכן אַנדערן, נאַטירלעך).

זאָגן זיי אָבער, אַז ס׳איז פאַראַן אַן אומענדלעכע צאָל זאַכן וועלכע מיר קאָנען נישט אויפנעמען [מיט די חושים], — ענטפער איך דערויף,

אַז מיר קאָנען צו זיי דורך קיין שום דענקען נישט צוקומען, און במילא שוין אויך נישט דורך קיין שום ווילנס־פעאיקייט. נו, טענהן זיי אָבער ווייטער, ווען גאָט וואָלט אַזוי געוואָלט מאַכן, אַז מיר זאָלן אויך זיי [אָט די אומענדלעכע צאָל זאַכן] אויפנעמען, וואָלט ער דאָך אַוודאי געדאַרפט אונדז געבן אַ גרעסערע פעאיקייט צו אויפנעמען [מיט די חושים], אָבער נישט קיין גרעסערע פעאיקייט צו ווען, ווי די וואָס מיר האָבן שוין. איז דאָס פּונקט ווי מ׳וואָלט זאָגן, אַז ווען גאָט וואָלט אַזוי געוואָלט מאכן, אַז מיר זאָלן דערקענען אַן אומענדלעכע צאָל אַנדערע וועזנס, וואָלט פאַר אים נייטיק געווען צו געבן אונדז אַ גרעסערן פאַרשטאַנד, אָבער נישט אַ מער אוניווערסאַלע (אַלגעמיינע) אידעיע וועגן דעם זיין, ווי די וואָס מיר האָבן איצט, כדי אָט אַזוינע אומענדלעכע וועזנס אויפצונעמען [מיט די חושים]. וואָרום ווי איך האָב געוויזן, איז דער ווילן אַן אוניווערסאַל וועזן, אָדער אַן אידעיע, דורך וועלכער מיר דערקלערן אַלע אינדיווידועלע וועלענישן, מיט אַנדערע ווערטער, דאָס וואָס איז געמיינשאַפטלעך פאַר אַלע וועלענישן. און אַזוי ווי מיינע אָפּאָנענטן האַלטן, אַז אָט די אידעיע וואָס איז געמיינשאַפטלעך אָדער אוניווערסאַל פאַר אַלע וועלענישן איז אַ פעאיקייט פון אונדזער גייסט, איז דעריבער אַ קנאַפּער וואונדער וואָס זיי זאָגן, אַז אָט די פעאיקייט שטייגט ווייט אַריבער די גרענעצן פון פאַרשטאַנד און ציט זיך אויס אין דער אומענדלעכקייט; וואָרום דאָס וואָס איז אוניווערסאַל איז פּונקט אַזוי חל אויף איינעם ווי אויף אַ סך, ווי אויך אויף אַן אומענדלעכער צאָל אינדיווידואומס.

אויף דער צווייטער איינווענדונג ענטפער איך דערמיט, וואָס איך לייקן אָפּ אַז מיר האָבן אַ פרייע מאַכט צוריקצוהאַלטן אונדזער מיינונג. וואָרום בעת מיר זאָגן, אַז ווער עס איז האַלט צוריק זיין מיינונג, זאָגן מיר נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר דאָס, אַז ער זעט איין דאָס ער נעמט נישט אויף די זאַך אַדעקוואַט. צוריקצוהאַלטן אַ מיינונג איז דעריבער אין דער אמתן אַ פּערצעפּציע און נישט קיין פרייער ווילן.

כדי אָט דאָס קלערער צו פאַרשטיין, לאָמיר זיך אויסמאָלן אַ ייִנגל, למשל, וואָס שטעלט זיך פאָר אַ פערד מיט פליגל, און נעמט אַחוץ דעם נישט אויף קיין שום אַנדער זאַך. און אַזוי ווי אָט די פאָרשטעלונג שליסט

אין זיך אין די אידעיע וועגן דער עקזיסטענץ פונעם פערד, וועט ער דאָס פערד נויטווענדיק באַטראַכטן ווי ס'וואָלט איצט געשטאַנען פאַר אים, און ער וועט נישט קאָנען צווייפלען אין דער עקזיסטענץ פונעם פערד, כאָטש ער וועט דעריז נישט זיין זיכער. אָט אַזאַ מין דערפאַרונג האָבן מיר טאָג־טעגלעך אין אונדזערע חלומות, און מיר דאַכט זיך, אַז ס'איז נישטאָ קיין איינער וואָס זאָל גלייבן, אַז בשעת ער חלומט האָט ער די פרייע מאַכט צוריקצוהאַלטן זיין מיינונג וועגן דעם וואָס ער חלומט, און ברענגען דערצו ער זאָל נישט חלומען דאָס וואָס ער זעט אין חלום. דאָך טרעפט עס, אַז אַפילו אין חלומות האַלטן מיר צוריק אונדזער מיינונג, און דאָס איז, ווען ס'חלומט זיך אונדז אַז מיר חלומען.

ווייטער גיב איך צו, אַז קיינער מאַכט קיין טעות נישט אויף וויפיל ער נעמט אויף עפּעס־וואָס [מיט די חושים]. דאָס הייסט, איך גיב צו אַז די פאָרשטעלונגען פונעם גייסט, באַטראַכט אין זיך אַליין, שליסן אין זיך נישט איין קיין שום טעות; איך לייקן אָבער אין דעם, אַז אַ מענטש אַפירמירט גאָרנישט ווען ער נעמט־אויף עפּעס־וואָס; וואָרום איז דען דאָס אויפנעמען אַ פערד מיט פליגל עפּעס אַנדערש ווי דאָס אַפירמירן אַז אַ פערד האָט פליגל?

אויב דער גייסט וואָלט נישט געקאָנט אויפנעמען קיין שום אַנדער זאַך ווי נאָר אַ פערד מיט פליגל, וואָלט ער דאָך אָט דאָס פערד באַטראַכט ווי עס וואָלט איצט געווען פאַר אים, און ער וואָלט אי נישט געהאַט קיין סיבה צו זיין אין ספק וועגן דער עקזיסטענץ פונעם פערד און אי נישט קיין מעגלעכקייט צו האָבן אַן אַנדער מיינונג, סיידן דער גייסט וואָלט פאַר־נומען, אַז די אידעיע וואָס ער האָט וועגן אַ פערד מיט פליגל איז אינאַדע־קוואַט; אין אָט דעם פאַל וועט דער גייסט נויטווענדיק אַנטווערדער פאַרליי־קענען די עקזיסטענץ פון אָט אַזאַ פערד אָדער ער וועט נויטווענדיק זיין וועגן דעם אין ספק.

דערמיט, גלייב איך, האָב איך שוין אויך געענטפערט אויף דער דריטער איינוווענדונג, און דאָס איז, אַז דער ווילן איז עפּעס, וואָס איז אוניווערסאַל, וועלכס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע אידעיען, און וואָס

באַצייכנט נאָר דאָס וואָס איז געמיינשאַפטלעך פאַר אַלע אידעיען, און דאָס איז, די אַפירמירונג, וואָס איר אַדעקוואַטע עסענץ, אויף וויפיל זי ווערט באַנומען אָט אַזוי אַבסטראַקט, מוז דעריבער זיין אין יעדער איינער אידעיע, און נאָר אין אָט דעם זינען בלויז זיין די זעלבע אין אַלע אידעיען, אָבער נישט אויף וויפיל זי ווערט באַטראַכט ווי דאָס, וואָס שטעלט צונויף די עסענץ פון אַן אידעיע; ווארום אָט דערמיט שיידן זיך אונטער אינדיווידועלע אַפירמירונגען איינע פון דער אַנדערער פונקט אַזוי פיל ווי די אידעיען זעלבסט. די אַפירמירונג, למשל, וואָס שליסט אין זיך איין די אידעיע וועגן אַ צירקל, שיידט זיך אונטער פון דער אַפירמירונג וואָס שליסט אין זיך איין די אידעיע וועגן אַ דריי־עק, פונקט אַזוי פיל ווי די אידעיע וועגן אַ צירקל שיידט זיך אונטער פון דער אידעיע וועגן אַ דריי־עק.

ווייטער לייקן איך אַבסאָלוט, אַז מיר נייטיקן זיך אין פונקט אַזאַ גלייכער דענקונגס־קראַפט אויף צו אַפירמירן אַז דאָס וואָס איז אמת, איז אמת, ווי די אויף צו אַפירמירן אַז דאָס וואָס איז פאַלש, איז אמת. האָבן דאָך אָט די צוויי אַפירמירונגען, אויב מ׳האָט נאָר אין זינען דעם גייסט [נישט קיין ווערטער], די זעלבע באַציאונג איינע צו דער אַנדערער ווי דאָס זיין צום נישט־זיין. ווארום אין אידעיען איז נישטאָ גאָר אַזאַ פאָזיטיווס וואָס זאָל צונויפשטעלן די אַקטועלע רעאַליטעט פונעם פאַלשן. ס׳דאַרף דאָ נאָך דעריבער גאַנץ באַזונדערס נאָטירט ווערן ווי גרינג ס׳איז פאַר אונדז צו מאַכן אַ טעות, ווען מיר מישן צונויף אוניווערסאַלע באַגריפן מיט אינדיווידועלע זאַכן, און די וועזנס אינעם שכל און אין אַבסטראַקציעס מיט רעאַלע זאַכן.

צום לעצט, וואָס איז נוגע דער פערטער איינווענדונג, בין איך דאָ דורכאויס גרייט צוצוגעבן, אַז אַ מענטש וואָס געפינט זיך אין אָט אַזאַ מין גלייכגעוויכט ווי באַשריבן פריער (וועלכער שפירט קיין שום אַנדער זאַך נישט ווי נאָר הונגער און דאָרשט, און סיי די שפייז ווי אויך דער טרונק זענען יעדע פון זיי גלייך ווייט אַפּגערוקט פון אים), וועט ער אומקומען פון הונגער און דאָרשט. אויב מ׳וועט מיך אָבער פרעגן, צי זאָל מען אָט אַזאַ מענטש גיכער האַלטן פאַר אַן אייזל איידער פאַר אַ מענטש, מוז איך זאָגן, אַז איך ווייס נישט, פונקט ווי איך ווייס אויך

נישט ווי אַפּצושאַצן איינעם וואָס העגנט זיך אַליין אויף, און ווי אָפּצושאַצן קינדער, נאַראָנים, משוגעים, און דאָס גלייכן.

### וועגן דעם נוצן פון אָט דער לערע

ס׳בלייבט מיר נאָך דאָ איבער אָנצואווייזן ווי ניצלעך ס׳איז פאַרן לעבן די קענטעניש פון דער דאָזיקער לערע. און ס׳וועט זי גרינג זיין צו באַנעמען דורך די אויספירן וואָס ווערן דאָ ווייטער געמאַכט. די לערע איז אַ גוטע.

ערשטנס, לערנט זי אונדז, אַז דאָס וואָס מיר טוען איז עס נאָר דורך גאָטס כוונה, און אַז מיר האָבן אַ חלק אין דער געטלעכער נאַטור, און אַלץ מערער איז אונדזער חלק, וואָס מערער פּערפעקט, שלימותדיק ס׳זענען די מעשים, די טואונגען אונדזערע, און וואָס מערער מיר פאַרשטיין גאָט. וואָרום נישט נאָר גיט אונדז אָט די לערע אַ פולשטענדיק באַרואיקט געמיט, נאָר זי האָט נאָך אויך די מעלה וואָס זי ווייזט אונדז אין וואָס עס באַשטייט אונדזער העכסט גליק, אָדער אונדזער גייסטיק גליק, און דאָס איז, נאָר אין דער דערקענטעניש פון גאָט, דורך וועלכער מיר ווערן געפירט צו טון דאָס נאָר, וואָס ליבע און חסד הייסן אונדז טון. דערפון קאָנען מיר קלאָר פאַרשטיין, ווי ווייט אַוועק פון אַן אמתער אָפּשאַצונג פון טוגנד, פון גוטע מידות, ס׳זענען יענע אַלע וואָס דערוואַרטן פון גאָט די העכסטע באַלוינונג אינעם זכות פון זייער טוגנד, פון זייערע גוטע מעשים, ווי דאָס וואָלט געווען די שווערסטע קנעכטשאַפט וואָס זיי האָבן באַדאַרפט אַריבערטראָגן, גלייך ווי טוגנד, גוטע מידות, און דינען גאָט וואָלטן שוין אין זיך אַליין נישט געווען דאָס גליק און די העכסטע פרייהייט.

צווייטנס, לערנט זי אונדז, ווי אַזוי מיר דאַרפן זיך אויפפירן בנוגע דעם וואָס דער גורל טראָגט אונדז אונטער, אָדער בנוגע דעם איבער וועלכן מיר האָבן קיין שליטה נישט, דאָס הייסט, בנוגע די זאַכן וואָס דרינגען נישט אַרויס אויס אונדזער נאַטור, און דאָס איז: גרייט צו זיין און מיט אַ רואיק געמיט צו איבערטראָגן דעם גורל מיט זיינע ביידעערליי פּנימער, זעענדיק אַז אַלצדינג דרינגט אַרויס אויס גאָטס אייביקער דעקרעטירונג מיט דער זעלבער נויטווענדיקייט, ווי ס׳דרינגט אַרויס אויס דער עסענץ

פון אַ דריי־עק אַז ס'זאָלן זיינע דריי ווינקלען זיין גליך צו די צוויי רעכטע ווינקלען.

דריטנס, הייבט אויף די דאָזיקע לערע אויף אַ העכערער מדרגה דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן, אויף וויפיל זי לערנט אונדז קיינעם נישט צו האַסן און נישט פאַראַכטן, פון קיינעם נישט אָפּשפּעטן, אויף קיינעם נישט טראָגן קיין כעס, און קיינעם נישט מקנא צו זיין. ווייטער זאָגט אונדז די לערע, אַז איטלעך איינער דאַרף צופרידן זיין מיט דעם זייניקן און בייהילפיק זיין איינער דעם אַנדערן, נישט אויס ווייבערישן רחמנות און נישט אויס פּאַרטייאישקייט אָדער אַבערגלויבן, נאָר בלויז דורכן דיקטאַט פונעם שכל, דאָס הייסט, לויט דער פאָדערונג פון צייט און אומשטענדן.

פערטנס, איז אָט די לערע פון נישט וויניק נוצן פאַר דער געזעלשאַפט אין אַ מדינה, דערמיט וואָס זי לערנט אונדז ווי אַזוי די בירגער זאָלן ווערן רעגירט און געפירט, נישט אַזוי צו מאַכן זיי פאַר קנעכט, נאָר אַז זיי זאָלן ווי פרייע מענטשן טון דאָס וואָס ס'איז דאָס בעסטע.

---

## עטיק — טייל 2

### א י נ ה אַ ל ט :

וועגן דעם זכרון
(פּראָפּאָזיציע 18)

דעם מענטשנס קענטעניש וועגן זיך און וועגן זאַכן דרויסן פון זיך
(פּראָפּאָזיציעס 19, 20, 21, 22, 23, 24, 25, 26, 27, 28, 29)

וועגן דעם דויער פון זאַכן
(פּראָפּאָזיציעס 30, 31)

וועגן טעותן
(פּראָפּאָזיציעס 32, 33, 34, 35, 36, 37, 38, 39, 40)

די דריי מינים פון דערקענטעניש
(אָנמערקונג צו פּראָפּאָזיציע 40 און פּראָפּאָזיציעס 41, 42)

אמת און זיכערקייט
(פּראָפּאָזיציע 43)

פאָרשטעלונג און צייט, דערקענטעניש און אייביקייט
(פּראָפּאָזיציעס 44, 45, 46, 47)

וועגן ווילן און פרייהייט פון ווילן
(פּראָפּאָזיציעס 48, 49)

וועגן דעם נוצן פון אָט דער לערע
(אָנמערקונג צו פּראָפּאָזיציע 49)

# ווערטער־פֿאַרטייטשונגען

## און גלאָסאַר פֿון פֿילאָזאָפֿישע טערמינען

די הויפּט־שוועריקייט ביים איבערזעצן אַ פֿילאָזאָפֿיש ווערק אויף יידיש, און נישט נאָר אויף יידיש, איז די פּראָבלעם — טערמינאָלאָגיע. ס׳איז אין יידיש ביז היינט נישטאָ נאָך קיין מער־ווייניקער פֿעסטגעשטעלטע, איינהייטלעכע טערמינאָלאָגיע פֿאַר פֿילאָזאָפֿישע קאָנצעפּציעס. אמת, אַז ווען ס׳קומט צו טערמינאָלאָגיע פֿעלט אויך אָפֿט ביי אַנדערע קולטור־שפּראַכן, מיט אַ לאַנגער פֿילאָזאָפֿישער טראַדיציע, איינהייטלעכקייט און אַבליגאַטאָרישקייט. ביי אונדז אָבער איז גאָר כאָאָס. נישט דאָ אָבער איז דאָס אָרט, נאַטירלעך, זיך ברייטער אָפּצושטעלן אויף אָט דעם וויכטיקן ענין.

נאָך אַ שטרויכלונג ביים איבערזעצן די עט״ק, איז צו געפֿינען דעם עקזאַקטן, פּינקטלעכן אויסדרוק אין יידיש פֿאַר אַלע די מענטשלעכע עמאָציעס, וועלכע שפּינאָזע פֿירט אַרויס אין דער עט״ק. ווען מ׳האָט דערצו נאָך אין זינען, אַז אַפֿילו אין אַזויגע שפּראַכן ווי ענגליש און דייטש, למשל, איז אויך נישטאָ קיין איינהייטלעכקייט ביים אָנגעבן די נעמען פֿאַר די עמאָציעס. ס׳איז זעלטן צו טרעפֿן, אַז צוויי איבערזעצער אין דער זעלבער שפּראַך, זאָלן אָנגעבן איין און דעם זעלבן טערמין פֿאַר איין און דער זעלבער עמאָציע. האָט דער איבערזעצער דאָ געמוזט זיך דעריבער אַרויסהעלפֿן דערמיט וואָס ער האָט פֿאַרן ציל פֿון קלאָרקייט וועגן, פֿאַר טייל טערמינען און עמאָציעס, אָפֿט אָנגעגעבן צוויי נעמען. ווי גייט דאָס ווערטל: אין צווייען איז שטאַרקער.

איצט, אַ ביסל פֿאַרטייטשונגען און אויפֿקלערונגען פֿון אַ געקליבענער צאָל אַזוי־גערופֿענע „פֿרעמד־ווערטער״, בעסער געזאָגט אינטערנאַציאָנאַלע ווערטער, און פֿילאָזאָפֿישע טערמינען, כדי אַרויסצוהעלפֿן דעם לייענער זיך בעסער צו אָריענטירן אין אָט דעם ווערק.

(זאָל דאָ אַגב פאַרשטאַנען ווערן, אַז די אויפקלערונגען און פאַרטייטשונגען דאָ פון פילאָזאָפישע טערמינען און אינטערנאַציאָנאַליזמען האָבן דעם איינציקן צוועק צו העלפן דעם לייענער בעסער צו פאַרשטיין די עטיק, און דאַרפן נישט גענומען ווערן ווי פּרעציזע, אויסשעפּנדיקע דעפיניציעס).

קודם כל אָנהייבן מיט צוויי פונדאַמענטאַלע טערמינען אין דער פילאָזאָפיע — פּערצעפּציע און קאָנצעפּציע — אָן וועלכע מ׳קאָן זיך קיין ריר נישט טון.

דאָס יידישע וואָרט דאָ, אין דער איבערזעצונג, פאַרן טערמין פּערצעפּציע איז אויפנעם, דאָס הייסט, אויפנעמען מיט די חושים, די דירעקטע אָפּשפּיגלונג פון דער רעאַליטעט דורך די פיזישע חושים פונעם מענטש. דאָס יידישע וואָרט ווידער פאַרן טערמין קאָנצעפּציע איז דאָ באַנעם, דאָס הייסט, באַנעמען מיטן מוח, מיטן געדאַנק. למשל, ווען אַ מענטש זעט אַ זאַך, ווערט אָט די זאַך אויפגענומען דורך די אויגן, דאָס הייסט, דורך די חושים; ווען אָבער די זעלבע זאַך פּרעזענטירט זיך צו אונדז אין געדאַנק, דורך דער פאַרשטעלונגס־קראַפט, מיט די אויגן אָבער זעען מיר זי נישט, אָדער ווען מיר דערמאָנען זיך אין אָט דער זאַך, מיינט עס באַנעמען מיטן געדאַנק. אַזוי ווי אָבער די אַלגעמיין־אָנגענומענע אינטערנאַציאָנאַלע טערמינען „פּערצעפּציע״ און „קאָנצעפּציע״ האָבן זיך שוין לאַנג אויך איינגעבירגערט אין יידיש, און זענען נישט פרעמד דעם היינטיקן יידיש־לייענער, ווערן דעריבער אויך די אויסדרוקן „פּערצעפּציע״ און „קאָנצעפּציע״ דאָ אָפט גענוצט ביינאַנד מיט זייער יידישן עקוויוואַלענט „אויפנעם״ און „באַנעם״.

דאָס אייגענע אויך מיט אינטעלעקט, וואָס ווערט דאָ גענוצט ביינאַנד מיט זיין יידישן עקוויוואַלענט פאַרשטאַנד.

אַדעקוואַט און אינאַדעקוואַט. דאָ אין דער עטיק ווערן דורך שפּינאָזען אָט די צוויי טערמינען געגעבן אין אָט דעם זינען: ראַציאָנעל, שכלדיק דענקען מיינט צו דענקען קלאָר, דאָס הייסט, צו האָבן „אַדעקוואַטע״, אין גאַנצן ריכטיקע אידעיען. און פאַרקערט ווידער איז עמאָציאָנעל דענקען, אָדער דאָס פאַרלאָזן זיך אויף דער פאַרשטעלונג, אויף דער פאַנטאַזיע — צעמישט, מבולבלדיק דענקען, דאָס הייסט צו האָבן „אינאַדעקוואַטע״, נישט אין גאַנצן ריכטיקע, אידעיען.

אוניווערס — מיינט די וועלט, די נאַטור אין גאַנצן און גרויסן

גענומען. נישט נאָר דער פּלאַנעט אויף וועלכן מיר לעבן, נאָר די גאַנצע מאַסע פון אַלע שטערן, זונען, פּלאַנעטן, סאַטעליטן און אַלץ מיט אַנאַנדער אין דער נאַטור, באַטראַכט ווי איין גאַנצער סיסטעם, שטעלט צונויף דעם אוניווערס.

אַטריבוט — מיינט אַן אייגנשאַפט, אַ קוואַליטעט אָדער כאַראַקטעריסטיק, וואָס קאָן צוגעשריבן ווערן צו אַ וואָסער עס איז זאַך אָדער מענטש. ווען שפּינאָזע ווייזט אויף אין דער עטיק, אַז די נאַטור באַשטייט פון איין סובסטאַנץ, ווייזט ער דערביי אויך אָן, אַז דעם מענטש זענען באַקאַנט בלויז צוויי „אַטריבוטן" (אייגנשאַפטן) אירע — דער אַטריבוט פון דענקען (גייסט) און דער אַטריבוט פון אויסשפּרייטונג (מאַטעריע).

אינטואיציע. — להיפּוך צו דעם וואָס אין דער אידעאַליסטישער פילאָזאָפיע ווערט אינטואיציע אָפט פאַרשטאַנען ווי עפּעס אַ מין מיסטישע פעאיקייט, דורך וועלכער אַ מענטש איז ביכולת צו וויסן דעם אמת, נישט דאַרפנדיק אָנקומען צום שכל אָדער צו לאָגיק, פאַרמאָגט אינטעלעקטועלע אינטואיציע אין שפּינאָזעס נאַטוראַליסטיש־אָריענטירטן סיסטעם אַ ראַציאָנעלן, שכלדיקן כאַראַקטער, און באַדייט גיכער אַ העכער־גייסטיקן, איידער אַ מטושטשדיק־עמאָציאָנעלן באַנעם פון דער נאַטור. אַזאַ אינטואיציע שטעלט מיט זיך באמת פאָר דעם רעזולטאַט פון ביסלעכווייז אָנגעזאַמלטע פאַקטן און דערפאַרונגען, וואָס דורך די חושים האָט מען זיי נישט אויפגענומען, נאָר וועלכע דערגרייכנדיק אַ באַשטימטן פּונקט, גיבן זיי אַ מעגלעכקייט זיך גלייך צו אָריענטירן און אַרומכאַפּן די לייזונג פון אַ פראַגע, אָדער צו באַנעמען אַ פּרינציפּ.

אַפירמירן און נעגירן. — „אַפירמירן" מיינט צו באַשטעטיקן עפּעס־וואָס, צו האַלטן אַז דאָס איז זיכער, אמתדיק, צו האָבן וועגן דעם אַ פּאָזיטיווע מיינונג. פּונקט פאַרקערט ווידער, מיינט „נעגירן" — צו פאַרלייקענען, אָפּצוּוואַרפן, צו האָבן וועגן עפּעס־וואָס אַ נעגאַטיווע מיינונג.

אַפעקטירט ווערן, מיינט צו ווערן אויפגערירט. למשל, אַ מענטש קאָן ווערן „אַפעקטירט", אויפגערירט דורך אַ פאַרדראָס און ענלעכע עמאָציעס. ער קאָן אָבער אויך ווערן „אַפעקטירט", אויפגערירט דורך אַן אַנדער מין

עמאָציעס, ווי למשל, ליבע, פרייד און דאָס גלייכן.

דעטערמיניזם. — אין שפּינאָזעס פילאָזאָפישן סיסטעם, איז „דעטערמיניזם" די לערע, אַז אַלצדינג וואָס געשעט איז אַ פּראָדוקט פון „קאַוזאַליטעט". (דער פּאַרצייטיקער גריכישער פילאָזאָף־מאַטעריאַליסט לעאוקיפּ, האָט געגעבן אָט די ערשטע פאָרמולירונג פונעם פּרינציפּ פון קאַוזאַליטעט: „קיין שום זאַך געשעט נישט אָן אַ גרונט פאַר דעם, נאָר אַלצדינג קומט פאַר דורך אַ סיבה און אויס נויטווענדיקייט").

דעטערמינירט ווערן, מיינט באַשטימט ווערן צו טון עפּעס־וואָס. למשל, ווען אַ מענטש טוט עפּעס־וואָס, האָט פאַר דעם געמוזט זיין אַ סיבה, אָדער סיבות, וואָס האָבן אים דעטערמינירט, באַשטימט צו טון פונקט אָט דאָס און נישט עפּעס אַנדערש.

דעפיניטיוו און אינדעפיניטיוו. — „דעפיניטיוו" מיינט באַשטימט, ענדגילטיק, אַנטשידן. פונקט פאַרקערט מיינט „אינדעפיניטיוו", נישט ענדגילטיק, נישט אַנטשידן.

דעפיניציע — מיינט קורץ צו דערקלערן, צו באַשרייבן, צו דעפינירן דעם פּינקטלעכן באַטײַט

פון אַ וואָרט, אויסדרוק, טערמין אָדער אידעיע.

טוגנד — מיינט גוטע מידות.

מאָדוס איז אַן אופן. למשל, די סובסטאַנץ איז אונדז, לויט שפּינאָזען, באַקאַנט דורך צוויי אַטריבוטן (אייגנשאַפטן) — דענקען (גייסט) און אויסשפּרייטונג (מאַטעריע), און יעדער איינער פון אָט די צוויי אַטריבוטן אַנטפּלעקט זיך צו אונדז דורך צוויי „מאָדוסן" (אופנים). די צוויי הויפּט־מאָדוסן פונעם אַטריבוט דענקען זענען דער אינטעלעקט (פאַרשטאַנד) און דער ווילן; די צוויי הויפּט־מאָדוסן פונעם אַטריבוט אויסשפּרייטונג זענען באַוועגונג און רו.

מאָדיפיקאַציע — מיינט דאָס אַרייַנברענגען אַן ענדערונג, אַן איבערבייט. אַ מאָדיפיצירונג אין אַ צושטאַנד, אין אַן אידעיע, אָדער אין דער פאָרם פון אַ זאַך.

מאַטעריע. — די קלאַסישע דעפיניציע וועגן דעם וואָס ס'מיינט „מאַטעריע" איז געווען: „אַלץ דאָס וואָס פאַרנעמט פּלאַץ." בעסער וועט זיין צו זאָגן: „דער שטאָף אויס וועלכן אונדזער וועלט איז צונויפגעזעצט." מיר דאַרפן אָבער מאַטעריע נישט באַטראַכטן ווי סטאַטיש, אומבאַוועגלעכן

שטאָף, נאָר ווי אַן אייביק זיך באַוועגנדיקע סובסטאַנץ. „דער גרויסער פונדאַמענטאַלער געדאַנק", זאָגט ענגעלס, „איז, אַז די וועלט דאַרף נישט באַנומען ווערן ווי אַ קאָמפּלעקס פון פאַרטיק־געמאַכטע זאַכן, נאָר ווי אַ קאָמפּלעקס פון פּראָצעסן, אין וועלכער די מכלומרשט סטאַבילע זאַכן, נישט ווייניקער ווי די פאָרשטעלונגען זייערע אין אונדזערע קעפּ, ד. ה., די קאָנצעפּציעס, גייען אַדורך אַן אומאויפהערלעכע פאַרענדערונג פון ווערן און פאַרגייען..."

נאַטוראַליזם. — שפּינאָזעס נאַטוראַליסטישער וועלט־באַנעם, ווי פון די אַנדערע נאַטוראַליסטישע פילאָזאָפן אין זעכצנטן און זיבעצנטן יאָרהונדערט, נעמט אָן די נאַטור, ווי די רעאַליטעט, אין איר גאַנצקייט און פולשטענדיקייט, מיט אַלץ מיט אַן אַנדער אין איר, דעם מענטש איינגערעכנט. אין אָט דעם זינען שטעלט זיך דער נאַטוראַליזם זייערער אַנטקעגן דער איבערנאַטירלעכקייט, ווי קעגן יעדער אַנדער לערע, וואָס האַלט אַז ס'איז פאַראַן אַ וואָסער עס איז ספּיריטועלע רעאַלקייט העכער און איבער דער נאַטור, איבערן אוניווערס.

סובסטאַנץ. — אונטער „סובסטאַנץ" פאַרשטייט שפּינאָזע דעם אייביקן און אומענדלעכן אוניווערס, די גאַנצע נאַטור, וועלכע איז איר אייגענע סיבה, דאָס מיינט, אַז קיינער האָט זי נישט געדאַרפט באַשאַפן, און אַז זי איז זעלבסט־עקזיסטירנדיק.

סכאָלאַסטיק. — מיטן טערמין „סכאָלאַסטיק" ווערט, בכלל גענומען, באַצייכנט די מיטלאַלטערלעכע פילאָזאָפיע. אַ ריכטונג אינעם דענקען, וואָס איז געווען מיינסטנס אין דינסט פונעם קלעריקאַלן דאָגמאַטיזם, און וואָס האָט זיך באַטראַכט ווי די „דינסטמויד פון דער טעאָלאָגיע." די דאָזיקע פילאָזאָפיע האָט איגנאָרירט די וויסנשאַפטלעכע פאָרשונג פון דער אַרומיקער רעאַלקייט, נאָר גיכער זיך באַמיט אַרויסצופירן די פּרינציפּן פונעם אוניווערס און כללים פאַרן מענטשלעכן אויפפיר אויס די אַלגעמיינע דאָגמעס פון דער קירך. איבער אָט דעם ווערט דאָס וואָרט „סכאָלאַסטיק" אָפט אָנגעווענדט צו יעדן מין פּרוכטלאָזער פילאָזאָפיע, אָפּשיידונג פונעם לעבן, פּעדאַנטישקייט, און צו דעם דאָס מאַניפּולירן מיט הנחות און לאָגישע פּראָצעסן אָן שום פאַרבינדונג מיט פאַקטן און מיט דער פּראַקטיק. די פריע בורזשואַזע פילאָזאָפיע איז אין איר

פראָגרעסיוון באַגינען, אויסגע־
וואַקסן אויפֿן יסוד פֿון איר קאַמף
קעגן דער סכאָלאַסטיק.

עסענץ. — מיט „עסענץ" ווערט
געמיינט דער תוך, דער עיקר,
דער תמצית. למשל, די אינערלע־
כע, פֿונדאַמענטאַלע אייגנשאַפֿט
פֿון אַ זאַך איז ריכטיק צו באַ־
צייכענען ווי איר עסענץ.

עמאָציע (אָדער אַפֿעקט) מיינט
אַן אויפֿרירונג אינעם געמיט.
אינעם ברייטסטן זינען ווערט דאָ
אין דער עטיק אָט דער אויסדרוק
אָנגעווענדט צו יעדער דערשיי־
נונג וואָס רעגט אויף דאָס געמיט,
איינגערעכנט די געוויינטלעכע
„ליידנשאַפֿטן", ווי ליבע, צאָרן,
שרעק און דאָס גלייכן, ווי אויך
די געפֿילן פֿון פֿאַרגעניגן אָדער
שמערץ. אַן עמאָציאָנעלער מענטש
איז יענער, וואָס זעט אַלצדינג
מערער דורכן שטאַנדפּונקט פֿון
די געפֿילן, ווי דורכן שכל אָדער
מאָראַל.

ראַציאָנעל — איז פּונקט פֿאַר־
קערט פֿון עמאָציאָנעל און מיינט
שכלדיקייט, אָדער צו זיין באַ־
שענקט מיט פֿאַרשטאַנד, מיט
שכל. אַ מענטש איז אַ ראַציאָנעל,
שכלדיק באַשעפֿעניש. להיפּוך צו
אַן עמאָציאָנעלן מענטש איז אַ ראַ־
ציאָנעלער מענטש אַזאַ, וואָס זעט
אַלצדינג דורכן שטאַנדפּונקט פֿו־
נעם ריינעם שכל און מאָראַל.

ראַציאָנאַליזם אין דער פֿילאָזאָ־
פֿיע, מיינט דאָס צוקומען צום
אמת דורך די מיטלען פֿון „ריי־
נעם" שכל. די חושים קאָנען אַמאָל
אָפּנאַרן, האַלט שפּינאָזע, אויך
אַזאַ וויסן וואָס איז באַגרינדעט
אויף דערפֿאַרונג קאָן מען נישט
געטרויען און איז צופֿעליק, בעת
דער שכל שטעלט צו אמתדיק
וויסן, וואָס איז כאַראַקטעריזירט
דורך לאָגישער נויטווענדיקייט.

# אַנערקענונג

איך וויל דאָ אויסדריקן אַנערקענונג און אַ דאַנק צו אַלע דאָ אויסגע־רעכנטע פריינט און משפחה, פאַר זייער הילף ביים אַרויסברענגען דאָס דאָזיקע ווערק. זייער מאָראַלע דערמוטיקונג און פינאַנציעלע מיטהילף האָט מעגלעך געמאַכט, אַז דאָס בוך זאָל דערזען די ליכטיקע שיין.

**ש. ווינער**

ניו יאָרק, 1962.

ביילע בינשטאָק
(אין אָנדענק פון איר מאַן בן ציון)

ברוך ווילדער
(אין אָנדענק פון זיין פרוי ביילע רחל)

משה און דבורה קריוושער

יואל און שרה אַפּלבוים־ווילדער
(אין אָנדענק פון די עלטערן מרדכי און עטל אַפּלבוים)

פרידע דעיווים
(אין אָנדענק פון איר מאַן הערי)

מאָריס און סיליע בעל

סעמיועל סאָוויטש
(אין אָנדענק פון זיין פרוי לינאָ)

פינחס און מערי ווינער

בנימין ווינער

גישע ווינער

מאַניס און בלומע שטיין
(אין אָנדענק פון די עלטערן הערש לייב און שעווע ווינער)

ד״ר ל. שאַצאָוו

אברהם און בלומע ראָזנבוים

חיים זעמעלמאַן

ישראל פריינד

היימאַן און קלאַרע דוליצקי

ראובן האָך

# אינהאַלט



## עטיק

# אין פאַרלאַג י. ל. פרץ זענען ביז הײַנט דערשינען

## פאָלגנדיקע ביכער:

### אין ייִדיש:

| | |
|---|---|
| י. זרבבל | בלעטער פון אַ לעבן (באַנד 1) — אויספאַרקויפט |
| י. זרבבל | בלעטער פון אַ לעבן (באַנד 2) |
| מענדל מאַן | נאַכט איבער גלושינאַ |
| אברהם סוצקעווער | אין מדבר סיני |
| ישראל טאַבאַקמאַן | מײַנע איבערלעבונגען |
| ש. בערלינסקי | בילדער און דערציילונגען |
| י. פּאַפּיערניקאָוו | היימישע און נאָענטע |
| מענדל מאַן | ביי דער ווייסל |
| ק. צעטניק | דאָס הויז פון די ליאַלקעס |
| יוסף בירשטיין | אויף שמאָלע טראָטואַרן (ראָמאַן פון קיבוץ־לעבן) |
| מלך נוי (ניישטאַט) | דאָס ערשטע און צענטע יאָר מדינת ישראל |
| מאַטעס דייטש | צום נאָענטסטן שטערן — יידיש (לידער) |
| יצחק לעוו | אין גערעאַנגל (געקליבענע שריפטן) |
| מרדכי יפה | צען ישראל־דיכטער |
| יצחק פּאַנער | שלום אַש אין זיין לעצטער היים |
| פרץ גראַנאַטשטיין | מענטשן פון נעכטן |
| יחיאל האָפּער | אַ הויף אויף פּאָקאַרנע (באַנד 1) |
| יחיאל האָפּער | אַ הויף אויף פּאָקאַרנע (באַנד 2) |
| ה. לייוויק | אויף צאַרישער קאַטאָרגע |
| נחמן דרוזדוב | אחד־העם |
| עזרא קאָרמאַן | צייכנס און צירופים |
| רבקה באַסמאַן | טויבן ביים ברונעם (לידער) |
| י. צ. שאַרגעל | פון ווי און גלויבן (לידער) |
| דוד זאַקאַליק | געראַנגל |
| אַ. קאַרפּינאָוויטש | דער וועג קיין סדום |
| א. ריוועס | מיט דער שיף „טשיטשערין" |
| יוסף כרמל | אַ רייזע צו פאַרשטויסענע ברידער |
| מרדכי אורן | דער פּראָגער אַרעסטאַנט דערציילט (באַנד 1) |
| מרדכי אורן | דער פּראָגער אַרעסטאַנט דערציילט (באַנד 2) |
| יחיאל האָפּער | ר' זלמן |
| א. שטיינבאַרג | משלים |
| הערש מענדל | זכרונות פון אַ יידישן רעוואָלוציאָנער |

| | |
|---|---|
| נ. ניר־ראַפּאַלקעס | ערשטע יאָרן |
| י. זינגער | דראַמאַטישע שריפטן |
| דוד פלאַקסער | אידעישע שלימותן און האַלבע אמתן |
| ש. וואַרזאַגער | ברויט (ראָמאַן) |
| בעריש וויינשטיין | אין דוד המלכס גיטער (פּאָעמע) |
| לוי פּאַפּיערניקאָוו | אין דער נייער היים |
| אברהם ליס | היים און דויער (עסייען) |
| ד״ר ח. שאַשקעס | מיט יידן צווישן אינדיאַנער, נעגער און אַראַבער |
| משה וויסמאַן | אַ האַלבער יאָרהונדערט אין אַמעריקע |
| פ. גאַרעליק | פון די מלינער וועלטן |
| י. בראַנשטיין | אינאיינעם און באַזונדער |
| פּ. בערמאַן | אָפענע פענצטער (לידער) |
| א. וואָלף יאַסני | די געשיכטע פון יידן אין לאָדזש אין די יאָרן פון דער דייטשער יידן־אויסראָטונג |
| אריה שמרי | די פונקען פון תיקון (פּאָעמע) |
| א. סוצקעווער | אָאַזיס (לידער) |
| א. מנור | 40 יאָר הסתדרות |
| א. לעוו | ביימער אין ווינט (לידער) |
| ל. אליצקי | מיין האַרץ־רייזע (לידער) |
| יעקב כהן | דער גורל פונעם ייד |
| נ. דרוזדוב | יידן אין מיטלאַלטערלעכן איטאַליע |
| ספר זרבבל | צו זיין 75־טן געבוירנטאָג |
| י. פּאַפּיערניקאָוו | די זון הינטער מיר (לידער) |
| ד״ר צבי כהן | די העלדן אין דער וועלט־געשיכטע (באַנד 1) |
| ד״ר צבי כהן | די העלדן אין דער וועלט־געשיכטע (באַנד 2) |
| מ. יפה | ארץ־ישראל אין דער יידישער ליטעראַטור |
| ד״ר מ. דוואָרזשעצקי | אייראָפּע אָן קינדער |
| ק. צעטניק | דער זייגער וואָס איבערן קאָפּ |
| מלכה לי | אין ליכט פון דורות (לידער) |
| דבורה דיין | אין גליק און אין טרויער |
| יוסף ראָטנבערג | (צו זיין ערשטער יאָרצייט) |
| ש. פּאַליאַקעוויטש | אין אַ פרעמדער הויט |
| ב. עפּשטיין | זאַנגען אויפן ווינט |
| יוסף גאַר | ווידערקלאַנגען |
| ארגון יוצאי בארשטשיוו | ספר בארשטשיוו |
| מרים ריינעס־מלצר | צום קוואַל |
| יעקב כהן | אונטער סאָוויעטישע הימלען |

| | |
|---|---|
| ד״ר חיים שאָשקעס | פון מאָסקווע ביז עבר הירדן |
| ב. שלעווין | חברים פון מוראַנאָווער ראַיאָן |
| ע. פערשלייסער | געקליבענע דערציילונגען |
| ה. אַקערמאַן | כ׳בין קיינמאָל נישט אַוועק פון דער היים |
| יחיאל האפער | אַ הויף אויף מוראַנאָוו (2 בענד) |
| אסתר לוריא | פרויען אין קאַצעטשאַפט — אַלבאָם |
| רחל פישמאַן | זון איבער אַלץ |
| נוסיאַ — איניאַ שיפּמאַן | „דאָס לעבן נאָך פאַר מיר״... |
| אירגון נכי המלחמה בנאצים | אַנטקעגן דעם נאַצישן שונא |
| אירגון יוצאי סטרי | ספר סטרי (יידיש־העברעיש־ענגליש) |
| ש. זאראמב | אויסדערוויילטע שריפטן |
| מ. ז. טקאַטש | מיין האָב און גאָב (לידער) |
| רחל קאָרן | פון יענער זייט ליד |
| איציק מאנגער | ליד, באַלאַדע, דערציילונג (יידיש־העברעיש) |
| ל. חיין־שמעוני | גאָנג |
| ק. מאָלאָדאָווסקי | לידער פון חורבן — ת״ש—תש״ה, אַנטאָלאָגיע |
| מ. י. שעליובסקי | אין יאָרן אָרום |
| י. שטיינבערג | חכמה פון יידישן קוואַל (אַפאָריזמען, מאמרי חז״ל און גלייכווערטער) |
| ל. פאַפּיערניקאָוו | די משפחה יעלניק |
| יהושע אַלקאָן | דראַמאַטישע ווערק |
| ל. קוסמאַן | דער לאָמפּ ברענט (לידער) |
| ה. יונג | העכער די וואָלקנס |
| נחמן מייזיל | צוריקבליק און פּערספּעקטיוון |
| ק. שבתאי | ווי שאָף צו דער שחיטה? |
| ל. כאַנוקאָוו | קריזיס |
| נ. ראפּפּ | אַ קרוג מיט וויין (לידער) |
| נ. דראזדאוו | אחד העם (ענגליש) |
| יעקב גלאטשטיין | מיט מיינע פאַרטאָגביכער |
| ישעיהו שפּיגל | די בריק (נאָוועלן) |
| מאָני לייב | לידער און באַלאַדן — יידיש־עברית |
| אפרים אויערבאַך | וואָך איז דער סטעפּ (לידער) |
| ב. עפּשטיין | דורך דעם גרינעם טויער |
| מ. פּולאַווער | געווען איז אַ געטאָ (לאָדזש) |
| יעקב פרידמאַן | נפילים (דראַמ. פּאָעמע) |

